והיה משתעשע אתו בדברי תורה ופלפלא דאורייתא שעות רבות. בשעת ההפסקה בשיחות הארוכות אלו כשהיה רואה אותנו היה אומר שאיננו מסוגל לעקוב אחרי דברי הרבי ולרדת לעומק מחשבתו יותר משעה אחת ולכל היותר שעתיים (באמרו זאת היה תופס את ראשו בשתי ידיו).

מספר שנים סירב הרבי זצ״ל לקבל עליו את ההנהגה בטענו שאיננו ראוי לכך וכאשר לא יכול היה לעמוד יותר כנגד לחצם של גדולי והמוני החסידות, התמסר לגמרי לעבודה חינוכית, חזר לבית מגורי אביו בראדזין באמרו, כי ישיבת כרכים קשה ויסד ישיבה גדולה בשם ״סוד ישרים״ שבה ריכז בחורים מצויינים, כ״כ יסד בהרבה ערים ישיבות קטנות בשם זה שמטרתם היתה לשמש כמכינה לישיבה הגדולה בראדזין.

גדולתו האמיתית נתגלתה בשלושת שנות חייו האחרונות. קשה לתפוס ולהשיג מדרגותיו וגדלותו מאז. כמלאך מושיע הסתובב בגיטאות ובמחנות שנקלע אליהם בדרך נדודיו, לא חשב בכלל על עצמו ועל משפחתו אלא אך ורק איך להושיט עזרה וסעד לאחרים ויחד עם זאת קרא לא להכנע לרוצחים ולא לשתף אתם פעולה אלא למרוד בהם בכל הדרכים.

להתנהגותו ולדבריו היה הד עצום בקרב כל היהדות, הם השאירו את רישומם על כל הסביבה, והכל אודותיו נשמע כמו ״אגדה חיה״.

תחנתו האחרונה של הרבי היתה בעיירה וולודבה, לא רחוק מראדזין וברצוני לסיים בסיפור ששמעתי בארץ מהחסיד ר׳ מרדכי רייכמן מחיפה שגם הוא זכה להמצא במחיצתו של רבנו הקדוש עד ליום הרצחו והוא מספר שבהכנסו באחד הערבים לבית שהרבי היה גר בו פגש ביהודי מוכר יוצא ומחזיק על ידו מעיל שהיה מעיל החורף היחידי של הרבי. כאשר נכנס אל הקודש פנימה, הרגיש הרבי במראה פניו את מה שהוא ראה לפני כן ואמר לו: ״מאטל, הנך תמה בודאי על שראית את מעילי בידי אחר, אולם להוי ידוע לך שאדם זה בא אלי וידעתי שאין פרוסת לחם בביתו, חיפשתי ולא מצאתי שום דבר לתת לו להחיות את את נפשו ואז נגשתי לארון הבגדים ומצאתי את המעיל שלי, הוצאתיו ונתתיו לו שימכרהו ויקנה לחם״.

כאשר שמעתי סיפור זה, נזכרתי את מה שמספרים על ה״יהודי הקדוש״ מפשיסכה שהיה מוסר כתנתו היחידה כאשר ראה יהודי שאין כתונת לעורו. פעם אחד ביום ששי מסויים, הרגיש רבו הקדוש, החוזה מלובלין נ״ע כי תלמידו הגדול לבוש בכתונת קרועה ולא נקיה, הוא הזמין אותו לחדרו, ניגש לארון הבגדים, הוציא מתוכו כתונת מכובסת ומגוהצת יפה ומסרה לתלמידו שילבשנה לכבוד שבת קודש. ה״יהודי״ לקח מידי רבו את הכתובת והלך לבית המרחץ לכבוד שב״ק. כאשר התחיל להתפשט, ראה לידו יהודי מתפשט וכתנתו קרועה ומלוכלכת מרוב

שימוש. ה"יהודי" חיכה עד ששכנו ירד לטבול, שם ליד בגדיו את הכתונת שנתן לו הרבי והסתלק.

תקופות שונות עברו על חסידות ראדזין, הנהגתו ודרכו עד התקופה האחרונה של השואה האיומה שירדה על בית ישראל והעלתה על המוקד ששה מיליוני קרבנות יהודים קדושים וטהורים ובתוכם רבנו הקדוש ר' שמואל שלמה זיע"א ואלפי חסידי ראדזין הי"ד. עד יומו האחרון לא נח ולא שקט רבנו הקדוש ותוך מסירות נפש בל תתואר אסף כסף ומזון וספק עזרה ותמיכה למען אפשר לעמוד במצבים הקשים, הקים חדרים, דאג לכל, הוא זעק לא להשלים עם האויב והטיף לצאת ליערות.

כאשר המצב החמיר. היה זה כחמשה ימים לפני הרצחו הי"ד, הכריז על צום לשלשה ימים, התפלל בבוקר תפילת שחרית עם מנין מצומצם וצוה להעמיד, בעת התפלה, את כ"ק אדמו"ר שליט"א מצדו אחד של החזן ואחד החסידים מצדו השני, כפי שנהוג בתפילת כל נדרי בליל יום כיפור. עם סיום התפילה סובבו קלגסי הנאצים ימ"ש את הבית, פרצו לתוכו ותפסו את רבנו הקדוש למעצר.

ביום החמישי למעצרו, היה זה ביום שבת ער"ח סיון שנת שב"ת, הובילוהו ליער וולודווה ושם ירו בו הי"ד, אולם לפני כן הספיק עוד להשמיע את דברי־ הק' לפני היהודים שהיו אתו באותו מעמד של קידוש השם: "יהודים, אַל תכנעו לרוצחים הללו שמע ישראל" ויצאה נשמתו הקדושה ב"אחד" זיע"א, והקיצו ורננו שוכני עפר בביאת הגו"צ בב"א.

***

משחר ילדותי הסתכלתי מקרוב אל אורח חייהם המיוחד של כל עדה חסידית בעיירתנו, עקבתי והשתדלתי ללמוד מידותיהם ומנהגיהם, דרכיהם וניגוניהם. עתה אני משתדל לספר אודותיהם במיטב האוביקטיביות ובעת שאני מספר עליהם והזכרונות מציפים אותי, אני מרגיש שוב את האור הרב שקרן מיופי החיים הללו, חיי אחווה ועזרה הדדית, התעלות רוחנית ועבודת אמת; עדות בני־עליה ובעלי מדרגות, שדבריהם ומעשיהם שימשו ועוד ישמשו חומר למחשבה ולעיון רב.



לייביש גלאמב

# רבנים



ון דור צו דור האָט מען אין גראבאוויץ געפּלעגט זיך איבערגעבן די נעמען און די גרויסקייט פון די, וואָס זענען געזעסן אויפן כסא הרבנות אין אונדזער שטעטל. ליידער איז נישט מעגלעך געווען דאָס אַלץ צונויפצונעמען און פאַראייביקן אין אונדזער יזכור־בוך. עס ליגט דעריבער אויף יעדן פון אונדז דער חוב צו פאַרצייכענען יעדן פּרט, וואָס ער געדענקט, יעדן נאָמען און יעדן פאַקט פון די גרויסע יידן, וואָס האָבן געלעבט און געווירקט אין אונדזער קהילה, וואָס איז אַזוי גרויזאַם פאַרשניטן געוואָרן.

## הרב ר׳ שלום יוסף

דעם ערשטן רב, וואָס איך געדענק, האָט מען גערופן דער יעזיפּאָווער רב. דאָס איז געווען הרב ר׳ שלום יוסף און איז וואַרשיינלעך געקומען פון יוזעפאָוו. ביי אונדז האָט ער געדאַוונט אין הוישאטינער שטיבל.

ער איז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער אוהב שלום און רודף שלום. דערביי איז ער געווען אַ גרויסער למדן. די לומדים און שאַרפע קעפּ אין שטעטל האָבן ליב געהאַט צו שמועסן מיט אים אין לערנען. ער האָט אויך געגעבן אַ שיעור פאַר יונגע בחורים. מען פלעגט זיך מיט אים שואל־עצה־זיין אין פאַרשידענע ענינים, סיי פּריוואַטע און סיי כלל־ענינים און תמיד האָט מען זיך גערעכנט מיט זיין דעה.

## דער געלער רב

עס האָט פון אים געאָטעמט מיט אהבת ישראל, ווייט געווען פון ערדישע ענינים, כל ימיו געזעסן על התורה ועל העבודה, געווען אַ גרויסער עניו און פלעגט איבערחזרן די גמרא אין סנהדרין, אַז דער רבונו של עולם האָט ספּעציעל באַשאַפן דעם מענטש צום לעצט פון אַלע אַנדערע באַשעפענישן, כדי ווען ער

ווען זיך נעמען גרויס־האַלטן, זאָל מען אים קענען זאָגן: אפילו אַ פליג איז באַשאַפן געוואָרן פריער.

ער האָט געלערנט און געדאַוונט אין קוזמיר שטיבל און זיין גאַנץ התנהגות איז געווען בדרך הפשטות.

## הרב אליעזר שור

בראש פון זיינע מעלות איז געווען די לומדות און התמדה. לערנען, האָט ער געהאַלטן, איז דער ערשטער כלל פון יידישקייט. כדי צו וויסן וועלכע מעשים צו טון, מוז מען לערנען. דער יידישער כלל, האָט ער געזאָגט, איז "וחי בהם" — האַלט לעבעדיק די תורה, זי זאָל זיך אויסווירקן אין אַלעם וואָס דו טוסט און טראַכסט. די תורה העלפט אונדז לעבן, לערנט אונדז ווי אַזוי אויסצומיידן אַ הפקר־באַציאונג צום לעבן, ווי אַזוי טייער צו האַלטן דאָס לעבן.

אין בעלזער שטיבל, ווו ער האָט געדאַוונט, האָט מען אים אַרויסגעוויזן גרויס כבוד. ביי אים אַליין איז נישט בלויז כבוד התורה, נאָך אויך כבוד הבריות געווען איינער פון די וויכטיקסטע עיקרים.

## הרב ר׳ אהרן יוסף שור

ר׳ אהרון יוסף האָט אויך געדאַוונט אין בעלזער שטיבל, נאָר אין די ימים־טובים האָט ער געדאַוונט אין בית־המדרש, ווו ער פלעגט אויך האַלטן די דרשה. דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען הערן זיין דרשה, וועלכע איז געווען צוגעגלעך פאַר אַלע, אפילו פאַרן פּראָסטן מענטש, אָבער נאָך מער פאַר די לומדים. בעיקר האָט ער אין זיין דרשה באַרירט דאָס וואָס מען דאַרף אין לעבן מקיים זיין, וויסן ווי אַזוי צו לעבן, אָבער די שאַרפע רעיונות האָבן פאַרשאַפט אויך תענוג.

"דאָס מענטשלעכע לעבן — האָט דער רב געזאָגט — איז אַ שטענדיקע מלחמה און די כוחות זענען נישט קיין גלייכע. די שלעכטע זענען כסדר וואך, בעת די גוטע ווילן אַמאָל כאַפּן אַ דרימל. דאַרף מען כסדר וועקן די גוטע כוחות, זיי האַלטן גרייט צום שטענדיקן געראַנגל, גובר צו זיין נסיונות".

## דער שוואַרצער רב

צוליבן אונטערשיידן פונעם געלן האָט מען אים גערופן דער שוואַרצער רב, אָבער נישט חלילה לגנאי, ווייל אפילו אין דער שאַרפסטער מחלוקת האָט מען דאָך פאַר אים געהאַט דרך־ארץ. באַזונדערס האָבן פון אים געהאַלטן די בעלזער חסידים. ער האָט טאַקע געדאַוונט און געלערנט אין בעלזער שטיבל.

## שוחטים

די שוחטים אין גראַבאָוויץ זענען אַלע געווען איידעלע און חסידישע יידן, געזעסן על התורה ועל העבודה, פאַרנומען אַ בכבודיקן פלאַץ אין די שטיבלעך און צווישן די חסידים, צו וועלכע זיי האָבן אָנגעהערט.

ר׳ שמחה שוחט איז געווען אַ הוישיאַטינער חסיד. אין זיין שחיטות איז ער געווען אויסערגעוויינלעך נזהר.

ר׳ לייבוש שוחט איז געווען אַ בעלזער חסיד. אין דער פרייער צייט איז ער געזעסן איבער דער גמרא אָדער מדרש רבה. אַ נוח לבריות, קיינעם נישט געטשעפּעט און יעדן דן געווען לכף זכות.

ר׳ מעכל שוחט איז געווען אַ קוזמיר חסיד, אַ גרויסער בן־תורה און שטרענג־פרום.

ר׳ שלמה פייל, אַ ראַדזינער חסיד, אַ מענטש וואָס האָט פּאַראייניקט אין זיך גרויס ערלעכקייט און אהבת ישראל.

ר׳ יעקב ערליך, אַ בעלזער חסיד. אַ האַרציקער ייד און אוהב ישראל, אומגעקומען אין דער שואה.

## חזנים

דאָס מיינט נישט חזנים אין דעם זין פון שטאַרקע און אויסגעשולטע שטימען, נאָר פּשוטע און גוטע בעלי תפילה, מיט איינגעבוירענעם מוזיקאַלישן טאַלאַנט און גרויס פאַרשטענדעניש פאַר די כוונות פון יעדן באַזונדערן ניגון.

אַזעלכע זענען געווען: דער ווייסער איטשע, זיין נאָמען איז געווען ר׳ יצחק שוואַרצנבערג, ר׳ משה זינגער, וועלכע זענען אויך געווען שטאָטישע חזנים; אלקנה קאהן, ר׳ דוד וואַלד, ר׳ אברהם ראַפּאַפּאָרט, ר׳ ברוך הענדל דער מלמד ר׳ יידל שעוויס.

די קונסט פון זייער דאַווענען פאַרן עמוד איז באַשטאַנען אין דער מתיקות, וואָס איז אַריינגעדרונגען טיף אין דער נשמה פון די מתפללים. געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס זענען געווען גרויסע קפדנים אין נגינה.

## גדולי התורה

ר׳ נטע פינק איז געווען אַ גדול בתורה וביראת שמים. אויף די עלטערע יאָרן האָט ער לגמרי פאַרלאָזט דאָס געשעפט און זיין פרוי האָט עס איבער־גענומען, כדי דער מאַן זאָל רואיק זיצן און לערנען. ער איז געווען אַ בקי נישט בלויז אין ש״ס ופוסקים, נאָר אויך אין חכמת הנסתר, געלערנט זוהר, קבלה און געווען אַ בעל־מדרגה מיט הויכע השגות.

ר׳ נחום יוסף גלאָמב איז אין די יונגע יאָרן געווען אַ שניט־סוחר. אָבער די פרייע צייט האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט לערנען, איז געווען באַליבט צווישן די חסידים. אויך ער האָט קומענדיק אויף די עלטערע יאָרן אָוועק־געזעצט זיך גאַנצע טעג אין הווישיאַטינער שטיבל און געלערנט, האָט זיך דער־וואָרבן אַ סך בקיאות אין ים־התלמוד. בעת זיין לערנען האָט אויף אים ממש גערוט די שכינה — אַזוי געלויכטן האָט זיין אויסגעאיידלט פּנים.

ר׳ שלום ווײַנריב איז געווען אַ גרויסער בן־תורה און אַ בעל־צדקה. ער האָט געהאַט די מיל אין גראַבאָוויץ. די יידן אין שטעטל האָבן אים אַרויסגעוויזן דרך־ארץ און ליבשאַפט. ער האָט געהאַט אַן אָפענע האַנט פאַר טון אַ גמילות חסד, אַ מכניס אורח. אַז עס האָט אין שטיבל זיך באַוויזן אַן אָרעמאַן האָט ר׳ שלום נישט געוואַרט ביז יענער איז צו אים צוגעקומען, נאָר איז אים אַקעגנגעלאָפן און האָט אים אַריינגעשטעקט די נדבה אין האַנט.

ר׳ יהושע פּייוולס איז געווען שלום ווײַנריבס שווער. אין די יונגע יאָרן געהאַט אַן אָלעיאַרניע, פון די אָנגעזעענע תושבים אין גראַבאָוויץ, געהאַט פּרנסה בריווח און געגעבן אַ סך צדקה.

ר׳ קלמן דוד ליכט, אַ שותף פון שלום ווײַנריב צו דער מיל, אַ חריף מיט אַ גוטער און שנעלער תפיסה און דערביי אויך אַ פּעאיקער סוחר. ״קמח״ און ״תורה״ זענען געגאַנגען געפּאָרט אונטער איין דאַך.

ר׳ שלמה האָסטיק, אַ פייערדיקער קאָפּ און אַ בקי אין ש״ס, איז געווען באַליבט אין די חסידישע קרייזן, פלעגט פאַר יעדן געפונען אַ גוט וואָרט, אַ טרייסט.



ר׳ אביגדור־מאיר דער מצבה־קריי־צער, אַ תלמיד־חכם און אַ ירא־שמים. ער האָט געלערנט תנ״ך, ש״ס, פּוסקים, עין־יעקב, מדרשים, זוהר, תיקונים און אַנדערע מוסר־ספרים; תמיד געריסן זיך צו גרויס פּשטות אין השגות פון דער תורה און עבודת השם. ער האָט פאַרמאָגט אַ קינסטלערישע נשמה און ביים קריצן די מצבות, פלעגט ער זיין אַריינגעטון אין פאַרוויקלטע און טיפע קבלה־כוונות. אין זיין אַרבעט האָט ער אויך געזען עבודת השם.

# החינוך היהודי

# יידישער חינוך

נישט גרינג איז אויפצובלעטערן פונסניי דאָס לעבן פון אונדזער סאַמע אָנהויב, מיט צענדליקער יאָרן צוריק. נישט אַלץ געדענקט זיך און נישט אַלץ ווילט זיך געדענקען, אָבער עס ווילט זיך שטאַרק, אַז אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן קענען זייער אָפּשטאַם און יחוס, די היים פון זייערע עלטערן און אורעלטערן, אין שטעטל, ווו טאַטע־מאַמע, זיידעס און באָבעס האָבן געלעבט און די גאַנצע משפחה איז געווען פאַרבונדן צוזאַמען, געפירט אַ שיין יידיש לעבן, געקלאַמערט זיך אין גרויסע יידישע טראַדיציעס, אין געמיינזאַמען שטייגער און קולטור, מנהגים און לשון; דורות גאַנצע פון לעבעדיקער זאַפטיקער און וואַקסנדיקער יידישקייט.

אַזעלכע זענען געווען אונדזערע יידישע היימען אין גראַבאָוויץ. אונדזער ליב יידיש שטעטל, מיט אַ שיין יידיש לעבן. יידישע מאַמעס האָבן געצערטלט זייערע קינדער און די טאַטעס האָבן שווער געהאָרעוועט אויף אַ שטיקל ברויט. אַ סך צענדליקער יאָרן זענען שוין אַוועק, אָבער אין יעדער שווערער סיטואַציע, אין וועלכער מיר זאָלן זיך נישט געפינען, אין יעדן פלאַנטער, וואָס עס טרעפט אין אונדזער לעבן, דאַרפן מיר ווענדן אונדזער בליק צו דער פאַרגאַנגענהייט, צום אַמאָליקן יידישן לעבן אין שטעטל און דערפון זיך לערנען און ציען יניקה פאַר ווייטערדיק יידיש לעבן. זאָלן אויך די ווייטערדיקע דורות וויסן, אַז פונעם נעכטן אין אונדזער געבורט־שטעטל קענען מיר זיך לערנען פאַר אונדזער היינט און פאַר אונדזער מאָרגן, פאַר דער צוקונפט פון אונדזער יידישן און מענטשלעכן קיום.

עס איז קיינמאָל נישט צו שפּעט איינצוזאַמלען אַלץ, וואָס מיר האָבן צו דערציילן פון פאַרשניטענעם יידישן לעבן אין אונדזער היים, כדי די קומענדיקע דורות זאָלן קומען שעפּן פונעם קוואַל, אַ קוואַל פון הויכער יידישער מאָראַל, פון שיינע מענטשלעכע מידות, פון אמונה.

אַ צענטער פון יידיש לעבן אין אונדזער שטעטל איז געווען דאָס בית המדרש, ווו אַלע פאָליצעס זענען געווען פול מיט ספרים. דאָ האָבן די יידן מתפלל געווען דריי מאָל אין טאָג און אינצווישנצייט, האָבן דאָ די שטעטלדיקע יידן געלערנט גמרא, משניות, "שולחן ערוך" און "חיי אדם". מען האָט געלערנט פאַרטאָגס, צווישן טאָג און נאַכט און אויך ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

בחורים און יונגעלייט פלעגן דאָ לערנען ש"ס און פוסקים פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט. געווען אויך משמר־נעכט, ווען מען האָט פון די אויגן דעם שלאָף

אַרויסגעטריבן און מיט אָנגעצונדענער וואַכקייט פּאַרטיפט זיך אין דער גמרא, געגנישטערט צווישן די שורות און געשוווּמען אין ים התלמוד. דער ציל איז געווען לערנען תורה לשמה, דערהאַבערן בקיאות און פאַרטיפן זיך אין לערנען. דאָס לערנען גופא איז כּאַר אונדז געווען אַ ציל אין לעבן. ביי אונדזערע טאַטעס און זיידעס איז דער גאַנצער זין פון לעבן געווען אין לערנען, די גרעסטע מצווה — ותלמוד תורה כנגד כולם, וויכטיקער פון אַלע מצוות צוזאַמען.

כ׳געדענק ווי מען פלעגט דערציילן וועגן גרויסע צדיקים, וואָס האָבן נישט געוואָלט שטאַרבן, זענען זיי געזעסן און געלערנט, ווייל כל־זמן אַ מענטש האַלט אין לערנען, קען דער מלאך המוות אויף אים קיין שליטה ניט האָבן... דאָס נעמט זיך פונעם מדרש, וואָס דערציילט וועגן דוד המלך, וואָס האָט נישט געוואָלט שטאַרבן און דערפאַר געזעסן און געלערנט, האָט דער שטן ספּעציעל געמוזט מאַכן אַ שטאַרקן ווינט, דוד המלך זאָל זיך דערשרעקן און איבערייסן דאָס לערנען, כדי דער מלאך המוות זאָל אין דער צייט קענען דורכפירן זיין שליחות... לערנען און לעבן איז דאָס זעלביקע, נישט מען דאַרף לערנען, כדי צו קענען גוט לעבן, פאַרקערט, דאָס לעבן איז געגעבן געוואָרן, כדי צו לערנען.

פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס אין דעם קליינעם יידישן שטעטל גראַבאָוויץ האָבן מיר איבערגענומען די גרויסע זאָרג פאַר דער נשמה, דעם געדאַנק, אַז בסך־הכל איז דאָך דאָס גאַנצע לעבן נישט מער ווי אַ פּרוזדור, וווּ מען דאַרף זיך צוגרייטן אַריינצוקומען אינעם אמתן טרקלין. ״קיין גאָלד עסט דאָך קיינער נישט און קיין שטיינער אויך נישט — פלעגט מיין טאַטע זאָגן — דער עיקר איז לעתיד לבוא, דער יום שכולו טוב״. דאָס מיינט עולם הבא... זאָל יעדער פאַרשטיין פאַר זיך דעם באַגריף עולם הבא ווי ער וויל און ווי ער קען, בעיקר אָבער, וואָס עס האָבן געהיטן די יידן אין גראַבאָוויץ אין אַלע דורות, אַז נישט די נשמה דאַרף דינען דעם גוף, נאָר פאַרקערט, דער גוף דאַרף באַדינען דער נשמה, זי זאָל נישט אָפּשטאַרבן סתם אַזוי צוזאַמען מיטן גוף, נאָר זאָל בלייבן איינ־געבונדן, מיטבאַהעפט מיטן צרור החיים.

דערפאַר איז ביי יידן אין גראַבאָוויץ געווען פרעמד דער טערמין ענדיקן לערנען, קריגן אַ דיפּלאָם. וואָס הייסט עס עפּעס ענדיקן לערנען? וואָס מער מען האָט געלערנט, אַלץ מער האָט מען געקענט מחדש זיין חידושים, אַריינטייטשן אַלץ נייע און נייע באַגריפן. אַוודאי האָט מען געמאַכט אַ יום־טוב ווען מען האָט געענדיקט אַ מסיכתא, אָבער דער עיקר פון סיום איז דער ״הדרן״, אַ צוזאָג זיך אומצוקערן, קיינמאָל נישט ענדיקן. פלעגן ווינטשן זיך מענטשן, מען זאָל זוכה זיין מגדל צו זיין די קינדער לתורה, לחופה און למעשים טובים. דער

גרעסטער נחת פון די יידישע עלטערן אין גראַבאָוויץ איז געווען צו האָבן קינדער עוסקים בתורה. בחורים און עלטערע יידן האָבן פשוט אַ הנאה געהאַט פון לערנען, און אַז זיי פלעגן זיך צונויפקומען אויף אַ שמחה, אויף אַ "קידוש" אויף אַ חתונה, אַ ברית וכדומה, פלעגט מען זיך מכבד זיין מיט אַ שטיקל תורה, מיט אַ דרוש אויף דער סדרה פון דער וואָך, מיט אַ מימרא, מיט אַ פשטל.

טאַטעס פון דערוואַקסענע טעכטער פלעגן שליסן שידוכים און פלעגן זוכן אַ בחור אַ צאַצקע, וואָס זאָל פאַרהילכן די שטוב מיטן קול התורה. יידן לומדים פלעגן זיך אָפּרייסן פון אַלע געשעפטן און לויפן אַריינכאַפּן אַ דף גמרא אָדער חוק. פשוטע יידן פלעגן לויפן הערן אַ דרשה, כדי נאָך דעם צו האָבן פון וואָס צו "לעקן די פינגער".

אויך קליינע חדר יינגלעך מיט שאַרפע קעפּלעך פלעגן זיך פאַרמעסטן צווישן זיך מיט אַ תוספות, צי מיט אַ שטיקל פשוטע גמרא.

איז תורה אין גראַבאָוויץ געווען טאַקע די בעסטע סחורה פאַר אַלע יידן און אַלע מאַמעס פלעגן וויגנדיק די קינדער זיך ווונטשן, אַז "יאַנקעלע וועט לערנען תורה, ספרים וועט ער שרייבן / און אַ גוטער פרומער ייד וועט ער בלייבן". ווי אָרעם מען איז נישט געווען האָט מען געצאָלט שכר לימוד דעם מלמד און עס איז נישט געווען קיין איין יינגל אין גראַבאָוויץ, וואָס זאָל נישט האָבן געלערנט אין אַ חדר און די מלמדים, כאָטש זיי האָבן זעלטן געהאַט פּרנסה ברווח, זענען אין שטעטל געווען אָנגעזען און חשוב.

## די וועלכע האָבן אונדז געלערנט זיין יידן און מענטשן

איך פיל זיך נישט בכוח אַרומצורעדן אַלע חדרים און אַלע מלמדים, וואָס האָבן געלערנט מיט יידישע קינדער אין גראַבאָוויץ. דאָס איז אַ גאַלעריע פון געשטאַלטן און טיפּן, וואָס האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ וויכטיקן טייל פון יידישן לעבן אין שטעטל. איך וויל נאָר אין קורצע ווערטער דערציילן וועגן די חדרים און מלמדים, ביי וועלכע איך האָב געלערנט פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן. די דאָזיקע חדרים זענען געווען מיינע אוניווערסיטעטן, אין וועלכע איך האָב געלערנט פאַרשטיין די ערשטע כללים פון יידישקייט און מענטשלעכקייט.

זאָלן מיינע געציילטע ווערטער זיין אַ מצבה פאַר די, וואָס האָבן די ערשטע איינגעפלאַנצט אין מיר דעם דרך־ארץ פאַרן יידישן גייסט, פאַרן געדרוקטן און געשריבענעם וואָרט, פאַר די הויכע מידות און גרויסע אידעאַלן פון דער תורה, פון די נביאים און חכמי־התלמוד. וואָס עלטער איך בין געוואָרן, אַלץ בעסער האָב איך פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט דעם גרויסן ווערט פונעם לערנען, פון דער דערציאונג, וואָס מיר האָבן באַקומען אינעם חדר, ישיבה און בית המדרש.

## ר׳ בערל מלמד

ווי אַ ווייטער חלום איז מיר פֿאַרבליבן אין זכרון יענער ערשטער טאָג, ווען מען האָט מיך געפֿירט אין חדר אַריין. מיין טאַטע האָט געהאַלטן פֿון דער שיטה אין דער גמרא, אַז אַ ייִנגל דאַרף אָנהייבן צו לערנען ווען ער ווערט אַלט דריי יאָר. אַזוי איז בכלל געווען אָנגענומען אין גראַבאָוויץ. דערצו האָט מיין טאַטע געהאַלטן פֿונעם כּלל: "וספיה לי׳ כתורא" — שטאָפּ אים אָן מיט תּורה ווי אַן אָקס.

מיין טאַטע האָט מיך אָוועקגעפֿירט אין חדר אַריין. נישט אָוועקגעפֿירט, נאָר אַוועקגעטראָגן, ער האָט מיך אַיינגעוויקלט אין זיין גרויסן, שוין נישט נייעם וואָלענעם טלית, וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיט ריח פֿון בית המדרש, גענומען אין זיינע אָרעמס און איילנדיק אַוועקגעטראָגן אין חדר אַריין, צו ר׳ בערל מלמד דאָס חדר האָט זיך געפֿונען נישט ווייט פֿונעם בית המדרש, עטלעכע געסלעך פֿון אונדזער שטוב. דער טאַטע איז געגאַנגען שנעל. ער האָט געוואָלט מקיים זיין די מצווה פֿון פֿירן זיין קינד אין חדר אַריין בזריזות.

ביי ר׳ בערל מלמד האָבן געלערנט אַן ערך זעכציק קינדער. ער איז געזעסן אויבנאָן פֿון אַ לאַנגן טיש און געקנעלט מיט די קינדער. ביי אונדזער אַריינקומען האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט, איז צוגעגאַנגען צו מיר. דעם ערשטן "ברוך הבא", וואָס איך האָב פֿון אים באַקומען איז געווען מיט די ווערטער: "ביי מיר, לייבישל, וועסטו קיין יחסן נישט זיין. זעץ זיך אַוועק און לערן זיין אַ ייד".

## דער ניגון פֿון אלף־בית

דאָס האָט ער בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל פֿון אַ שטרענגן און בייזן. אין דער אמתן איז ער געווען אַ האַרציקער ייד. ער האָט אונדז חלילה, נישט געשלאָגן. איצט, נאָך אַזויפֿיל יאָרן, שטייט ער מיר נאָך פֿאַר די אויגן און עס ווייזט זיך מיר אויס, אַז ער איז אַליין אויך געווען עפּעס ווי אַ קליין ייִנגל, פֿאַר־קליידט און פֿאַרשטעלט פֿאַר אַ זקן.

די קינדער האָבן פֿאַר אים געהאַט גרויס דרך־ארץ. ער האָט מיך אַוועקגעזעצט ביי זיין לינקער האַנט, אויסגעשפּרייט פֿאַר מיר אַן אָנגעקלעפּטן אלף־בית אויף אַ טעקטורענעם טאָוול און מיט דער רעכטער האַנט גענומען טייטלען:

"אלף, זאָג אלף. בית, זאָג בית".

איך האָב אים נאָכגעזאָגט.

פּלוצים האָבן זיך גענומען שיטן צוקערלעך איבער מיין קאָפּ.

"דאָס וואַרפֿט דיר דער מלאך, כּדי דו זאָלסט גוט לערנען" — האָב איך דערהערט פֿון ר׳ בערלען און האָב פֿאַריסן מיין קאָפּ צום באַלקן, געזוכט דאָרט

דעם מלאך, געזוכט דעם שפּאַלט אין באַלקן, פֿון וואַנען די צוקערלעך זענען געפֿאַלן. פֿאַרשטייט זיך, אַז איך האָב נישט געפֿונען, נישט דעם מלאך נישט דעם שפּאַלט אין באַלקן.

דאָס לערנען אלף־בית און שפּעטער "עברי" איז נישט געפֿאַלן שווער אויפֿן קליינוואַרג, האָט נישט פֿאַרשאַפֿט קיין יסורים. איך האָב זיך גיך אויסגעלערנט עברי און האָב שוין געקענט אַליין דאַווענען.

דער מלמד איז געווען פֿון מיר צופֿרידן און איך געדענק ווי ער האָט געקוקט אויף מיר מיט ליבשאַפֿט און האָט דערביי נחתדיק געגלעט זיך זיין גרווילעך בערדל. ביי אים האָב איך איינגעזאַפּט אין זיך דעם ניגון פֿון אַלף־בית און עברי, באַקומען דעם יסוד פֿאַרן ווייטערדיקן לערנען.

ר׳ בערל איז געווען אַ גוטער מלמד. פֿאַרגעסט נישט, אַז זיינע תּלמידים זענען געווען פֿון דריי ביז פֿינף און זעקס יאָר און נישט אַלע קינדער איז גרינג געווען אויסצולערנען דעם טראַף, די עברי. ער האָט אונדז אויסגעלערנט לייענען, אויסגעלערנט ברכות, וואָס אַ ייד איז מחוייב צו מאַכן איבער פֿאַרשידענע מאכלים, זאַכן און געשעענישן; אויסגעלערנט לייענען קריאת־שמע אויף דער נאַכט איידער מען גייט שלאָפֿן, אויסגעלערנט דאַווענען, פֿון סידורל און פֿון אויסנווייניק און בכלל מדריך געווען אונדז אין די ערשטע און וויכטיקסטע כּללים פֿון יידישקייט. ער האָט זיין קנעלן גענומען זייער ערנסט. די יינגלעך זענען געווען זיין ערשטע און גרעסטע אחריות און איז זיכער געווען, אַז דערמיט וואָס ער האָלט זיי לענגער אין חדר, טוט ער זיי די גרעסטע טובה.

## ר׳ משה מלמד

דערנאָך האָט מיך מיין טאַטע אַריינגעגעבן צו אַ צווייטן רבין. דאָס איז געווען ר׳ משה מלמד. אַזוי האָט מען אים גערופֿן, ווייל זעלטן וואָר עס האָט געוווסט זיין פֿאַמיליע־נאָמען. אין זכרון איז מיר געבליבן זיין געשטאַלט, אַ הויכער און שמאָלער, מיט אַ לאַנגער באָרד און לאַנגער קאַפּאָטע. זיין חדר האָט ער געהאַט ביי זיך אין שטוב, נאָענט צום טייך, די לעצטע דירה ביים וואַסער. ער איז געווען אַ כעסן און מען פֿלעגט נישט איין מאָל פֿילן זיין שטאַרקע האַנט. דאָס האָט אונדז אָבער נישט אָפּגעהאַלטן פֿון איבערקערן דאָס חדר און אָפּטון כּל מיני שטיקלעך. נישט איינער האָט באַקומען געשלאָגן. די טאַטעס האָבן עס געוווסט און גאַנץ אָפֿט האָט עס זיי אַ הנאה געטון דעם מלמדס שטרענגקייט. זיי זאָלן וואַרן מענטשן... נישט איין מאָל האָב איך געהערט פֿון מיין טאַטן און פֿון אַנדערע טאַטעס איבערחזרן דעם פּסוק פֿון משלי: "חושך שבטו שונא

בנו״. ווען אַזאַ טאַטע האָט זיך ביי אים נאָכגעפרעגט ווי עס פירט זיך אויף זיין זון, האָט ער באַקומען דעם ענטפער:

״נישקשה ביי מיר וועט ער שוין זיין אַ לייט...״

ביי ר׳ משה מלמד איז פונקט ווי ביי ר׳ בערלען געווען אַ באַהעלפער, וואָס פלעגט ברענגען צו פירן די קינדער אין חדר אַריין, די קלענערע האָט ער געטראָגן אויף זיינע אַקסלען. ער האָט אויך אָפּגעפירט די קינדער אַהיים. דער באַהעלפער האָט אים אויך געהאָלפן לערנען די תלמידים.

ר׳ משה פלעגט זיך צוזעצן צום נייעם תלמיד, נעמען זיין הילצערנעם טייטל, וואָס איז געווען פאַרשניצט אין אַ שאַרפן שפיץ, מיט וועלכן ער האָט געטייטלט אויף דער רש״י, וואָס ער האָט געפרווווט אַריינהאַקן אין קינדערישן קעפל. האָט וועד פון די יינגלעך נישט באַנומען אַזוי שנעל דעם מיין פון רש״ס פירוש אויפן חומש, האָט עס ר׳ משהן כּאַרשאַפּט צער. פונקט אַזוי איז ער אַריינגעפאַלן אין כעס ווען ער האָט באַמערקט ווי עמיץ פון זיינע תלמידים האָט זיך נישט צוגעהערט צו זיין לערנען, איז געווען פאַרטראַכט אין אַנדערע וועלטן, אָדער גאָר פאַרשפילט מיט עפּעס אַ צוגעטראַכטן שפּיל.

## ר׳ שלמה־יאַנקל גמרא־מלמד

נאָך אַ צוויי יאָר לערנען ביי ר׳ משהן האָט מיך דער טאַטע אָפּגעגעבן צו ר׳ שלמה יאַנקל, אַ גמרא מלמד. שיינט מיר, אַז ער איז געווען יינגער פון מיינע פריערדיקע מלמדים, מיט אַ שמאָלער, שאטענער באָרד, וואָס האָט אַרומגענומען זיין מאָגער פּנים, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגעקוקט אַ פּאָר ברענענדיקע אויגן. ער האָט מיט אונדז אָנגעהויבן קנעלן דעם ״שנים אוחזין בטלית״. ער האָט פונעם גאַנצן האַרצן געוואָלט פון אונדז מאַכן מענטשן, געוואָלט מיר זאָלן קענען גוט לערנען.

מיר האָבן ביי אים געלערנט פון פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. ער איז געווען איינער פון די מלמדים, וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ גוטן מסביר, האָט געקענט געבן צו פאַרשטיין אַ שווערע סוגיא. זייענדיק ווייט פון פּניות האָט ער נישט געמאַכט קיין אויסנאַם צווישן איין תלמיד און דעם אַנדערן. אגב, האָבן אונדזערע טאַטעס ווי געהעריק אָפּגעשאַצט זיין אַרבעט, צו וועלכער ער האָט זיך באַצויגן ווי צו אַן עבודה און מען האָט אים געצאָלט אַ העכערן שכר לימוד ווי אַן אַנדערן.

דאָס האָט אים אָבער נישט געשטערט, ער זאָל זיך פאַרנעמען אויך מיט אַנדערע אַרבעטן, ווי למשל דאָס האַנדלען מיט „שמורה מצות״, מיט דעם האָט ער זיך פאַרנומען עטלעכע חדשים אין יאָר. ער איז אַליין געגאַנגען אויפן פעלד

כדי צו זיין אָנווענדיק ביים אָראָפּנעמען די תבואה און נאָכדעם אַליין זי געפּירט צו דער מיל און אָפּגעהיטן דאָס מעל ביז די פאַר־פּסח־טעג, ווען מען האָט אָנגעהויבן באַקן די מצות און אַלע פּראָצעסן זענען געווען אונטער זיין שטרענגער השגחה. זיינע מצות האָבן געקויפט די פּרומסטע יידן אין שטעטל, וויסנדיק, אַז מען קען זיך אויף אים פאַרלאָזן.

## ר׳ שלום מעזגי

שפּעטער האָב איך געלערנט ביי ר׳ שלום מעזגי. ביזן היינטיקן טאָג קלינגט מיר נאָך אין די אויערן זיין קול און דער גמרא־ניגון, וואָס האָט אַזוי ווונדערלעך ווייך געמאַכט דאָס האַרץ. ווען איך בין געוואָרן בר־מצווה האָט ר׳ שלום מיר צוגעהאָלפן צוגרייטן דאָס פּשטל פון דער דרשה, וואָס איך האָב געדאַרפט האַלטן אויף דער סעודה. איך געדענק, ווי דאָס פּנים האָט ביי אים געגליט, ווען ער האָט דערמאָנט דעם מאמר חז״ל, אַז יעדן טאָג זיצט הקדוש ברוך הוא אויפן כסא המשפט און ווען ער זעט, אַז די וועלט איז כולו חייב, שטעלט ער זיך אויף פונעם כסא־הדין און זעצט זיך אַוועק אויפן כסא־הרחמים, און ער האָט צוגעגעבן, ווען די וועלט וואָלט זיך נוהג געווען נאָר מיט מידת הדין, וואָלט זי נישט געהאַט קיין קיום אפילו איין טאָג.

אַ סך יאָרן זענען פאַרביי זינט ר׳ שלום מלמד האָט מיט מיר געלערנט ווי גרויס עס איז די מידה פון רחמנות און אויף אַלע מיינע וועגן האָבן מיך באַגלייט זיינע ווערטער און די התלהבות, מיט וועלכער ער האָט זיי געזאָגט.

ביזן היינטיקן טאָג קלינגען מיר אין די אויערן זיינע הייסע רייד:

„דעת, רחמים און תפארת זענען די מדרגות, אויף וועלכער דער מענטש איז עולה צו די העכסטע הייכן. דעת מיינט לימוד התורה אָן זייטיקע פּניות; רחמים נישט באַוועלן קיין שום מענטש, שאַנעווען דעם אַנדערנס כבוד, פאַרמעגן און געזונט און ברענגען ממשותדיקע הילף יעדן נויטבאַדערפטיקן; תפארת הייסט אויסזען תפארתדיק, איינפירן ריינקייט, סדר, שיינקייט אין לבוש און אין לעבן, נישט רעדן קיין דברים בטלים, נישט מאַכן קיין פּוסטע געשרייען, נישט קריגן זיך“.

פון די פריסטע קינדער־יאָרן האָבן מיר דערפילט די גרויסקייט פון רחמים. מיר האָבן זיך כמעט יעדע וואָך אויסגעלערנט נייע מידות, וואָס גיבן צו שיינקייט און קדושה דעם מענטשלעכן לעבן.

## השפעה אויף אונדזערע כאַראַקטערס און מידות

געווען אויך אַנדערע מלמדים, שוין פאַר מער דערוואַקסענע לערן־בחורים. דאָס זענען געווען די שוחטים: ר׳ שמחה, ר׳ לייבוש, ר׳ שלמה און ר׳ מעכל.

זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט לומדות, מיט חריפות און חכמה. מיר האָבן געקוקט אויף זיי מיט גרויס דרך־ארץ, געזען אין זיי די פאַרקערפּערונג פון "בור סיד שאינו מאַבד טיפּה". זיי האָבן פאַר זייערע תּלמידים געעפנט טיר און טויער פאַר גמרה און מדרש, אַמאָל אויך פאַר זוהר, וואָס איז פאַר אונדז געווען אַ צעבליטער גרויסער גאָרטן פון וויסן און קענטעניש און האָט אויך געהאַט אַ השפּעה אויף אונדזערע כאַראַקטערס און מידות.

די מלמדים האָבן געלערנט זייערע תּלמידים אויך די אידעען פון חסידות און איבערגעגעבן די גרויסקייט פון רבישע געשטאַלטן. נישט אַלץ, וואָס זיי האָבן זיך באַמיט אויפצוקלערן פאַר זייערע תּלמידים, איז עס די יינגלעך אין יענע יאָרן געלונגען תּופס צו זיין, אָבער אין יאָרן אַרום, ווען מיר האָבן שוין געלערנט זעלבשטענדיק, איז דאָס אונדז צונוץ געקומען, מיר האָבן אַלץ מער און מער נאָכגעטראַכט און באַנומען די טיפקייט פון יענע רעיונות, וואָס זענען געבליבן אין געמיט, אין די טיפענישן פון דער נשמה.

נישט איין מאָל קומט מיר אויס צו דערמאָנען זיך יענע גוטע בחורישע יאָרן, בעת איך האָב אַליין געלערנט טאָג־און נאַכט, געטון אין חסידות, אין זוהר, וואָס איז ביי מיר באַליבט צו לערנען ביזן היינטיקן טאָג. דאָס דערמאָנט מיך אין יענעם זיסן טעם, ווען אין אַלע אברים האָט עס געזונגען פון זיסקייט און פון וואַרעמען בטחון. דאָס האָט געגעבן אַ ציל צוליב וואָס צו לעבן.

אין משך פון די שפּעטערדיקע יאָרן האָט זיך אין מיר כסדר דערוועקט דער חשק צום לערנען, איבערחזרן פונסניי יענע טייערע יינגלישע טעג און נעכט ביי דער גמרא, מיט די תּוספות און פּילפּולים. נישט אַלעמאָל איז מיר גרינג אָנגעקומען, אָבער שטענדיק האָב איך זיך באַמיט, און טו עס ביזן היינטיקן טאָג, אָפּצורייסן שעהן פון דער פאַרנומענקייט ביים האַנדל און אַוועקזעצן זיך ביי דער גמרא, פאַרזיכטיק דורכגיין אַ דף נאָך אַ דף, צעקייען אַ האַרבע סוגיא, וואָס איך האָב שטענדיק ליב געהאַט, קלאָר צו מאַכן, פונאַנדערפלאָנטערן זיך אין די קושיות און בעיות, ווי מען פלאָנטערט פונאנדער אַ גרויסן געדיכטן קנויל און אַלץ ווערט אַזוי פשוט און קלאָר.

ביזן היינטיקן טאָג קומט מיר אויס צו ווערן איבערראַשט פון זיך אַליין ביים איבערצייגן זיך וויפל איך געדענק נאָך פון די בחורישע יאָרן, וואָס איך האָב געלערנט אין בית המדרש, אין חסידים־שטיבל. אמת, עס טרעפט, אַז ביי אַ שווערער סוגיא בלייב איך שטיין ביי אַ האַרבע קשיא און קען זיך נישט רירן פון אָרט, כאָטש שטופּ און שטופּ — עס גייט נישט. דאַן איז גענוג אונטער־צוברומען זיך דעם ניגון, מיט וועלכן איך האָב געלערנט אין הווישאטינער שטיבל אין גראבאָוויץ און דער האַרבער ענין ווערט מיר אַלץ קלאָרער און קלאָרער,

פשוט און פאַרשטענדלעך און עס נעמט גיין זיך אַזוי גלאַטיק, אַזוי לייכט, ווי אויף אַ געפלאַסטערטן וועג.

מיטן דאַזיקן ניגון האָט אויך געלערנט מיין טאַטע מיט גרויס דבקות.

חוץ גמרא האָב איך געלערנט פאַר זיך אַליין אויך מדרשים, חסידישע ספרים, געכאַפּט אַ בליק אין אַ קבלה־ספר, באַזונדערס אין זוהר. דאָס האָט מיך געלערנט הסתכלות אין זיך, ביטול היש און התפשטות הגשמיות.

מיר ווייזט זיך אויס, אַז ביי די חסידישע בחורים אין גראַבאָוויץ איז דאָס לערנען און דאַווענען געווען באַגלייט מיט אַ מין געבוירענעם גלות־השכינה־טרויער, מיט אַ געפיל פון אחריות פאַר אַלעם דעם, וואָס איז אויף דער וועלט נישט כשורה, וואָס איז אַן "ענין לענות בו", ווי יעדער פון אונדז וואָלט מחויב געווען צו העלפן אָרעמע, געדריקטע, צו זעטיקן הונגעריקע, מחזיר־למוטב צו־זיין זינדיקע און צו לערנען פאַרשטאַנד די בלאָנדזשענדיקע.

אַזויפיל יאָרן זענען אַריבער זינט יענער צייט. דער שרעקלעכער שונא האָט פאַרטיליקט אונדזער יידיש גראַבאָוויץ, צוזאַמען מיט אירע חדרים, מלמדים און תלמידים. איך האָב זיי, מיינע מלמדים, קיינמאָל נישט פאַרגעסן. זיי זענען געווען די, וואָס האָבן אונדז געלערנט נישט בלויז עברי, חומש און גמרא, נאָר אויך איינגעפלאַנצט אין אונדז שיינע יידישע מידות, הויכע מאָראַל, אהבת ישראל און אהבת הבריות.

* *
*

ווען איך אָבסערוויר די היינטיקע קינדער און יוגנטלעכע אין די שולן, טוט מיר באַנג, פאַרוואָס זיי זענען נישט זוכה, נישט זיי און נישט זייערע לערער, צו אַט יענעם אופן פון לערנען אין אונדזער שטעטל. אָרעמע קינדער, ווי רייך זייערע עלטערן זאָלן נישט זיין, דאָך אָרעמע, ווייל זיי מאַכן זייערע לעקציעס ווי פון צוואַנג, הערן לעקציעס, וואָס זאָגן גאָרנישט דער נשמה. און די לערער? זיי זענען אויך אַזוי אַנדערש פון יענע מלמדים אין גראַבאָוויץ. מען קומט אין שול, ווייל מען מוז. מען זיצט און מען לערנט, מען חזרט איבער, מען קייט אַלץ דאָס אַלטע און מען קוקט אויפן זייגער, ווען וועט מען שוין פטור ווערן פון דער נודנעקייט. נישט זיי און נישט זייערע תלמידים ווייסן דעם טעם פון אַ סברא... מיר האָבן פאַרוואָרפן אונדזערע דרכים פון לערנען און מיר האָבן גאָר אַ סך פאַרלוירן.

כ'פרעג זיך אָפטמאָל: פאַרוואָס איז היינט אַנדערש די באַציאונג פון לערער צום לערנען? פאַרוואָס איז אין אונדזער שטעטל געווען אַזאַ אָפטע התמדה און אין דער מאָדערנער שול אַזאַ אָפטע פוילקייט?

דער ענטפער דערויף וועט פאַרנעמען צופיל אָרט און איך וויל נאָר בקיצור

זאָגן, אַז עס ווירקט די באַציאונג פון דער סביבה. ווען אַלע אַרום לערנען, אַלט און יונג, אַז דאָס בית המדרש איז געדיכט באַזעצט, נעמט גאָר אַן אַנדערער חשק אויך די תלמידים, אָבער אַז אַלץ אַרום לערנט נישט, אַז קיינער נעמט נישט קיין ספר אין דער האַנט אַריין, אַז דער גאַנצער אינטערעס פון די גרויסע איז אין שפּיל און פאַרווײַלונג, טאָ, ווי זאָלן די קינדער זײַן אַנדערש? פאַר מיר איז קלאָר, אַז אַזאַ מדרגה פון תורה־לערנען ווי עס איז געווען אין מײַנע יאָרן אין גראַבאָוויץ, איז אַ רעזולטאַט פון לאַנג־דויערנדיק פּראָצעס, ביז עס איז געקומען צום באַוווסטזײַן ווי גרויס עס איז די ווערט פון תורה־לערנען, תורה לשמה.

שמואל היטער

# חדרים און מלמדים


ראַבאָוויץ, אַ שטעטל צווישן דריי גרעסערע שטעט: הרוביעשאָוו, זאַמאָשטש און כעלם. אין שכנות מיט די צוויי קלענערע שטעטלעך אוכאַן און וואָיסלאָוויץ, האָט זיך אונטערשיידט מיט איר אַקטיוויטעט אויפן קולטור־געזעלשאַפטלעכן געביט. עס איז ביי אונדז געווען אין יידישן לעבן אַן עפּאָכע פון יוגנט־באַוועגונג. דער גרעסטער פּראָצענט יוגנט איז געווען אָרגאַניזירט אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

פון וואַנען האָבן די יוגנטלעכע אין גראַבאָוויץ געשעפּט זייער גייסטיקע ינוקה, חלוצישע און סאָציאַליסטישע אַספּיראַציעס?

דאָ דאַרפן מיר אָנהייבן פון בראשית. די יידן אין גראַבאָוויץ האָבן געלעבט אין אַן אַטמאָספער פון גאַנצער יידישקייט, פולבלוטיקע יידישע היימען מיט יידישן לעבנסשטייגער, מיט יידישן אינהאַלט. עס זענען געווען ביי אונדז פיר חדרים, אין וועלכע דאָס קינד האָט געקריגן זיין ערשטע יידישע דערציאונג. אין מיין צייט איז נאָך אין גראַבאָוויץ נישט געווען קיין שול און הונדערטער יידישע

קינדער, וואָס האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט די צוקונפטיקע יוגנט, האָבן זיך ערצויגן אין די דאָזיקע חדרים.

## ר׳ משה מלמד

אין שטעטל האָט מען אים גערופן מאנקע. אין זיין חדר האָבן די יידישע קינדער פון גראַבאָוויץ געשטעלט זייערע ערשטע טריט, געלערנט דעם אלף־בית און עברי. ביי אים האָט מען געלערנט אַן ערך צוויי־דריי יאָר. ער איז געווען אַ שטילער, פרומער ייד, פון וועלכן מען האָט קיינמאָל קיין הויך וואָרט נישט געהערט, אָבער אין חדר האָט ער איבער זיינע תלמידים געהערשט שטרענג און דאָס קליינוואַרג פלעגט ציטערן פאַר זיינס אַ וואָרט.

## ר׳ שלום מלמד

נאָכן ענדיקן דאָס חדר ביי ר׳ משה מלמד איז מען אַריבער צו ר׳ שלום מלמד, וועלכן מען האָט אין שטעטל גערופן שולים מעזגי. ער האָט שוין געלערנט מיט גרעסערע קינדער, חומש און גמרא. גאַנצע דורות גראבאָוויצער יידן זענען דורכגעגאַנגען זיין חדר, געווען אין גראַבאָוויץ יידן, וואָס האָבן געפירט זייערע זין אין חדר אַריין, אינעם זעלבן חדר, ווו זיי אַליין האָבן אַמאָל געלערנט.

## ר׳ שלמה אסתר־שיינדלס

ביי שלמה אסתר־שיינדלס אין חדר האָט מען געלערנט חומש און גמרא. עס ווילט זיך אַזויפיל דערציילן וועגן דער פרוי, וואָס איז געבליבן ביי אונדז אַלע אין זכרון. איך בין זיכער, אַז יעדער גראבאָוויצער געדענקט זי.

## ר׳ שמואל אלטערס

ביי ר׳ שמואל אלטערס אין חדר איז געווען די לעצטע פאַזע, נאָך וועלכער אַ סך קינדער האָבן שוין אויפגעהערט צו לערנען. ביי אים האָט מען געלערנט גמרא מיט תוספות. ער איז געווען באַקאַנט מיט זיין רואיקער פאָטערלעכער באַציאונג צו זיינע תלמידים.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נאָכן ענדיקן דאָס חדר אויך ווייטער געלערנט אין בית המדרש אָדער אין די חסידים־שטיבלעך.

די, וועלכע האָבן רעזיגנירט פון ווייטערדיקן לערנען, זענען אַוועק לערנען זיך אַ פאַך.

געווען אין אונדזער שטעטל שניידערס, שוסטערס, שטעפּערס, היטלמאַכערס און קליינהענדלער.

## שבתים און ימים־טובים

ווען איך דערמאָן זיך נאָר אין אונדזער געבורט־שטעטל שטייען מיר פאַר די אויגן די שבתים און יום־טובים, ווען גראַבאָוויץ האָט זיך אויסגעטאָן פון וואָכעדיקייט און געוואָרן אינגאַנצן שבת־יום־טובדיק.

אַ חנעוודיקע רו האָט זיך דאַן פאַרשפּרייט איבערן מאַרק און איבער די געסלעך און זיך געצויגן אַוועק איבער די פעלדער צו די נאָענטע וועלדער, ווו די יוגנט האָט אויף איר שטייגער געפּייערט די שבתדיקע מנוחה.

אַזוי האָט עס אויך אויסגעזען ווען עס זענען געקומען די ימים־טובים. צענ־דליקער יוגנטלעכע, וואָס האָבן געאַרבעט אָדער געלערנט אין דער פרעמד, פלעגן אַהיימקומען און מיטברענגען פרייד, לעבעדיקייט אין שטעטל.

אין גראַבאָוויץ זענען די שבתים און יום־טובים שטענדיק געפּייערט געוואָרן מיט פיל פּראַכט אויפן אַלטן טראַדיציאָנעל־רעליגיעזן אופן. דאָס בית המדרש און די שטיבלעך פלעגן שטענדיק זיין איבערפולט אין יום־טוב און די חזנים משה זינגער און דער ווייסער איציק האָבן געזונגען געשמאַקע חזנישע שטיקלעך און מיט זייערע האַרציקע תפילות האָבן זיי צוגעצויגן יונג און אַלט.

## קולטור־געזעלשאפטלעך לעבן

גראַבאָוויץ איז געווען אַרומגערינגלט מיט גרויסע וועלדער און בערג. דער שלאָס־באַרג איז געווען דאָס ראָמאַנטישסטע ווינקל און געצויגן צו זיך פאַרליבטע פּאָרלעך. געווען אויך צוויי טייכן, דאָס וועלוויץ טייכל, ווו מען פלעגט זיך באָדן אין די זומערדיקע טעג. דאָס שעדלצער טייכל, ביי וועלכן מען האָט געכאַפּט פיש אויף שבת און אויך געמאָלן מעל.

געווען אויך אַ רייך קולטור־געזעלשאַפטלעך לעבן. עס האָבן געפירט אַ טעטיקייט ציוניסטישע און קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. עס האָט זיך געשאַפן ביי אונדז אַ דראַמקרייז, וואָס פלעגט אויפטרעטן עטלעכע מאָל אין יאָר מיט פאָרשטעלונגען.

דער קולטור־פאַראיין, וועלכער איז געווען אומפּאַרטייאיש, האָט געהאַט אַ ביבליאָטעק מיט אַ רייכן ביכער־אויסוואַל. אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן פלעגן דאָרט פאָרקומען קעסטל־אָוונטן, אַ לעבעדיקע צייטונג, פּאָליטישע דיסקוסיעס. מען פלעגט אויך איינאָרדענען טאַנץ־אָוונטן, אויספלוגן און צונויפטרעפן מיט דער יוגנט פון אוכאַן און פון וואָיסלאָוויץ.

אַ לעבהאַפטיקע טעטיקייט האָט געפירט ביי אונדז דער ״החלוץ״, פון וואַנען יוגנט איז געפאָרן אויף הכשרה, געאַרבעט אויפן פעלד און געגרייט זיך עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל.

מרדכי פינק

# ימים ראשונים



טעי הזכרונות שאני מעלה כאן על הנייר, מתייחסים לתקופה די רחוקה ושונה לגמרי מתקופתנו. הם מתייחסים ל"ימים ההם", שבהם חייתי בגרבוביץ, שנות נעורים וחלומות כז, שנות ילדות תמימה ולב חם וחברות אין קץ. ידפדפו בספר זכרון זה הבנים והנכדים שלנו, יראו וישמעו את סיפורי הסבים בעודם נערים, כאשר טולטלו טלטלה עזה בסערת מלחמת העולם הראשונה, ואח"כ, עם הכיבוש הגרמני, כאשר באה ההתעוררות ושפע הכוחות שהיו כבולים בימי שלטון הצאר הלכו והשתחררו, צצו אגודות ומפלגות, מאווי הפרט הצטברו למאווי החברה, צמח נוער מאורגן, בוער הווי חברתי מגבש תמרורי דרך, מאבק בלתי פוסק ובלתי נשבע בין הפרט והחברה, כשבסוף ניצחה התנועה, זו שלך ושלו, זו ואחרת, שרק מסגרות חיצוניות נדמות להפריד ביניהן.

כשהייתי ילד ראיתי בכל יהודי עטור־זקן ופיאות את המופת של האישיות המושלמת. טבעי הדבר שהתרשמתי מאוד מארשת של יראת־שמים ודבקות בשעת התפילה ותכונות דומות ששימשו לי כסימן ללומדות וקדושה. ומה גדולה היתה אכזבתי כשהתברר לי שכל ידיעותיו של היהודי הזה מצטמצמות רק בתפילות של כל ימות השנה וזאת בלי לדעת פירושן. כעבור זמן נרגעתי מההלם שעבר עלי ויכולתי להבחין בין יהודי אדוק ללמדן מופלג, ולמדתי שכל פעולה אפשר להלבישה באיצטלה של תורה, אבל כדי שתהיה ראויה באמת לכתר התורה, צריכה היא להיות נקיה מכל פגם ונגיעה אישית, וזה לא הוריד מרחשי־לבי ליהודים הפשוטים, לאלה שלא הקדישו את כל חייהם ללימוד התורה, אולם נשאו באמונה בעול העבודה לשם מחייתם ומעשיהם לא הרחיקו הרבה ממעגל הפרנסה. פרנסה ברווחה — זו היתה הדרגה שרק שכבה מצומצמת הגיעה אליה. פרנסות קלות לא היו מצויות שם כל עיקר, כי בעמלם הביאו אנשים את לחמם, אולם העניות והדחק לא העבירו אותם על דעתם. בזיעת אפיהם אכלו לחמם, ולא רק הלמדן, כי אם גם היהודי הפשוט בעיירתנו מילא את מסתרי נפשו בערכי רוח יהודיים.

בחיי הילד היהודי בעיירה עברו שלושה ימים חשובים: א) היום בו הוכנס

בבריתו של אברהם אבינו וברכו עליו: כשם שנכנס לברית כן יכנס לתורה, לחופה ולמעשים טובים; ב) בשנתו השלישית־הרביעית, היום בו עוטפים אותו בטלית ומביאים אותו למלמד־דרדקי במעמד ההורים והקרובים ביותר והחדר כולו, כלומר הילדים שחולקו להם דברים טובים, מציפים בברכות חמות. ובעיקר, שיגלה רצון ללמוד. הילד נשאר בחדר, אבא־אמא, כשדמעות גיל וחרדה מלוות אותם — חוזרים; ג) בשנתו החמישית בערך לחייו, היום בו מתחיל ב"חומש". משפחות רבות נהגו לעשות פומביות עם מוזמנים רבים וטכס מקובל כשהרבי מתחיל בדו־שיח עם הילד.

בן שלוש הייתי כשהובאתי אל משה המלמד, כמקובל, עטוף בטלית. אחר טכס קצר משופע ברכות צורפתי לעשרות הילדים שב"חדר". ר' משה, יהודי עטור זקן ופיאות ארוכים, נעזר ע"י שני "בעלפערס" (עוזרים). בחורף או סתם יום גשום ה"עוזרים" אוספים את הילדים כל אחד נושא על גבו 2—3 ילדים, מכניסים אותם לתוך חדר גדול, לאורך הקירות ספסלים נמוכים, עליהם מושיבים אותם.

ב"חדר" זה שהיתי יותר מהשיעור המקובל מפאת חולשתי־הכרונית. אזכיר גם שידיעתי "עברי" (איוורי) וקריאה בסידור־התפילה, היתה בהחלט מספקת בכדי לעבור ל"מלמד" הבא, ר' מוינקה. גם בחדר זה שהיתי זמן ממושך יותר. כאן התחלתי ב"חומש" וגם לשיעורים הראשונים ב"גמרא" הגעתי.

ר' מוינקה נמוך קומה היה, כפוף מעט, הבגד העליון (ז'יפיצה) נוגעת ברצפה. זקן קטן ודליל, צהוב כהה, כצבע הטבקה (טבק־ריחה), שהיה משתמש בו שמוש־מוגבר. עיניו גדולות ומעורפלות, ראיה נמוכה ביותר. כשעיין בספר או התפלל מתוך הסידור, ראשו היה שקוע וצמוד לדפים. ואומנם נשארו עקבות. כאורך השורות כך התפתל צבע הטביקה ביניהן — וראו זה פלא, היהודי הזה התפלל כשמונים שנה והמשיך להשתמש בתדירות בסדור־תפילה עבה ובלה מיושן, שבודאי מאוד מאוד הכביד עליו מחמת ראייתו הלקויה. לעומת זאת היה לו הכושר לזכור ולשמור במוחו הצר את ה"יאָרצייטן" של כל העיירה, כי כל ה"הלויות" היו עוברות דרך בית־מגוריו, שעמד בקו ישר עם בית־המדרש והשטיבלך. כשהתקרבה "הלויה" הצטרף למלוים, צעד כמה פסיעות וכבדרך אגב שאל את שכנו בין המלוים "מי הוא המת?" ומתי הוציא את נשמתו, וכך נכנס עוד פרט קטן לתוך ראשו, וכל מי שיום ה"יאָרצייט" מוטל בספק שואל את ר' מוינקה והוא יושב, ראשו נשען על שתי ידיו, ממצמץ במקצת את עיניו, ושפשוף קל במצחו, והא לך את השעה, היום, השנה, יהיה מרחק הזמן ככל שיהיה.

כאמור, אצל ר' מוינקה התחלתי ב"חומש" וגם ב"גמרא". לפי המסורת המקובלת עלינו מתחילים בפרשה הראשונה של הספר "ויקרא". על שום מה? הרי עניינו של ספר זה הוא: קרבנות, טומאה־וטהרה, דיני עריות וכיו"ב. ילד

בן 5—6, איזה ענין הוא מוצא בנושאים כגון אלו. ומי חכם וידע להסביר הסבר שיתקבל על דעתו של ילד בגיל כה נמוך? אדגים זאת במעשה שהיה: אצל מלמד אחר היינו קבוצת ילדים בגיל 8—9—10. כאשר הגענו לספר "ויקרא" והענינים בו הרי נשארו סתומים כמו שהיו, קם אחד מאתנו הגדול והחריף־מוח מבינינו ובסודי סודות שידל שני ילדים תמימים לשאול שתי קושיות להרבי בשעת השיעור. הוא ניסח את הקושיות והם צריכים היו לשאול בנפרד. לבסוף הנערים התבלבלו, הראשון שאל שאלתו של השני, והאחרון עזר לו במקצת, כי השש פן הרבי לא יבין אותו כהלכה. הרבי דוקא הבין וגם תפס מיד מי העומד מאחורי זה. הרבי מאוד התרגז, רצה לסטור לפרובוקטור זה, הלה קפץ את החלון וברח. הרבי תבע מהוריו להוציאו מ"החדר" כי אחרת הוא יעביר את הילדים על דעתם.

המלמד הזה היחיד בין המלמדים הרבים, הכניס לתוך "חדרו" למודי־חול. לימד אותנו קרוא וכתוב יידיש. כיוון אותנו בעיקר לדעת לכתוב מכתב, ובהצלחה. היה מאוד גאה ובצדק. היתה גם תועלת מידית. הימים ימי מלחמה, אנשים נותקו מקרוביהם־משפחותיהם שמעבר לגבולות ולעתים תכופות מופיעה אשה ב"חדר" בבקשה לתת לה נער לזמן מה לשם כתיבת מכתב בשמה לקרובי משפחה, על־פי־רוב בקשתה מתמלאת. הרבי בוחר את הטוב שבינינו. בחרדת־מה מתלווה אליו מעט, לשם שינון של הרגע האחרון.

## שמואל אלתרס

הוא היה גדול המלמדים בעיירה. אצלו למדנו גמרא, תוספת עם כל המפרשים. אף פעם לא היה בוחן את תלמידיו החדשים. הוא רק שם לב להפרשי גיל. היות שהמלמד הזה היה בעל הדרגה הגבוהה ביותר יצאו ממנו כאלה שהמשיכו ללמוד ב"שטיבלך" למיניהם או נסעו לאחת הישיבות הגדולות. אלה שהיו פחות מוכשרים הפסיקו את לימודיהם ונכנסו תחת עול הפרנסה, עזרו להוריהם.

## חובשי בית המדרש

מלבד בחירי המלמדים בעלי ייחוד כלשהו, מאלה שהזכרנום ושלא הזכרנום כאן, היו הרגלי־הלימוד ומסורת־הלמידה כפי שהיו, והם היו נמשכים ללא שינוי ושיפור, ומקום חשוב תפס בית־המדרש. שיטת הלימוד היתה בה אחרת, שונה מזו שהיתה ידועה לנו בחדר, לימוד של עיון, של "עקירת הרים" לאלה ולאלה קסם אף ניגון הלימוד, וקלטנו אותו על כל ה"וריאציות" שבו, על כל ה"קמטים" וההדגשות שבו. הלימוד נעשה מעצמו עד מהרה מעין רקע להבעה מתנגנת, מין

לימוד־של־הזדמרות, של "גמרא גמור זמירתא תהא" במובנו החיובי ביותר של ניב תלמודי זה.

רק מעט מהרבה נאמר בזה, רק חלק מצער שנשאר בזכרון, שנחקק בלב, שניתן עוד להעלות על הנייר, שהרי מדובר כאן רק בפרק זמן קצר באופן יחסי. חלק חשוב מהדברים שהעליתי, התרחשו לפני שבעים שנה, ולהלכה יש לשייך אותם לתקופה קדומה יותר, כי ר׳ מוינקה מהמאה התשע־עשרה קיבל את חינוכו מהמאה השמונה־עשרה. העיירה המשיכה להתקיים באותה המתכונת, עשויה מעגלים מעגלים בתוך מעגל גדול יותר, שקיפל בתוכו חיי דורות, ספוגים אמונות ודעות. עולמם של יהודי גרבוביץ היה מצומצם. היו כאלה שאף פעם לא יצאו את תחום העיירה. לגביהם העולם היה בסדר גודל מזינדל מוטיאליס עד לייביש קארי, שהיה בזמני הבית האחרון בדרך לסדליסק. אף־על־פי־כן התנהלו בעיירה חיים ציבוריים, ומסתבר כי הפעילות הציונית בגרבוביץ תפסה מקום חשוב בפעולה הציונית בפולין, ובכלל היתה גרבוביץ ידועה כעיירה שלזרמים הציוניים השונים השפעה ניכרת בה.

## דור לדור ימסרנו

העיירה בטרם כפור נראתה כשוקעת בתוך איזה תשפוכת־בוץ. מיקומה בשטח נמוך, האדמה ביצתית. במרכז העיירה וברחובות הצדדיים נמתחה מידרכה (קלאַטקעס) מלוחות עץ. הבעלי־עגלות, עם עגלותיהם וסוסיהם לשם טעינה ופריקה, הוסיפו לוחות בצדדים בשיפוע וקיבלה צורת גשר. אולם בימי הגשמים המרובים, האדמה היתה לבצק תופח ותופח ועולה על הגשר. ואז כל דריכה עליו היא בבחינת דריכה דרוכה. המדובר בעיקר בערבי־סתו, חושך מצרים. אנשים מסתדרים בשורה עורפית, נסחבים אחר הראשון בשורה, וקורה שדוקא הוא נטת מעט הצידה והופ, המנהיג שלנו שוקע עמוק בבוץ. לבסוף, בתחבולות בלתי שיגרתיות הצליחו להוציאו, עזרו לו להגיע הביתה.

בעודנו עוסקים ב"מעבר" הזה אולי כדאי להתעכב ולו באפס־קצהו של אחת מההתרחשויות הלא כל כך נדירות, אולם קשורה לענין. ובכן לזכור ולהזכיר את הבעלי־עגלות של עיירתנו שהם כידוע עם מיוחד במינו בכל הדורות ובכל הזמנים. בימים ההם רק דרכם, כלומר, הם על רכבם, קיימו קשר בין העיירה והסביבה. את הקו לחאלם החזיק יענקיניו "דער גרויסער קאַפּ". היתה לו אורווה גדולה סמוך לבית מגוריו סוסים ורכב. הוא בעצמו לא היה נוסע, היו לו עגלונים. מן המפורסמים שבהם: שמחה קיסר (אח"כ — חתנו), מנדי פאַק וכו׳, הם הם המטפלים בכל האינוונטר החי והדומם. כל החברה היו סמוכים על שולחנו והוא דאג לכל מחסורם. וגם הגריזיניקס באותו הקו אנשים ישרים והגונים, עובדים

קשה ומסתפקים במועט. הקוים זאַמאָשטש—הרובישוב תפסו ה"סטראָקיס", כולם גבוהי־קומה, מוצקים וחסונים. ישרי לב ונוחים לבריות. יום יום טלטלו את עצמם בדרך לא דרך באותם הקוים. סוסיהם הגדולים והחזקים והנכנעים לבעליהם עשו כמיטב יכולתם, ואף למעלה מזה, להביא את כל הכבודה בשלום הביתה. אולם בהיתקלם במכשול רציני, שיחין ובורות, באו לעזרתם בעליהם ה"סטראָקיס" ובכתפיהם החזקות חילצום עד למכשול הבא. וממכשול למכשול באנו ב"ה הביתה אם כי בשעות המאוחרות של הלילה ויש להזדרז לפרוק בין החנויות את הברזל, הארגזים, השקים וכיו"ב. ולהכשיר את העגלות והסוסים לדרך בעוד מספר שעות. והנה ה"גשרון", עליו דובר כבר. גם הוא מכשול. בתחילה חשבו לעבור אותו בכוחות עצמם, אולם ככל שהתעקשו, הגלגלים הקדמיים התחפרו יותר עמוק מתחת לגשר. ובעודם מתלבטים בחיפוש־דרך להחלץ מן הצרה הזאת ולפתע מופיעים החברה, התאספו על ה"פאָטשיני" של ברוך מלמד, עומדים במעגל, פניהם לעגלה, ואוזניהם כרויות לנותני ההוראות האחרונות, הלא הם יענקיניו ושמחה קיסר. מתפזרים, נכנסים ישר לתוך הבוץ, מקיפים את העגלה, כל אחד לפי הבנתו מוצא את המקום המתאים. רגליהם נתבצרו ומחכים בשקט לאות כמה חברה עם שוטים בידיהם משני צידי הסוסים. שמחה קיסר לוקח את המושכות בידיו כמה הצלפות באויר, וכולם יחד בשאגה אדירה: וויאָ... וויאָ... יחד... יחד... והנה העגלה מתנתקת, מתרוממת, הסוסים יוצאים מכיליהם ובתנופה רבה אחת ושתיים והעגלה ע"י משאבת המים.

אכן היה זה מפגן של כוח, אולם העוצמה הרבה היתה כנראה קצת יותר על המידה. מכיוון שגם ה"גישרון" נגרף אחרי העגלה ולכך בודאי שלא התכוונו. הלא קשה לתאר מצב כאשר העיירה נשארת חצויה באופן פתאומי בימי סתיו. אין דבר — יש יסוד להאמין שברגע האחרון יתגלו כמה בחורים שלא נרתעים לפני מכשולים ומוכנים להתמודד עם כל אתגר. ובזה לא תמו עוד המעשים.

כי יהודי גרבוביץ, עם כל ההבדלים שנתגלו בקרבם, הבדל הבדל לשורשיו ולסיבותיו, לגילומיו ולצורותיו, היה להם ובהם אינטגראל מוצק — מתוך שראו את עצמם יורשי הקניינים ההיסטוריים של העם, ידעו לא בלבד לקיימם, אלא אף לאששם ולהעמיקם במופלג, לגלות אותה גבורה מתמדת לכלכל חיים, שכל פנייה שהיו פונים היתה כחוליה עזה בשרשרת של ערכים מוסריים שהוחזקו להם במעלת־המוחלטות, כשם שהזקנים והאבות ראו בהם אורח־חיים, כך גם הבנים והנכדים, שעלו על דרך החול והחידוש, ראו תעודתם ברוחו של העם היהודי ודרכו המיוחדת בתולדות האדם.



# בית הורי


עיני רוחי אני חוזה ומקשיב לדו־שיח, בגיני, ההולך ומתלקח כלשונם: ״זע נאַר, זע, וואָס ס׳קען ווערן פון אַזאַ לייטישן בחור! וואָס איז ער אַזוי גרויס געוואָרן, אַ גאַנצער יאַ־טיע־בי־דאַם, וואָס איז, ווייל ער קען האַלטן אַ פעדער אין האַנט? לאָז מיך האַלטן אַפּעני אין דער האַנט, וואָלט איך איבערגעדרייט וועלטן״.

אחרים אמרו: ״כ׳פאַרשטיי שוין גאָר נישט דעם רבונו־של־עולם... ווי אַזוי האָט ער איינגעטיילט די וועלט. איינעם האָט ער געגעבן אַ קאָפּ, האָט ער אים פּאַרגעסן אַריינצולייגן אַ פעדער אין האַנט. אַן אַנדערן, וואָס האָט אינגאַנצן קיין קאָפּ נישט, אים דוקא האָט ער געגעבן אַ פעדער אין האַנט. נו? דו פאַרשטייסט עפּעס אַזאַ אַרבעט?

כן אנחנו חייבים להם, ולוּ רק מפני האמת המרה שאין עם־מי לדבר, אבל יש ויש על־מי לדבר. וזוהי בעצם המגמה של הוצאת הספר הזה, ורבים אחרים מסוגו. להרבות לדבר עליהם.

להלן, הנני מביא כתבה על בית־הורי. האירועים, ההתרחשויות, כפי שהם באים לידי ביטוי, מקופלים במסגרת של הזמן, שאורכו כ־5—6 שנים בערך. כמחציתן לפני המלחמה (הראשונה) ומחציתן אחרי הכיבוש לאמור: בשנות־חיי בין 10—15 ובגיל הורי בין 30—36 בערך.

הבית שלנו עמד במרכז העיירה (אין מיטן מאַרק) בית־חם במובנה הרחב של המילה. בימי חורף, כשהחנוונים, המסתובבים בשוק, (מיין פרנסה? כ׳דריי זיך אין מאַרק) וכל מי ומי העובר את הבית, נמשך להציץ פנימה. את החדר הגדול חצה קיר המשמש דופן של התנור שהוסק מהצד החדר של המטבח. הקיר רחב־מידות, אטום וחלק, שופע חום על כל הבית, באחת מפינותיו שקוע מיחם המכיל 200 כוס מים רותחים, ופועל מהשכם בבוקר עד השעות המאוחרות של הלילה. וסידור מיוחד, שם עומדים קוביות־סוכר, תמצית־טה וכוסות. וכל מי שרוצה בכך (ומי לא?) מוזג לו כוס (אַ גלעזל וואַרעמס), מחמם לו את הנשמה ויוצא לעסקיו.

זכורים לי ימים קשים שעברו עלינו בימי־מחסור חמור בסוכר. התלבטנו קשות סביב הענין הזה (אַ גלעזל טיי פאַר די האַלב־פאַרפרוירענע יידן איז גאָר נישט קיין קלייניקייט). הגיע עד לידי כך שהחלטנו להפסיק בזה (זמנית, כמובן) ודחינו לעוד יום יומיים, וזה חזר מספר פעמים עד שבסופו לא היה יום אחד שחסר היה בו המצרך החיוני הזה: כוס תה־חם. ההורים ראו בכך נצחון מזהיר. ״פשוט מן השמים רחמו עלינו״ — סיפרו על כך, וחזרו וסיפרו בכל ההזדמנות עד אנה עלולים היינו להגיע. אכן חלה כעין הפוגת־מה מהמתיחות. הבית שוב הומה מאדם.

כאילו הולכים ומתקרבים הימים הנורמליים. רק אנחנו הילדים, כאז כן עתה, לא מצאנו את מקומנו בבית הזה. ההורים טרם "התפנו" לתת את הדעת על כך.

בימים ההם לא היה מוסד כל שהוא בעיירתנו לשם תמיכה בעניי־עמך על צורותיה השונות.

אולם היתה קבוצת נשים בעלות כשרון להסתכלות פנימית. ולב מבין. גמלה בהן ההכרה שיש לעמוד לימין אדם בדחקו, בצערו. או כשאדם מגיע למצב קריטי ללא מוצא וכיו"ב.

צרה כי תבוא על משפחה, וכלו כל הקיצין, פונה לאחת הנשים הקרובה לליבה. ואם המשימה כברה מדי, או מפני הדחיפות שבדבר. היא מעבירה את הענין "למרכז", היינו: הולכת לשניה ושתיהן לשלישית וכו׳ עד שנשארות תקועות איפוא־שהוא במטבח המארחת, תוך כדי הכנת הארוחה, מקיימת הישיבה" (שלא מן המנין — כאילו) בעמידה צפופה. מתקבלת החלטת־בזק. מתחלקות עם התפקידים, מתפזרות, כאשר לכל אחת יעד מוגדר ובתפילה חרישית להצליח ויהי מה. לכבוש מחדש את ליבן של נדיבי־לב ועושות חסד למיניהן. הכול עשוי במסירות ובאהבה, ברחמים ובסתר ככל האפשר.

אמי גיטל חנה דבורה׳ס היתה אחת הפעילות בחוג הזה. במטבח שלנו "נתבשלו" ענינים רבי־מתח, הבית כולו היה מושפע ממידת הרצינות שבנושא עליו דנו לעתים. למרות שנעלם מהם כל פרט שהוא. מספיק היה לראות "בצוותא" את הידועות בציבור. כמו: אמי, חיה חיים־לייבס, אסתר שיעליס, ברכה גיטשעס (הצעירה ביותר, השאירה את החנות ובאה בריצה) ואמה של יוסל גולדפאַרב ועוד אי־אלו. יחד עומדות צפופות ומתרחשות, ונעלמות חיש מהר כשמתקנות את עצמן תוך כדי הליכה־חפוזה לטשטש את התרגשותן הרבה.

והיה זה ניחוש נכון לכל עובר־ושוב בראותו "עסקנות" בצורה נחפזת ומבוהלת כסימן שלא מבשר טובות.

מלבד זאת אמי היתה מקובלת כ"מבינה" במחלות ילדים. (אף־על־פי שלילדיה היא, לא הביאה תשועה. הסתלקו בעודם תינוקות, פעוטים, ששה במספר. וכמספר הזה נשארו עד לשואה. עם השואה נוסף להורים, הלכה הבת הצעירה עם משפחתה, והבן הצעיר, שמחה).

ובכן ילד כי חלה, בעיקר כשהשמיע מתוך השינה "אַקריי", המשפחה נזדעזעה, ידעו מתוך הנסיונות המרים שזאת היא אזעקה חמורה לסכנה האורבת. לא בנקל הולכים להעיר את גיטל באישון־לילה־חורפי כי על כן היתה ידועה כאשה חלשה, חולנית במחלות קשות: לב, ריאות ומיחושים אחרים. ההיסוסים גרמו לאובדן זמן יקר. אמי היתה מודעת על כך, ועשתה מעל ומעבר לפזר כל שמץ של חשש — תרעומת מצדה, אדרבא, היתה מסבירה: "הצלת חיי ילד, אין למעלה מזה". לכן

בעלותו ארצה הציע קליינמינץ את שלמה שטרסברג כממלא מקומו. שטרסברג גם כן בן־וויסלוביצה וגמר את ה״תחכמוני״ בורשה. בעבודתו החינוכית בגרבוביץ הצדיק את התקוות שתלינו בו. הוא עשה הרבה לקיים ולקדם את החינוך העברי בעיירה, לקרב את התלמידים למסלול הקנינים והערכים של הדת היהודית.

שלמה שטרסברג־אופיר הוכיח עצמו כמורה ומחנך דגול גם בארץ והוא כיום מנהל בי״ס תיכון בפתח־תקוה, מסור בלב ונפש לעבודתו החינוכית.

כמורים בבי״ס ״יבנה״ תרמו הרבה גם זילברמן מטומשוב וליכטז׳־נרי, כיום מזכיר עירית נתניה. שניהם מילאו באמונה את שליחותם ביצירת גשר וקשר בין ילדי גרבוביץ לבין עמם ומולדתם בפעולת־חנוך מתאימה ככל האפשר במסגרת הצרה שניתנה להם.

על הפעולה הברוכה של בית־הספר אפשר ללמוד גם ממספר התלמידים שהלך וגדל. פעמים אחדות נאלצנו בגלל זה להעביר את בית הספר מדירה לדירה. בתקופה הראשונה בית הספר היה בביתו של דוד בוים.

עסקני התנועה השקיעו את רוב מרצם בהחזקת בית הספר. דאגה רבה הקדשנו לחזק את ידי המורים וההורים בשדה החינוך והתרבות, לחנך את הילדים לערכים לאומיים ודתיים.

ביזמת הנוער הדתי הוקם קיבוץ הכשרה של חלוץ־המזרחי. זכורני, נסיעתי יחד עם משה גרו ודוד שיסלר לקומרוב וגייסנו שם שמונה בחורים לקיבוץ. אח״כ שלחו מן המרכז בחורה לעזור לנו בעבודה. אחרי זמן מסויים הגיעה מטומשוב דבורה מירוצ׳ניק. השפעתו החלוצית של הקיבוץ על הנוער היתה ניכרת מאוד. הבנים והבנות מבתי החרדים נתפסו לרעיון הציונות הדתית בכל להט נפשותיהם הצעירות ופעלו מתוך התלהבות וחיבה לציונות וציון כאחת. בהיתם חדורי־



אמונה ותקוה שבוא יבוא היום והם יעלו לארץ־ישראל, כדי לבנותה ולהיבנות בה.

גרבוביץ לא נתברכה בבתי־חרושת ולכן נאלצו חברי הקיבוץ לעסוק בחטיבת עצים עד שנתפזרו למקומות אחרים, כי בעיירה לא היו לנו מקומות עבודה קבועים כחוטבי־עצים.

תלמידי בית הספר השתתפו גם בחיים התרבותיים שבעיירה בהופעות שונות, במיוחד החוג הדראמטי בהדרכתו של אברהם גייסט, שלא חסך מזמנו, כוחו ומרצו בהכנת ההצגות, וההכנסה היתה קודש עבור החזקת בית הספר.

פרק בפני עצמו היוו השירים והריקודים, שתפסו חלק חשוב בתכנית הלימודים והפעולות. הם הפכו להיות לחם־חוקם של הנוער, עודדו אותם ועוררו בהם תחושת־חיים אינטנסיביים מלאים ענין ותוכן.

האמהות והאבות בגרבוביץ שבעו נחת למראה ילדיהם תוססי־חיים שמלאו את בתיהם אור ושמחה. גם הם נדבקו מהחזון הציוני הגדול שמילא את לבות ילדיהם ובסתר לבם דמו, מי יודע, שמא באמצעותם תתגלגל הזכות גם להם ויזכו אי־פעם בעקבותיהם לעלות ארצה ולהתנחל בה?...

ערנות מפלגתית תוססת הוכיחו חברי תנועת המזרחי בעונת הבחירות לקונגרס או למבצע מיוחד אחר של התנועה הציונית. הציונים המבוגרים מצאו בנוער חיזוק ועידוד, ערובה נאמנה להמשך קיומו של סניף המפלגה.

היתה קיימת התחרות מפלגתית בין ארגוני הנוער השונים. תחרות זאת התנהלה על כל אורך החזית של הפעולה הציונית והתבטאה בויכוחים סוערים בין־מפלגתיים בלתי־פוסקים. הסניף שלנו עמד במבחן, התקיימו הרצאות, נערכו טיולים ופגישות עם חברים בסביבה; היינו פעילים למען הקרנות ותרמנו תרומה נכבדה לחיים התרבותיים בגרבוביץ.



שלמה אופיר (שטרסברג)

# תלמידי בבית הספר העברי

היה היתה עיירה וגראבוביץ שמה. קטנה היתה העיירה, בתיה מועטים ואנשיה לא רבים, אך "הכל" היה בעיירה. ליד בית הכנסת ובית המדרש — בתי תפילה של חסידים שונים, "שטיבלאך", ומפלגות היו בה מכל הגוונים: "פועלי ציון" ו"מזרחי", "בית"ר" וגם קומוניסטים, כנהוג בכל העיירות אשר בסביבה. ואולם שוני רב וניכר היה בגראבוביץ מעיירות אחרות. בגראבוביץ הוקם בית־ספר עברי, ולא אחד אלא שניים! "קנאת סופרים תרבה חכמה" ומכיון שמפלגה אחת הקימה בי"ס עברי — הקימה גם השניה בית־ספר. אחד של "פועלי ציון" ואחד של "מזרחי", "יבנה", וזכיתי אני לשמש מורה — מנהל של בית־הספר "יבנה" בעת שלבית־הספר המתחרה היה מנהל קרוב־משפחתי רחוק, וידידי בארץ ישראל, ברוך איינס.

בתי־ספר עבריים לא היו מצויים בעיירות הקטנות של פולין הקונגרסאית וגם לא בסביבתנו, לא בוויסלביץ, עיירת מולדתי, לא באוכאניה, לא בקרסניסטאוו,



תלמידים, מורים והורים בבית הספר העברי בגרבוביץ

לא בשברשין ולא בטישוביץ. ילדי ישראל למדו ב״שקאָלס״ לפי חוק החינוך ובשעות אחה״צ למדו ב״חדרים״.

איך זכתה גראבוביץ להיות שונה — לאלהים פתרונים, ואולם היות וזימן לי גורלי להמשיך ולשמש כמורה ומנהל, הרי כאשר נזכר אני באותה שקיקה לדעת של תלמידים קטנים וגדולים בגראבוביץ, מתמלא אני עכשיו (40 שנה לאחר המעשה) קנאה לזמנים ההם לעומת מה שיש לי עכשיו...

החיים קשים היו ליהודי העיירות. נגישות מצד השלטונות ותחרות רבה בעניני פרנסה מבפנים, ואולם לא מנעו דברים אלו את יהודי גראבוביץ מלעסוק בתורה ובחכמה. דומני שלהיפך: בהתגבר המצוקה — גדלה הפעילות התרבותית והחברתית בעיירה ובתי־הספר היו מרכז ומוקד לחיי תרבות ורוח. נתקיימו ספריות, קורסים והרצאות. זכורני שגם הצגות ערכנו, וכמובן, כאשר בית־הספר ערך הצגה — ערך גם השני ודוקא באותו ערב... אבל לא אלמן ישראל ונתמלאו האולמות בשתי ההצגות. זה שאמרתי: קנאת סופרים...

ואולם אותה קנאה נתגלתה בעוד שטח. בעת שהותי בגראבוביץ, בקיץ (הייתי שם שנה אחת) חלו הבחירות לקונגרס הציוני והצבור הפעיל במפלגות ובעיקר הנוער פעל בלהט ובמסירות שאין להשוותה אפילו לבחירות של ימינו. צאו וחשבו מה גדולה יכלה להיות השפעתם של בעלי השקל הציוני בק״ק גראבוביץ! אבל אנשי גראבוביץ לא כך חשבו. הם ראו את עצמם כמי שיושב בטבורו של עולם, ואם תנועה זו או המתנגדת תקבל יותר קולות — זה שיקבע את גורלו של העם וגורלה של הציונות וארץ ישראל הנבנית.



ציונית היתה העיירה. פעילות רבה היתה למען עברית, קרן קיימת ועלייה. וכשזכה יהודי ועלה — היתה זו שמחת הצבור כולו. ואולם גם בזה ראית את



תלמידי בית הספר היסודי עם המורה להיסטוריה יהודית.
מצד ימין — רבקה, אחותו של משה ולד.

התחרות המפלגתית. אם עולה יהודי ממפלגה פלונית — פרוש הדבר: תדמית חיובית יותר לאותה מפלגה, ולכן מפריעים... לא חלילה בעליה אלא בהפרת השמחה...

עלה יהודי יקר אחד לארץ ישראל (דוד זינגר ז״ל) וערכתי מסיבת פרידה. נתכנס קהל גדול, דברו ושרו ושמחו מתוך קנאה... והנה בעת נאום הפרידה שלי רמזו לי להפסיק ולהסתלק מהאולם. נתברר שערב זה היה בתוך חודש האֶבל שהכריזה הממשלה הפולנית לאחר מות מנהיגה יוזף פילסודסקי, ובאו השוטרים לעצור אותי על הפרת האֶבל... אַל נא נצטער: לא היו שום תוצאות שליליות לדבר רק שבאותו לילה עקרתי מהעיירה (היכן אפשר היה להתחבא בגראבוביץ מעין המשטרה?), שכרו בבהילות עגלה עם סוס והוסעתי לעיירת משפחתי, לוויסלביצה.

חזרתי כעבור יומיים שלושה והדבר נשכח כנראה גם מהמשטרה ולא היה המשך בחיפוש אחר ״הפושע״...

אלה הם פרטים אחדים מזכרונותי הרבים מאותה שנה בה חייתי בגראבוביץ לפני עלותי לארץ־ישראל, ואולם חרותים עמוק בזכרוני כמה וכמה מהאנשים הפעילים, המסורים בלב ונפש למען קידום בית־הספר העברי, הלשון העברית, הפועל הציוני, המאמינים בלב שלם כי עבודתם עבודת קודש היא וכולה לשם שמים, ולכן ראויים להזכר בשמותיהם אלא שזאת יעשו ודאי אחרים יותר טוב ממני.



יוסף בוים

# שירת העליה

באחד החברים הפעילים בתנועה הציונית נחרתה בזכרוני עלייתה של הקבוצה הראשונה מגרבוביץ לארץ־ישראל. אותו יום, בשנת 1923, היה יום חג בעיירה. יהודים נפגשו זה בזה בצהלה, שאלו ודרשו לשלום החלוצים. כל פעילי התנועה יצאו ללוות את הקבוצה של 15 בחורים, שראינו בהם חלוצי־העליה בעיירתנו.

בדרך פגשנו בתזמורת שבאו לאיזו חתונה. אלה היו גויים ולא הבינו מהי השמחה אצל היהודים. כשהסבירו להם שהצעירים נוסעים לבנות את חייהם בארץ־ישראל, הוציאו את כלי־הנגינה שלהם והתחילו לנגן. הכל זימרו עמנו, זמרת־ריקודים צוהלת. לא יצאו רגעים מעטים והיו הכל רתוקים אל גלגל המרקדים. היה זה ריקוד של סערה, מחול של אש. הרגלים נתרוממו בקצב סוער, העיניים התנוצצו ומפי כולם פרצה השירה בעוז ובהתלהבות: "אל יבנה הגליל, נחנו נבנה הגליל..."

כך שרו בנוסח אחד ובדברים אחדים, ואלו תירגמו את המלים לשפתם של אנשי־התזמורת והם כאילו נדבקו משירת כיסופים זו ועיניהם חולמות מחזיוני שירתנו...

באותו יום שרנו הרבה שירים בעברית וביידיש, משירי־ציון אשר ידענו, וגם ניגונים חסידיים, שמהם שאבו אבותינו דביקות וכליון נפש. שרנו ושרנו שיר אחרי שיר, לאט־לאט בדביקות. זמן רב שרנו. לא ידענו כי את עצמנו אנו שרים, כי את סיפורנו אנו מספרים, את סיפורו של כל אחד ואחד, המתגעגע לארץ מולדתו ושואף לעלות ארצה.



דוד בן־צבי ערליך

# בית"ר

חול המועד פסח, 1933, האָבן זיך צוזאַמענגערעדט: לייביש האוז, (שמעון רופאס זון), דוד גלאמב (פנחס נחומטשעס זון, אומגעקומען אין דער שואה), ויבדל לחיים ארוכים: בן־ציון פינק און דער שרייבער פון די שורות. מיר האָבן דאַן באַשלאָסן צו גרינדן אין גראַבאָוויץ אַ בית"ר־אָרגאַניזאַציע.

מיר זענען דאַן געווען אין עלטער פון דרייצן יאָר און מען דאַרף געדענקען, אַז אין יענער צייט איז דאָס גרינדן אַ בית"ר־אָרגאַניזאַציע אין שטעטל נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. עס זענען דעמאָלט געווען די טעג, ווען מען האָט זיך געגרייט צום 18־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, נאָך דער שפּאַלטונג פון די רעוויזיאָ־ניסטן אין קאַטאָוויץ, ווען מאיר גראָסמאַן מיט זיינע אָנהענגער האָבן זיך אָפּגעריסן פון דער זשאַבאָטינסקי־ליניע און געגרינדעט די יודנשטאַטס־פּאַרטיי. חוץ דעם האָט זיך אין יענער צייט גראָד געהאַט געגרינדעט די מזרחי־אָרגאַני־זאַציע. דערביי איז אָבער די מאַיאָריטעט אין שטעטל געווען די רעכטע פּועלי־ציון מיט אַנדערע שוועסטער־אָרגאַניזאַציעס. ביי אַזעלכע באַדינגונגען זענען מיר געקומען מיט דער אידעע צו גרינדן די בית"ר־אָרגאַניזאַציע, אָן אָרגאַניזאַצ־יאָנעלער דערפאַרונג. מיר האָבן נאָך נישט געהאַט געענדיקט די פאָלקס־שול. נישט געקוקט דערויף איז אונדז געלונגען אין משך פון צוויי חדשים צוצוציען צו דער אַרבעט נאָך פופצן יוגנטלעכע און געשאַפן אַ קליינעם לאָקאַל האָבן זיך פאַרזאַמלט אַ סך מענטשן, וואָס האָבן מיט די אייגענע אויגן געוואָלט זען דאָס גרויסע ווונדער: יידיש מיליטער. עס זענען אָבער אויך געקומען יוגנטלעכע, וואָס האָבן געהערט צו לינקע אָרגאַניזאַציעס און זיי האָבן גלייך גענומען שטערן.

האָבן אויסגעהאַקט די שויבן פון אונדזער לאָקאַל און עס איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל.

דער אָנפאַל פון די לינקע, וואָס האָבן געמיינט אונדז אָפּצושרעקן, האָט געהאַט אַ פאַרקערטע ווירקונג, האָט אונדז פאַרהאַרטעוועט און אַרויסגערופן דעם ווילן גובר צו זיין די אַלע שוועריקייטן. עס זענען געקומען עלטערן, וועלכע האָבן אונטערגעשריבן, אַז זיי זענען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אונדזער טעטיקייט, כדי מען זאָל אונדז קענען לעגאַליזירן.

דאָס דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן האָט געדויערט ביי אַ דריי־פיר מאָנאַטן. מיר האָבן וויטער געפירט אונדזער טעטיקייט. עס זענען צוגעשטאַנען נייע חברים: אליהו ריקעל, רפאל לערנער, שלמה ערליך, ה.ל. פינק און פיל אַנדערע. מיר האָבן דערגרייכט די צאָל פון אַ 90 מיטגלידער. אליהו ריקעל איז געווען דער מפּקד, אַליין געלערנט אין ווילנע, געקענט עברית און האָט אָרגאַ־ניזירט העברעאישע שיעורים פאַר באַזונדערע קבוצות, כמעט יעדן טאָג.

די אַרבעט איז געוואָרן אַלץ אינטענסיווער און פאַרביקער. עס זענען פאָר־געקומען שמועסן אויף פאַרשידענע טעמעס, קעסטל־אָוונטן. עס זענען אויך געקומען אויף באַזוכן חברים פון מרכז. אַ וויכטיק אָרט אין אונדזער אַרבעט האָט פאַרנומען אויך ספּאָרט. מיר האָבן געהאַט אַ ספּעציעלן אינסטרוקטאָר, וואָס איז געקומען פון אַ קן אין אַ צווייט שטעטל און געפירט מיט אונדז איבונגען. עס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אַ סך שול־קינדער. דער לאָקאַל איז געוואָרן צו קליין און מען האָט דערפאַר געדונגען אַ גרעסערן לאָקאַל, אין וועלכן די טעטיקייט איז געוואָרן אויסגעברייטערט און אַרומגענומען מער געביטן. דער לאָקאַל איז געווען ביי שעיה בעקערס קינדער, שפּעטער זענען מיר אַריבער אין אַ גרעסערן לאָקאַל, וואָס האָט זיך געפונען בשכנות.

ווען אליהו ריקעל איז אַוועק קיין הרוביעשאָוו, האָט דאָרט חתונה געהאַט, האָט זיין אָרט אַלס מפקד פאַרנומען שלמה ערליך, וועלכן עס איז אויסגעקומען אויך אָנצופירן מיט דער רעוויזיאָניסטישער פּעטיציע־אַקציע צום ענגלישן קעניג מיט דער פאָדערונג אַריינצולאָזן אַ פרייע עליה קיין ארץ־ישראל. איבער 800 מענטשן פון גראַבאָוויץ און פון דער סביבה האָבן אונטערגעשריבן די פּעטיציע. עס פלעגן קומען פון צ.ק. רעדנער און אויפטרעטן אין גרויסן בית המדרש, נאָך מעריב, אַמאָל אויך אין אַ גרעסערער פּריוואַטער דירה. איינער פון די געלונגנסטע אויפטריטן איז געווען פון לייבל האָראָוויץ, דער זון פון זאַמאָשטשער רב (וווינט אין קרית מוצקין). זיינע רעדעס, ווי אויך די פון דוד גאָרפינקעל, האָבן איבער־געלאָזט אַ שטאַרקן רושם און פּאָפּולאַריזירט די רעוויזיאָניסטישע אידעען.

אַן אימפּאָזאַנטע פייערונג איז געווען דאָס אויפהילן די פאָן פון גראַבאָוויצער

בית״ר. מיר האָבן דאַן דורכמאַרשירט איבערן שטעטל צוזאַמען מיטן ברית החייל, וועמענס מפקד איז געווען אברהם שטאַרקער. אין דער דאָזיקער פייערונג האָבן אויך אָנטיילגענומען בית״ר־מיטגלידער פון אוכאַן, וואָיסלאָוויץ, הרוביעשאָוו און זאַמאָשטש. מען האָט אַריינמאַרשירט אין גרויסן בית המדרש. עס זענען אויך געווען אָנוועזנדיק דער פּאַרזיצער פון אָרטיקן שטאָטראַט, דער פּאָליציי־קאָמענדאַנט, דער שול־דירעקטאָר, די יידישע מיטגלידער פון שטאָטראַט מיט שמעון האוז (רופא) בראש. דער רב האָט געהאַלטן אַ באַגריסונגס־רעדע. עס האָט אונדז אויך באַגריסט דער פּאַרזיצער פון שטאָטראַט און אליהו ריקעל האָט געשלאָסן די פייערונג. דערנאָך איז אין אונדזער אייגענעם לאָקאַל פאָרגעקומען אַ מסיבה מיטן אָנטייל פון אַלע געסט, וואָס האָט זיך פאַרצויגן ביז שפּעט אין אָוונט.

מיר האָבן געהאַט אין גראַבאָוויץ אויך אַ בית״רישע פלוגת הכשרה פון אַן ערך צוואַנציק מאַן און זי האָט עקזיסטירט אַן ערך אַכט חדשים, אָבער ווען דער סערפּיפיקאַטן־צוטייל פאַר בית״רים איז געוואָרן ״נומערוס נולוס״, איז די פלוגה זיך צעפאַלן און די חברים זענען זיך צעפאָרן יעדער אין זיין היים. דאָס זענען געווען טייערע בחורים. אין זכרון זענען מיר געבליבן די נעמען: שמואל קלארמאַן, אהרון־וואָלף לאַנגגארט א. א., וועלכע זענען אומגעקומען אין איזשביצע.

ווען דער בית״ר אין פּוילן האָט אָנגעהויבן שיקן זיינע מיטגלידער קיין ארץ־ישראל מיט דער עליה ב׳, זענען מיר אין גראַבאָוויץ אויך נישט אָפּגעשטאַנען און גענומען גרייטן זיך צו דער עליה, אָבער עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה און האָט צעשטערט אַלע אונדזערע פּלענער.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין דער לעצטער מפקד פון בית״ר. צוזאַמען מיט מיר אין דער מפקדה זענען געווען: שמחה טענענבוים, דוד גלאמב, גיטל לערנער, און נחמיה איינעס.

אין אומקום פון שטעטל זענען אומגעבראַכט געוואָרן אויך: דער מפקד פון דער יוגנט־גרופּע, נחום גלאמב, שמואל האוז, יחיאל גראמאַן, גרינע מיטלער א. א. אין מאַניעוויטש, אוקראַינע, זענען אומגעקומען: שמחה טענענבוים, דוד גלאמב א. א. עס זענען אויך אומגעקומען די רעוויזיאָניסטן: שלמה ערליך, חוה ראָזענפעלד, לאה בוים, זינגערמאַן א. א.

צווישן די געציילטע איבערגעבליבענע זענען: רייזל האסטיק און איר שוועסטער פּעסע (אין רוסלאַנד) חנה מערנשטיין, מאָטל בירן (אין בראזיל), לאה פאדעל, נחמה גלאמב, נחמיה איינעס און דוד ערליך (ישראל). עס האָבן זיך אויך געראַטעוועט אברהם שטארקער און יקותיאל שאד, וועלכע זענען נפטר געוואָרן אין ישראל.

# שומרי דגל הבית״ר בעיירתנו



נועת בית״ר (ע״ש יוסף תרומפלדור) בגרבוביץ נוסדה בשנת 1933. המפקד הראשון של התנועה היה אליהו ריקל, שידע עברית, אירגן גם שיעורים שונים והיה הרוח החיה בכל הפעולות.

במפקדה היו האנשים הבאים: לייביש האוז, דוד גלומב ז״ל ויבל״א בן־ציון פינק וכותב השורות האלו.

למרות שהיינו צעירים, בגיל שלוש־עשרה, היינו מודעים לשאיפת בית״ר — ליצור אדם מישראל השלם בגופו ובנפשו על יסודות ההדר הבית״רי שיעמוד כולו ותמיד לשרות בנין המדינה העברית ויהיה לאזרחה בעתיד. האידיאולוגיה של הציונים הרביזיוניסטים (הצה״ר) וברית יוסף תרומפלדור (בית״ר) היתה שבילנו פשוטה בתכלית: השאיפה להקים מדינה יהודית בארץ־ישראל משתי גדות הירדן. ידענו מה שבית הלל היה אומר על כגון דא: זהי תורה כולה ומאידך זיל גמור. גם את מסקנותיה לא היינו צריכים לחפש במבוך של רעיונות זרים. גם הן היו פשוטות ומובנות לנו וידענו גם שהתנועה שקמה בצניעות נהפכה במשך הזמן לאחת התנועות היפות והפעילות בפולין.

התורה הרביזיוניסטית על תנועה ציונית לוחמת הלהיבה אותנו ובמשך הזמן הצלחנו למשוך עשרות מבני הנוער הלומד. הנוער הזה בגרבוביץ, שהיה צמא לתוכן חדש, מצא את מקומו ונהפך לגורם תרבותי ממדרגה ראשונה. קסם להם ביותר הרעיון הצבאי והמשמעת הצבאית, למרות שנגד תופעות אלו הופנו חיצי הלעג כלפי נערי חרב ורובה ״די ייִנגלעך מיט די ביקסן און שווערדלעך״, יצאו



מימין:
לייביש האוז,
דוד ארליך,
בן־ציון פינק,
שמואל האח,
דוד גלומב

נגדנו בהסתה, בעיקר הנוער השמאלי, שראה בנו את המתחרה הרציני לפעולתו בקרב הנוער בגרבוביץ.

ההסתה נגדנו השפיעה השפעה הפוכה. הנער זרם אלינו ביתר שאת ופעילותנו התחזקה.

אמנם סיגלנו לעצמנו את הרוח הצבאית הלכה למעשה. אולם לא נכון יהיה לחשוב שהסתפקנו אך ורק בהכשרה הגופנית ובחינוך הצבאי. השתדלנו שחברינו יביעו גם בהליכותיהם החיצוניות הכרת אצילות עתיקה היונקת במישרין ממעינות הגבורה והמלכות, ההדר והגאווה של ימי קדם. "הדר בית"רי" — יופי חיצוני, הכרת ערך עצמו, דרך־ארץ, נאמנות אצילות.

היתה לנו גם פלוגת הכשרה. בהמשך הזמן, כשגדלנו והתרחבנו, נוסדה גם קבוצת ספורטאים: האחראים לתנועה התחלפו מזמן לזמן, ואני הייתי המפקד האחרון. תי במפקדה היו: שמחה טננבוים, דוד גלומב, גיטל לרנר ונחמיה איינס.

צערי רב שלא אוכל למנות את שמות כולם שהיו ואינם עוד. כולם חלמו על הקרבת חייהם על מזבח המולדת. תנועת בית"ר הכשירה הרבה צעירים וצעירות לעליה ארצה, אולם בגלל אי־נתינת סרטיפיקטים נמנע מהרבה לעלות ארצה.

באה השואה ואלה שנאלצו להשאר נפלו קרבן למרצחים הנאצים והם נהרגו, נשחטו ונחנקו בתאי הגאזים.

נזכור אותם לעד.

דוד צבי ארליך



פעילי בית"ר

**למעלה מימין:** רחל מילר, שמחה טננבוים, גיטל לרנר, אברהם מרנשטיין.

**יושבים:** לאה פודם, מאטלע בירנבוים, נחמה גלומב, חנה מרנשטיין, דוד ארליך, רייזל הוסטיק וגרינה מיטלר.

חיה ציגעל־לערער

# בונד

די יידישע יוגנט אין גראבאָוויץ האָט זיך אויסגעלעבט אין אַ וועלט פון אידעאישן געראַנגל און שטענדיקער זוכעניש נאָך אידעאַלן, נאַציאָנאַלע און סאָציאַליסטישע. מען האָט געזוכט אַ בעסער לעבן אין עקאָנאָמישן זין, אַן אינטערעסאַנטער לעבן אין גייסטיקן זין. ווער עס האָט געזוכט זיין צוקונפט און די צוקונפט פון יידישן פאָלק אין עליה קיין ארץ־ישראל און ווער עס האָט געזוכט צו פאַרבעסערן דאָס לעבן אויפן אָרט און אויפהייבן דעם מצב פון יידישן ארבעטס־מענטש אויף אַ העכערער מדרגה. מיין פאָטער יהושע לערער איז געווען אין גראבאָוויץ דער איינציקער לערער פון עטלעכע שפראַכן: יידיש, העברעאיש, פויליש און רוסיש. פון דעם אַלעם איז נישט געווען קיין פרנסה. אין שטוב האָט געהערשט דחקות און נויט, מיינע עלטערן האָבן דערצויגן זייערע קינדער אין גייסט פון דער יידישער טראַדיציע.

אין עלטער פון זעכצן יאָר בין איך געגאַנגען זיך לערנען אַ פאַך און בין אָנגעקומען צו ברכה די נייטארין. ביי איר אין שטוב האָב איך זיך געטראָפן מיט אירס אַ זון, וועלכער האָט געאַרבעט אין הרוביעשאָוו אַלס שניידער, און פלעגט קומען פון צייט צו צייט אַהיים. ער האָט מיטגעברענגט מיט זיך קיין גראבאָוויץ די שטעלונג פון אָרגאַניזירטן יידישן אַרבעטער אין די רייען פון "בונד". אַדאַנק זיין אינטעליגענץ איז ער אין שטעטל געווען דער פאָרויסגייער פון דער סאָציאַ־ליסטישער איינשטעלונג. ער איז געווען מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דער אידעע פון "בונד" און האָט מיט זיין התלהבות באַוויזן אָנצושטעקן אויך אַנדערע און אַדאַנק זיין איניציאַטיוו האָט זיך אין יענער צייט אָרגאַניזירט אַ גרופע שניידער־יינגלעך, צו וועלכע איך האָב זיך אויך אָנגעשלאָסן און צוזאַמען האָבן מיר מיט זיך פאַרגעשטעלט די גראַבאָוויצער אָפּטיילונג פון "בונד". צווישן די ערשטע מיטגלידער פון "בונד" זענען אויך געווען: לייביש נאדל, העניך היטער, נחום סוקעניק א. א.

אונדזער טעטיקייט איז נאָך דאַן געווען זייער באַגרענעצט. קיין אייגענעם לאָקאַל האָבן מיר נישט געהאַט. אונדזערע צוזאַמענטרעפן פלעגן פאָרקומען ביים

טוישן אַ בוך אין דער ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען ביי די ברידער אלי און משה פירשט, אפרים פירשטס זון, אַ פאַרגעשריטענע משפּחה אין שטעטל; דאָרט האָבן מיר זיך געטראָפן צוזאַמען מיט אַנדערע יוגנטלעכע, וואָס האָבן געהערט צו ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. עס איז אויך געשאַפן געוואָרן אַ לינת הצדק, מיט דער אויפגאַבע צו נעכטיקן ביי קראַנקע און פונאַנדערטיילן רפואות. דאָס זענען געווען די ערטער און געלעגנהייטן צו טרעפן זיך און אין איינוועגס דיסקוטירן איבער פּאַרטייאישע פראַגן.

צו די טעטיקייטן פון דער פּאַרטייאישער יוגנט האָט אויך געהערט דאָס זאָרגן, אַז אָרעמע משפּחות זאָלן אויף פסח באַקומען מצות אומזיסט. מיר האָבן זיך טאַקע אַליין פאַרנומען מיט באַקן מצות. די פאַרמעגלעכערע האָבן געצאָלט גרעסערע סומעס און עס זענען נאָך געבליבן געלטער, וואָס זענען געגאַנגען פאַר די צוועקן פון לינת הצדק.

## דער קולטור־פאַראיין

אין קולטור־פאַראיין, וואָס האָט זיך געשאַפן אין יאָר 1918, פלעגן זיך צונויפקומען יוגנטלעכע פון אַלע שאַטירונגען. אָנגעפירט מיט דער טעטיקייט פון קולטור־פאַראיין האָט דער לערער ראָזען, דער איינציקער פּאָלקיסט אין שטעטל, לערער פון דער פּוילישער שפּראַך אין דער שול, וואָס האָט עקזיסטירט ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע א. נ. "התקווה". דאָרט זענען פאָרגעקומען פאָרלעזונגען, צו וועלכע עס איז געקומען די גאַנצע יוגנט פון שטעטל, אָן אונטער־שייד פון פּאַרטייאישער אָנגעהעריקייט. די לינקע גרופּירונגען, בונדיסטן און קאָמוניסטן, האָבן געהאַט די גרעסטע השפּעה אויף דער אַרבעטער־יוגנט. די שוסטער־און שניידער־יינגלעך, ווי אויך מיידלעך, נייטאָרינס, האָבן דאָרט באַקומען זייערע ערשטע ידיעות אין וועלטלעכע ענינים, האָבן זיך דאָרט געלערנט לייענען און פאַרשטיין אַ יידיש בוך.

עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ דראַמקרייז אונטער דער אָנפירונג פון אברהם גייזנער. די הכנסות פון די פאָרשטעלונגען זענען געגאַנגען פאַר לינת הצדק און פאַרן באַרייכערן די ביבליאָטעק מיט נייע ביכער.

אין הארבסט 1918 איז פּוילן געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ האַסטיקער אויפבוי פון נייעם מלוכה־אַפּאַראַט. אונטערן צודעק פון מלוכהשאַפט זענען רייף געוואָרן שאַרפע סאָציאַלע קאָנפליקטן. דאָס האָט געדאַרפט זיין קלאָר קודם כל פאַר פּוילישע סאָציאַליסטן, אָבער מערסטנס זענען זיי געוואָרן אינגאַנצן פאַרכליניעט מיטן אַלגעמיינעם נאַציאָנאַליסטישן שטראָם. אַנדערע שטימונגען האָבן געהערשט ביי די יידישע פאָלקסמאַסן. דאָ האָט מען

געפילט מיט באַזונדערער קראַפט דעם יאָך פון דער גרויזאַמער קריגס־ירושה — הונגער, נויט און אַרבעטסלאָזיקייט.

ברכה די נייטאָרינס זון, שלמה ציגל האָט אין יענע טעג געברענט ווי אין אַ פיבער. אין אַלע דיסקוסיעס פלעגט ער אָנווייזן אויף די ווונדן אויפן גוף פון דער ניי־געבוירענער מלוכה — ביטערע נויט, פּאָליצייאישע ווילקיר, ווילדע אויסברוכן פון אַנטיסעמיטיזם, אַכזריותדיקע רעפּרעסיעס קעגן אַרבעטער בכלל און באַזונדערס לגבי יידישע אַרבעטער. די ווירקלעכקייט האָט נישט געקאַרגט קיין טראַגישע טעמעס און שלמה איז נישט אימשטאַנד געווען צו שווייגן. ער האָט נאָך דאַן געמיינט, אַז דער "בונד" האָט אַ היסטאָריש־באַרעקטיקטע אַמביציע צו ווערן דער כוח, וועלכער וועט העלפן זאַמלען אַלע אויסגעהאַלטענע פּראָלע־טאַריש־רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן און קעגנשטעלן זיך דער דעמאָראַליזאַציע אין אויפגעקומענעם פּוילן.

ביסלעכווייז האָט ער זיך איבערגעצייגט, אַז אַלע לאָזונגען און צוזאָגן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פאַלש און אַזוי איז ער געקומען צום קאָמוניזם.

אים זענען נאָכגעגאַנגען אַלע פריערדיקע מיטגלידער פון "בונד" און אַ שיטא שוין איך, וואָס האָב זיך מיט אים פאַרבונדן אויף אייביק און האָב צומבעסטן דערקענט זיין פערזענלעכקייט, זיין פשטות און גוטסקייט, זיין ברייט־האַרציקייט און טיפן גלויבן אין דער אויסלייזערישער אידעע פון קאָמוניזם.

מיר זענען געקומען צום קאָמוניזם מיט אָפענע הערצער און יענעם פאַר־באָרגענעם פלאַם פון מענטשלעכער ליבשאַפט און טיפן גלויבן אין אַ בעסערן מאָרגן. מיטן זעלבן פלאַם זענען מיר אין יאָר 1922 אַוועקגעפאָרן קיין אַרגענטינע, ווו מיר האָבן מיט ערלעכער מי און אַרבעט אויפגעבויט אונדזער משפּחה־נעסט און גלייכצייטיק געווען אַקטיוו ביים פּראָפּאַגירן דער קאָמוניסטישן אידעאַל, אין וועלכן מיר האָבן ערלעך געגלויבט און אין דער גייסט דערצויגן אויך אונדזערע פינף קינדער.

מיר האָבן זיך אויסגעניכטערט ערשט נאָכן אומברענגען די יידישע שרייבער און נישט־דערגאַנגענע פּראָצעסן פון די יידישע דאָקטוירים. מיר האָבן אָנגעהויבן באַנעמען, אַז מען האָט אונדז ביטער אָפּגענאַרט. ענדלעך האָבן מיר געגומען פאַרשטיין ווי וויכטיק עס איז פאַר יידן אַן אייגענע נאַציאָנאַלע היים, אַ יידישע מדינה.

מיר האָבן זיך גענומען גרייטן עולה צו זיין קיין ישראל, אָבער מיין מאַן, שלמה ציגל האָט נישט זוכה געווען דערצו. עס איז געקומען דער אכזריותדיקער טויט און אַ סוף געמאַכט צו זיין לעבן און צו זיין גרויסער האָפענונג צו באַזעצן זיך אין ישראל.

צוויי טעכטער מיט זייערע משפחות זענען מיט מיר צוזאַמען אין קיבוץ חצור. ישראל איז געוואָרן אונדזער נייע היים אויף שטענדיק.

מיין הייסע שטרעבונג איז, אַז אויך די טאָכטער און דער זון, וועלכע זענען געבליבן אין אַרגענטינע, ווי אויך דער זון אין ניו־יאָרק זאָלן ענדלעך דעצידירן און קומען אַהער און שוין אויף שטענדיק זיין צוזאַמען מיט אונדז אין אונדזער אייגן לאַנד, אין מדינת ישראל.



משה שעק, הוד־השרון

# די ביבליאָטעק און דער דראַמקרייז



יט מיינע קורץ־פאַרצייכנטע זכרונות וויל איך צוטראָגן מיין צו־שטייער, אַ ציגעלע צום בנין פונעם יזכור־בוך צום אָנדענק נאָך אונדזער חרוב־געוואָרענער יידישער קהילה אין גראַבאָוויץ, אַ ספר מצבה נאָך אונדזערע קדושים, טייערע און נאָענטע געשטאַלטן, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די היטלעריסטישע רוצחים.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען מיינע עלטערן מיט דער גאַנצער משפּחה אַוועק קיין רוסלאַנד און האָבן זיך אומגעקערט קיין גראַבאָוויץ ערשט אין יאָר 1920. דאָס שטעטל האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון, די געסלעך, די שטובן און באַוונדערס די מענטשן, פּשוטע ערלעכע יידן; די אידעאַליסטישע יוגנט. איך געדענק די ביבליאָטעק, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ קליין צימערל, אינעם שמאָלן געסעלע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן מיט שלמה־יאַנטשעס שטוב און געענדיקט זיך ביים ראָג פון דער גאַס, ווו עס האָבן שוין געוווינט מערסטנס קריסטן.

אין די בין־השמשותן איז דאָס ביבליאָטעק־צימערל אָנגעפילט געוואָרן מיט יוגנטלעכע, וואָס האָבן געברויזט מיט שטרעבונגען, געוואָלט דעראָבערן וואָס מער וויסן, לערנען. דאָס צימערל איז געווען קליין און ענג פאַר אַזויפיל יוגנטלעכע. דערפאַר אָבער איז די אַטמאָספער דאָרט געווען אַ וואַרעמע, אַ גליענדיקע, אַ ברויזנדיקע ביז שפּעט אין דער נאַכט.

שפעטער איז די ביבליאָטעק איבערגעפירט געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט, אין אַ הויז, וואָס האָט געהערט צו אַ קריסט מיטן נאָמען טשערניאַק, די געגנט איז געווען אַ קריסטלעכע און מען האָט זי גערופן: די פאָרשטאָט. דאָרט האָט די ביבליאָטעק שוין פאַרנומען צוויי צימערן מיט אַ פאָדערהויז. דאָס גרעסערע צימער איז געווען פול מיט ביכער. אינעם צווייטן ,דעם קלענערן צימער איז געווען דער לייען־זאַל. דאָרט פלעגט מען אויך איינאָרדענען פון צייט צו צייט קעסטל־אָוונטן, דיסקוסיעס און אַנדערע קולטור־געזעלשאַפטלעכע אימפּרעזעס.

געווען אויך ביי אונדז אַ דראַמקרייז, וואָס איז פון צייט צו צייט אַרויסגעטרעטן מיט פאָרשטעלונגען, וועלכע זענען פאָרגעקומען אין דער שאָפּע פון די גראַבאָ־וויצער פייערלעשער. די צושויער זענען דאָרט געזעסן ווי אויף שפּילקעס, פּשוט דערפאַר, וואָס די ברעטער זענען נישט געווען געהיבלעוועט... פונדעסטוועגן האָט דער עולם זיך אויפגעפירט מיט דרך־ארץ, איז געזעסן שטיל און געשלונגען יעדעס וואָרט, וואָס די "אַרטיסטן" האָבן אַרויסגעלאָזט פון מויל מיט אַזויפיל איבערגענומענקייט און פּאַטאָס.

די סצענע אַליין האָט זיך נעבעך געהוידעט און געשאָקלט ווי אַ לולב. די ברעטער האָבן אונטערגעקרעכצט ביי יעדן טריט און יעדער באַוועגונג פון די שפּילער. דער סופלאָר, וועלכער האָט געדאַרפט אונטערזאָגן דעם טעקסט אין פאַל ווען עמיץ האָט פאַרגעסן די ווערטער, איז געזעסן אונטער דער פּאָדלאָגע, בלויז דער קאָפּ איז געווען אַרויסגעשטעקט און צוגעדעקט מיט אַזאַ מין קעסטל, כדי די צושויער זאָלן אים נישט זען און זיין קול זאָל נישט דערגיין צום זאַל. ער האָט זיך אָנגעגעסן צו דער זעט מיטן שטויב, וואָס די "אַרטיסטן" האָבן אים צוגעשטעלט בשפע, בשעת זייער טאַנצן אָדער אונטערשפּרונגען אויף דער בינע.

נישט געקוקט דערויף, וואָס די "אַרטיסטן" איז אויסגעקומען צו שפּילן ביי זייער אומבאַקוועמע באַדינגונגען, האָבן זיי אָבער געטון זייער אַרבעט ווי אַ הייליקע עבודה און מיט גרויס התלהבות, האָבן מיטגעריסן די צושויער, וועלכע האָבן זיך מחיה געווען מיט די רייד און בילדער, וואָס זיי האָבן געזען אויף דער בינע.

צווישן די מיטגלידער פון דראַמקרייז זענען געווען יוגנטלעכע מיט טאַלאַנט. אין זכרון זענען מיר געבליבן די נעמען: רבקה זילבערצווייג, איטא וויינריב, שרה זילבערצווייג, נתן ליכט, ברוך איינעס, שבתי שעק, וועלכער האָט בעת זיין אויפטרעטן אויף דער בינע אַזוי איבערגענומען זיך מיט זיין ראָל, גע־שפּילט אַזוי עכט, אַז מען האָט נישט באַמערקט זיין צוהינקען אויף אַ פוס. געווען נאָך אַ סך אַנדערע, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.

## איטה שטאַרקער

# לינת הצדק



אָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין אונדזער שטעטל אַריינגעטרעטן אַ געוויסע געזעלשאַפטלעכע אויפלעבונג. עס האָבן זיך אָנגעהויבן שאַפן פּאַרטייען, אָרגאַניזאַציעס און פאַרשידנערליי אינסטיטוציעס, וואָס האָבן געפירט אַ לעבהאַפטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. באַזונדערס טעטיק זענען געווען די ציוניסטישע יוגנטלעכע און פון דער צווייטער זייט אויך קאָמוניסטישע.

עס זענען געווען שטובן, אין וועלכע איין זון איז געווען אַ הייסער ציוניסט און דער צווייטער אַ פאַרביסענער קאָמוניסט. אין אונדזער שטוב איז מיין ברודער מאיר געווען אַ ציוניסט און דער צווייטער ברודער שבתאי — אַ קאָמוניסט. אין שטוב פלעגן פאָרקומען דיסקוסיעס און קריגערייען. שבתאי האָט געזאָגט, אַז דער קאָמוניזם וועט באַהערשן די גאַנצע וועלט, ווייל דאָס איז די איינציקע גרויסע אידעע, פאַר וועלכער עס לוינט צו קעמפן. מאיר האָט געטענהט, אַז די יידן מוזן האָבן אַן אייגן לאַנד, ווו זיי זאָלן זיך קאָנען אויסלעבן עקאָנאָמיש און קולטורעל, ווייל קיין שום אַנדערע אידעע וועט נישט לייזן די יידן־פראַגע אין קיין שום לאַנד.

צוליב די פּאַרטייאישע מיינונגס־פאַרשידנהייטן זענען מיינע ברידער שטענדיק אַרומגעגאַנגען צעהיצטע און ברוגזש. איך געדענק אַ געוויסן אָוונט, ווען מיין ברודער מאיר איז אַריינגעקומען אין שטוב צוזאַמען מיט עטלעכע חברים יאָסל פינק, משהקע שרויט, משהקע לערנער א.א. און זיי האָבן זיך אָוועקגעזעצט באַהאַנדלען די פראַגע פון שאַפן אין שטעטל אַ לינת־הצדק־אָרגאַניזאַציע. זיי האָבן מיט דער גאַנצער ערנסטקייט אַרומגערעדט די אָרגאַניזאַציאָנעלע פּראָבלעמען ווען אינמיטן איז אַריינגעקומען שבתאי מיט זיינע חברים שלמה ציגעל און אברהמעלע גייזנער, וועלכע האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ קולטור־פאַראיין. קיין לאָקאַל האָבן זיי נישט געהאַט און דער "קלוב" האָט געדאַרפט זיין ביי אונדז אין שטוב. ווען שבתאי האָט געהערט פון מאירן מיט

זיינע חברים, אַז זיי ווילן שאַפן אַ לינת־הצדק־אָרגאַניזאַציע, האָט ער זיך אָנגערופן, אַז ער האַלט נישט פון קיין פילאַנטראָפּיע און פילאַנטראָפּישע אַנשטאַלטן.

מיין פאָטער איז געזעסן אין אַ ווינקל און צוגעהערט זיך צו די שמועסן ווען ער האָט דערהערט שבתאיס רייד, איז ער אויפגעשפּרונגען און אין זיין שטים האָט געקלונגען גרויס פאַרדראָס:

"קינדער, איך גיב אייך אָפּ מיין שטוב, אָן שום אָפּצאָל, נאָר מאַכט אַ לינת הצדק!"

אַזוי איז עס געבליבן דער "לינת הצדק" אין אונדזער שטוב און איז געווען איינע פון די ווונדערבאַרע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן עקזיסטירט אין אונדזער שטעטל.

איר טעטיקייט איז באַשטאַנען אין העלפן קראַנקע, באַצאָלן פאַר אַ דאָקטאָר, פאַר רעצעפּטן און ווען עס איז נויטיק געווען, געבן בעסער עסן, ווי זעמעלעך, מילך, פּוטער, יויך א.א. דאָס אַלץ האָט מען באַקומען אָן געלט און דאָס האָט געהאַט אַ געוואַלדיקע באַדייטונג אין אונדזער שטעטל, וואָס האָט נישט פאַרמאָגט קיין אייגן שפּיטאָל און געהאַט אַ סך אָרעמעלייט. ווען עמיץ פון זיי איז קראַנק געוואָרן איז זיין דאָליע געווען פילפאַכיק טראַגישער.

דערפאַר איז דער לינת הצדק ביי יעדן ייד אין שטעטל געווען אָנערקענט ווי אַ וויכטיקע זאַך. עס האָבן נישט געפעלט קיין אָרעמע שטובן אין גראַבאָוויץ, אין וועלכע עס איז נישט געווען פאַר וואָס צו רופן אַ דאָקטאָר. עס זענען געווען שטובן, אין וועלכע די קראַנקהייט פון איינעם, פון אַן עלטערן אָדער פון אַ קינד, האָט פאַרמשפּט אַלע צו הונגערן. געווען ווידער אַזעלכע, ווי דער פּרנסה־געבער האָט געמוזט איבערלאָזן דעם קראַנקן אַליין, כדי צו גיין אויפן דאָרף איינשאַפן אויף חיונה, און גיין האָבן זיי אָפּט געמוזט אין שטאַרקע פרעסט, אין טיפע שנייען, און דער קראַנקער אָדער די קראַנקע איז געבליבן אַליין אין אַ נישט געהייצטער שטוב, מיט אַ הויכער טעמפּעראַטור, און עס איז נישט געווען ווער עס זאָל דערלאַנגען אַ טרונק וואַסער.

די יוגנט אין גראַבאָוויץ איז געווען פילבאַר אויף עוולות און באַעוולטע פון גורל. דערפאַר האָט זי געזען אין דער טעטיקייט פון "לינת הצדק" אַ הייליקע עבודה. יעדן פון אונדז איז אָפּט אויסגעקומען אָװעקצוגעבן טעג און נעכט ביי קראַנקע, אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט משפּחות. אָבער ווען די קראַנקהייט האָט זיך פאַרשלעפּט זענען די שטוב־מענטשן פּשוט געפאַלן פון די פיס און מיר האָבן דערפאַר גענומען אויף זיך די אויפגאַבע זיי צו העלפן.

עס פלעגן זיין וואַך־נעכט מיט לויפעניש נאָך הילף. די אַרבעט האָט פאַר־נומען אַלע חושים און ענערגיע פון אונדזערע יוגנטלעכע. צו דעם האָט מען

אָבער אויך געדאַרפט האָבן געלט און דאָס האָט מען געמוזט צונויפנעמען אויף פאַרשידענע צוזאַמענקונפטן אין שטעטל, אויף חתונות און בריתן. מיר האָבן אויך אַליין אָרגאַניזירט אימפּרעזעס און פאַרשטעלונגען. די הכנסות זענען געגאַנגען אויף די אויסגאַבן פאַר די קראַנקע.

די אַקטיווע יוגנט אין ״לינת הצדק״ האָט געזאָרגט נישט בלויז פאַר די קראַנקע, נאָר פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע, אַפילו ווען זיי זענען געווען געזונט. ווען עס האָט זיך דערנענטערט דער פּסח האָט מען גענומען צונויפזאַמלען אויף מעל, קמחא דפסחא. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָבן זיך אָנטיילגענומען די מיידלעך, וועלכע זענען געווען פאַרנומען ביים קנעטן און וואַלגערן די מצות. אַקטיוו זענען געווען: מעכעלע גאָלדפאַרב, חנה בראַנדל, פּראַדל אליס, פייוולס טאָכטער, פייגע זינגער און אַ סך אַנדערע, מיט וועלכע איך האָב אַזויפיל יאָרן צוזאַמענגעאַרבעט אויך אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

אַזוי האָט זיך געפירט דאָס לעבן אין אונדזער שטעטל, געווען אַן אידעאַליס־טישע יוגנט. אַ סך פון זיי זענען געקומען פון בית המדרש, פון חסידים־שטיבלעך און פון דער ישיבה. עס זענען פאָרגעקומען אויפקלער־לעקציעס, קעסטל־אָוונטן און דיסקוסיעס. עס זענען געקומען רעדנער פון אַנדערע שטעט, געהאַלטן לעקציעס. שפּעטער זענען געקומען קריזיסן. אַ סך יוגנטלעכע זענען זיך צעפאָרן, אַוועק אין גרעסערע שטעט, אין אַנדערע לענדער.

מיין ברודער שבתאי איז אַוועק קיין פראַנקרייך, האָט געלעבט אַ לענגערע צייט אין פּאַריז, אָבער ער איז צוזאַמען מיט זיין פרוי און דריי קינדער אומגעקומען אין אוישוויץ. דורך די מערדערישע נאַציס איז אויך אומגעקומען מיין ברודער מאיר מיט זיין פרוי און פיר קינדער אין טישעוויץ.

***

טייערע ברידער מיינע, שרייבנדיק וועגן אייך, טרייסלען זיך ביי מיר די הענט. מיטן מוח איז שווער צו באַנעמען, אַז איר זייט נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, אַז איר זייט אומגעקומען מיט אַזאַ שוידערלעכן טויט. שטענדיק שטייען מיר פאַר די אויגן אייערע געשטאַלטן, אייער אידעאַליזם און איבער־געגעבנקייט און איך וועל אייך נישט פאַרגעסן אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבן און וועל איבערגעבן מיינע קינדער, עס זאָל איבערגיין צו ווייטערדיקע דורות אייער ליכטיקער אָנדענק.

## קלארא רייכמאן־טרוג

# מען פירט א ספר תורה אין שטיבל



עבליבן אין זכרון איז מיר דער טאָג ווען מען האָט געפירט אַ ספר־תורה אין שטיבל פון די הווישאַטענער חסידים, ווו מיין פאָטער, בעריש איז געווען צווישן די שטענדיקע מתפללים. איך בין דאַן אַלט געווען 12 יאָר און עס האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון די יום־טובדיקע שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין אונדזער שטוב, מיר, די קינדער, זענען פונקט ווי די עלטערע געווען אָנגעטון אין די שבתדיקע מלבושים. די טישעוויצער קלעזמער זענען געגאַנגען איבער די שטובן פון די חסידישע יידן און אומעטום אויפגעשפילט חסידישע מאַרשן.

גרויס איז געווען די שמחה, ווען זיי זענען אַריינגעקומען אין אונדזער שטוב. דאָס זענען אומפאַרגעסלעכע מאָמענטן פון גרויסער פרייד. קינדערישע הערצער האָבן, פונקט ווי דערוואַקסענע, געפילט די גרויסע פאַרבינדונג מיט דער תורה.

אין אָוונט האָט דער טאַטע אונדז מיטגענומען מיט זיך אין חסידים־שטיבל, כדי מיר זאָלן אויך אָנטיילנעמען אין דער פייערונג, וואָס איז דאָרט פאָרגעקומען. איך בין דעמאָלט געגאַנגען צוזאַמען מיט מיין ברודער יואליק און מיט מיין שוועסטער שפרינצע. אין שטוב איז געבליבן בלויז דאָס קליינע ברידערל משהקעלע.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן אין דער אַלטער היים. צווישן די טעג פון שווערער האָראָוואַניע האָבן אַרויסגעשיינט די ימים־טובים און שמחות.

אומפאַרגעסלעך זענען די שבתים אין אונדזער שטעטל, צו וועלכע מען האָט זיך געגרייט אַ גאַנצע וואָך. פרייטיק האָט מען שוין דערפילט דעם אָנקום פון שבת, די מאַמע האָט יעדן קינד אויסגעוואַשן דאָס קעפּל. שפּעטער איז מען געשטאַנען ביי די פענצטער און געוואַרט אויף יחיאל מענדעלעס אויסגעשריי:

"אין שיל אַריין! אין שיל אַריין!"

דעמאָלט האָט מיין מאַמע געזאָגט: "קינדער, ס'איז שבת!..."

זי איז דאַן צוגעגאַנגען צום ווייס־געדעקטן טיש, אָנגעצונדן די שבתדיקע ליכט, פאַרמאַכט די אויגן, פאַרשטעלט זיי מיט די הענט און אירע ליפן האָבן שטיל געמורמלט אַ תפילה. זי האָט מתפלל געווען פאַר אירע קינדער, פאַרן גאַנצן שטעטל יידן, פאַר די יידן אין גאָר דער וועלט.

יעקב רייכמאַן, נתניה

# פשוטע און האַרציקע ייִדן

## שניידער



י קליין דאָס שטעטל איז געווען, האָט עס דאָך פאַרמאָגט אַן ערך 40 שניידער. אַלע האָבן זיי געאַרבעט אין גראַבאָוויץ און זיי האָבן פון זייער אַרבעט געוואָלט ציען חיונה פאַר די 40 משפחות און עס האָט נישט געקענט זיין קיין רייד, אַז דאָס קליינע שטעטל מיט ייִדן זאָל זיי קענען אויסהאַלטן. האָבן זיי דערפאַר אַ גאַנצע וואָך געהאָפט אויפן יאַריד, ווען עס זענען זיך צונויפגעפאָרן די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. די שניידער און זייערע ווייבער האָבן זיך דעמאָלט געלאָזט איבער די קראָמען און געוועלבער כאַפּן אַ קונה, וואָס זאָל ביי זיי אָפּנעמען אַ שטיקל אַרבעט.

געוויינלעך איז אויסגעקומען, אַז 10 שניידער זענען אויסגעפאַלן אויף איין קונה. עס זענען געווען פאַלן ווען מען האָט זיך אָנגעהויבן קריגן צוליב אַ שטיקל אַרבעט, אָבער די קרעמער האָבן זיך אַריינגעמישט אינעם סכסוך און געמאַכט צווישן זיי שלום.

יעדער קרעמער האָט געהאַט זיין שניידער, וועלכן ער האָט רעקאָמענדירט די קונים. היינט וואָלט מען עס גערופן פּראָטעקציע. דעמאָלט איז עס געווען פשוטער לעבנסשטייגער, וואָס האָט אַרויסגערופן אויך שפּאַנונג צווישן די שניידער, אַמאָל אויך אַ קריגעריי, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַן אונטערגערוקטער געלעגנהייט, ווען מען האָט געמאַכט שלום און מען איז צוריק געוואָרן גוטע פריינט.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן די נעמען פון יענע שניידער, פשוטע און האַרציקע ייִדן, וועלכע זענען געווען פאַרוואָרצלט אינעם שטעטל און ענג פאַרבונדן מיטן ייִדישן לעבן, מיט אַלע זיינע פריידן און ליידן:

נוטע רייכמאַן, נחום רייכמאַן, שמחה רייכמאַן, יוסף און בעריש רייכמאַן, אלעזר שער, מעכל שער, הערש פישלער, אברהם עניס, אלקנה בעזיך, מרדכי גלאמב, נחום סוקעניק, אליעזר פידלער, יצחק פעלד, נוטע פוקס, אברהם נאדעל, ברוך שטענגעל, פרץ שטענגעל, יעקב־שלום אקעל, ישראל שטיינבערג, ישראל פעלץ, יעקב עניס, משה זאַץ, אהרון זאַץ, מענדל זאַץ, יחזקאל זאַץ, משה זאַץ,

חיים זאַק, מרדכי ציגעל, אליעזר זאַק יוסף האַז, פייפיש קאַץ, בן־ציון היטער, מעני ראַב, מאיר קאַץ.

פון די אַלע זענען געבליבן לעבן בלויז דריי: בעריש רייכמאַן, אברהם נאַדעל און ישראל פעלץ.

## דער זיג פון די האַנטווערקער

אין יאָר 1938 האָבן די גראַבאָוויצער האַנטווערקער אונטערגענומען די איניצ־יאַטיוו אויפצונעמען אַ רב, וועלכן מען האָט גערופן דער יאַנאָווער רב. אין דער דאָזיקער איניציאַטיוו זענען די האַנטווערקער געוואָרן אונטערגעשטיצט דורך די קליינהענדלער.

מיין פאָטער נוטע רייכמאַן, וועלכער איז געשטאַנען אין שפּיץ פון די האַנט־ווערקער, געוועזן פאָרזיצער פון פאַראיין, האָט אויך אָנגעפירט מיט דער וואַל־אַגיטאַציע און די האַנטווערקער האָבן געהאַלטן פאַר זייער גרויסן נצחון דאָס וואָס עס איז זיי געלונגען אויסצוויילן דעם רב, וועלכער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש, גערעדט שיין פויליש און זיי האָבן געהאַלטן אים פאַר אַ רעפּרעזענטאַטיווע פיגור.



**די משפחה רייכמאַן**

נטע רייכמאַן איז געווען פון די וואָס האָבן געגרינדעט דעם פאַראיין און גמילות־חסדים־קאַסע פון בעלי־מלאכה. ביי אים אין הויז איז אויך געווען דער מנין פון די בעלי־מלאכה.

די יידישע באַפעלקערונג האָט אָבער נישט זוכה געווען, אַז דער רב זאָל איבערנעמען דעם כסא הרבנות, ווייל עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, וואָס האָט מיט זיך געברענגט אויך דעם חורבן פון דער יידישער קהילה אין גראַבאָוויץ.

## נסים

רפאל בלעכמאַן איז טאַקע פון פאַך געווען אַ בלעכער, אַ דאַך־באַשלעגער, אָבער ביי דעם אַלעם נישט געהאַט קיין מזל, געדאַרפט וואַרטן אויף אַ נס, ביז עס זאָל עמיץ קומען צו אים קויפן אַ קליין וואַנעלע פאַר קינדער. קיין גרויסע וואַנע האָט קיינער אין גראַבאָוויץ נישט געהאַט, ווייל עס איז פשוט נישט געווען קיין פלאַץ, ווו אַוועקצושטעלן.

צו די נסים האָט אויך געהערט, עס זאָל זיך ביי עמיצן אויפן דאַך מאַכן אַ לאָך און ער זאָל דאַרפן קומען צו רפאלן, ער זאָל פאַריכטן.

רפאל איז אויך געווען דער בוכהאַלטער אין דער האַנטווערקער־באַנק, אין וועמענס קאַסע עס איז קיינמאָל נישט געווען קיין געלט. זיין חודשלעכער לוין איז געווען 30 זלאָטעס, אָבער ווען עס איז געקומען סוף חודש, איז נישט געווען ווער עס זאָל אויסצאָלן דעם בוכהאַלטער דאָס געלט.

ער איז געווען אַ שטילער און רואיקער מענטש, קיינמאָל נישט דענערווירט זיך. אינדערפרי פלעגט ער מיט פאַמעלעכע טריט גיין צום דאַווענען, פריער קאָנטראָלירט דאָס טלית־זעקל, צי אַלץ איז אויפן אָרט, אָבער תמיד איז אויס־געקומען צוריקצוקערן זיך פון וועג אַ צוויי אָדער דריי מאָל, ביז ער האָט ענדלעך פעסטגעשטעלט, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג און גערעדט צו זיך אויפן קול:

"דער טלית איז דאָ, די תפילין זענען דאָ און דער סידור איז אויך דאָ. איצט קען איך שוין גיין דאַווענען".

אַזוי האָט עס אויך אויסגעזען מיט זיין קעסטל אַרבעט־מכשירים, וועלכע ער האָט געהאַלטן אין איין קאָנטראָלירן, צי דער האַמער ליגט אויפן אָרט, דאָס העקל, די צוואַנג, די טשוועקעס. דאָס דאָזיקע קאָנטראָלירן האָט פאַרנומען אַמאָל לאַנגע שעהן און שפעטער האָט ער זיך גענומען צו דער אַרבעט, וואָס האָט קיינמאָל נישט געקלעקט אויף אַ טאָג לעבן.

הערשל רייז

# אין רבינס זכות

**ג**ראַבאָוויץ איז געווען אַ חסידיש שטעטל, האָט אָבער נישט געהאַט קיין אייגענעם רבישן הויף. די חסידים פלעגן פאָרן צו זייערע פאַרשידענע רביים, וועלכע האָבן געוווינט אין אַנדערע שטעט און גאַנץ אָפט זענען רביים אויך געקומען קיין גראַבאָוויץ צו זייערע

אין מיין זכרון איז מיר געבליבן דער באַזוך פון קעלצער רבין, ר׳ לייבעלע. אין שטעטל האָט זיך געקאָכט, מענער און ווייבער זענען געקומען צו אים מיט זייערע בקשות, אָפּגעגעבן קוויטלעך און יעדעס קוויטל איז געווען באַגלייט מיט אַ ״פדיון״, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן און אַרויסגעגאַנגען פון רבין איז מען מיט אַ געהויבן געמיט, געגלויבט, אַז די ברכות און ווינטשן פונעם רבין וועלן מקוים ווערן.

געשען איז דעמאָלט אין שטעטל, אַז די מקווה איז קאַליע געוואָרן און פונקט איז אָנגעקומען דער ערב שבת און עס האָט אויסגעזען, אַז דער רבי זאָל חלילה נישט קענען זיך טובל זיין אין דער מקווה.

דעם רבינס חסידים זענען אַרומגעגאַנגען און געטראַכט עפּעס אַן עצה און לסוף געפונען אַן אויסוועג: נישט ווייט פון אונדז האָט ר׳ מרדכי סעגליצער געהאַט די מיל און דאָרט וועט דער רבי זיך קענען טובל זיין לכבוד שבת אין טייך.

עס איז נישט געווען קיין אַנדערע ברירה און צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע שיינע יידן האָט דער רבי זיך געלאָזט אין וועג או ווען זיי זענען צוגעקומען צו דער מיל איז מיין פאָטער אַרויס מקבל פנים זיין דעם רבין. איך האָב דעמאָלט אויך געגעבן דעם רבין שלום עליכם און צוגעהערט זיך צו די ברכות, וואָס מיין פאָטער האָט פון אים באַקומען.

אין אָנהויב האָט מיין טאַטע זיך געוואַקלט, מורא געהאַט, אַז די ווייבער און קינדער פון די פּאַראַבקעס, וועלן קומען אַהער נעמען וואַסער און ווען זיי וועלן דערזען דעם רבין מיט די חסידים טובלען זיך, קען עס אַרויסרופן חוזק ביי זיי, אָבער די חסידים זענען געווען זיכער, אַז אין זכות פון רבינס טבילה וועט זיך אין דער צייט נישט באַווייזן קיין שום גוי.

כך הווה. די גאַנצע צייט, וואָס דער רבי מיט די חסידים זענען געווען אין וואַסער, ביז זיי האָבן זיך געהאַט שוין אינגאַנצן אָנגעטון, האָט זיך קיין שום פרעמדער מענטש נישט באַוויזן.

אין אונדזער שטעטל פלעגן קומען אויך אַנדערע רביים, בלייבן איבער שבת, פּראַווען טיש און סיי חסידים, סיי פּשוטע יידן און יידענעס פלעגן קומען צו זיי, אויסגיסן זייער ביטער האַרץ, דערציילן וועגן זייערע דאגות און אַלערליי צרות. דעם רבינס ברכות האָבן אין זיי אַריינגעזעצט נייע הערצער און מוט צום ווייטערדיקן קאַמף פאַר פּרנסה און עקזיסטענץ.

געווען אין גראַבאָוויץ אויך חסידים, אָרעמעלייט, וואָס האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן אויף די הוצאות צו פאָרן אַזוי ווייט צום רבין און בעטן ביי אים אַ ברכה אין אַן עת צרה. אַזעלכע האָבן זיך באַגנוגנט מיט שרייבן צום רבין אַ בריוו, אין וועלכן זיי האָבן אים דערציילט וועגן זייער מצב, וואָס עס דריקט זיי אויפן האַרצן. על פי רוב האָט מען צו דעם בריוו צוגעלייגט אויך אַ פּדיון. דער רבי האָט יעדן געשיקט אַן ענטפער, אין וועלכן ער האָט מיטגעגעבן זיין ברכה און אַן עצה טובה ווי אַזוי אַרויסצוקריגן זיך פון דער שווערער לאַגע.

## רשעות פון אנטיסעמיטן אין שטעטל

נישט געווען קיין איין יידישער ישוב אין פּוילן, וואָס זאָל נישט ליידן פונעם אַנטיסעמיטיזם און גראַבאָוויץ איז נישט געווען קיין אויסנאַם. סיי דער פּוילישער באַאַמטער און סיי דער פּראָסטער פּויער האָבן געטראָגן אין זייערע הערצער שנאה צו יידן.

איך דערמאָן זיך אַ סצענע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט מיט שמעון מאָנעשעס זון, פישל גרויסער.

ווי באַקאַנט האָט יעדער פּריץ געהאַט זיינס אַ ייד, מיט וועלכן ער האָט געהאַנדלט און גאַנץ אָפט געבאָרגט ביי אים געלט. אַזעלכער איז אויך געווען דער זשאַנדצע, מיטן נאָמען זארק, וועלכער איז אַליין געווען דער אָרגאַניזאַטאָר פון באָיקאָט אויף יידישע געשעפטן און גערופן די פּויערים, אַז זיי זאָלן קויפן נאָר אין זייערע קאָאָפּעראַטיוון און נישט אַריינגיין אין קיין יידיש געשעפט, האָט ער אַליין אַלץ געקויפט ביי פישעלע מאנעשעס, ווען ער האָט אויך פאַרקויפט די תבואה פונעם מאַיאָנטעק, ווייל דאָס האָט אים בעסער געלוינט ווי צו האַנדלען מיט די פּוילישע קאָאָפּעראַטיוון.

עס איז דאַן געווען זומער 1932, ווען יענעם שונא ישראל האָט זיך פאַרגלוסט צו פאַרוויילן זיך אַביסל אויפן חשבון פונעם ייד, וועלכער איז געווען זייער אַ פרומער. דער זשאָנדצע האָט אין זיין פאָלוואַרק צונויפגערופן עטלעכע יונגע

שיקסעס, וואָס האָבן ביי אים געאַרבעט און זייענדיק בגילופין דערקלערט, אַז וועלכע פון זיי עס וועט געבן פישעלען אַ קוש, וועט באַקומען אַ מתנה הונדערט קילאָ ווייץ.

ווען דאָס איז דערגאַנגען צו מיר האָב איך באַשלאָסן צו העלפן פישעלען און נישט דערלאָזן צו דער בושה. איך האָב געפרווווט רעדן צו דעם פּאַליאַקס געוויסן, אָבער ער איז אַריינגעפאַלן אין כעס און האָט מיך באַליידיקט, נישט געוואָלט מיך אויסהערן.

אַזעלכע ענלעכע רשעותדיקע שפּאַסן מצד די פּוילישע אַנטיסעמיטן איז מיר אויסגעקומען גאַנץ אָפט דורכצומאַכן. אין דער דאָזיקער הינזיכט האָבן זיך אויסגעגלייכט אַלע שיכטן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, דער אינטעליגענט און דער פּויער, דער פאַשיסט און דער קאָמוניסט, אַלע האָבן זיי אָפן און באַהאַלטן געטראָגן זייער שנאה צום ייד.

יוסף נודל, רמת־השרון



# געסלעך, הייזער און מענטשן



ען איך פאַרטראַכט זיך איבער זיידער לעבן אין גראַבאָוויץ, ווייזט זיך מיר אויס, אַז עס האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין אויסער־געוויינלעכע געשעענישן, געווען עטלעכע שריפות, וואָס האָבן זיך איינגעשטעלט ווי דאַטעס, מיט וועלכע מען האָט גערעכנט די צייט־אָפּשניטן אינעם אַלגעמיינעם לעבן, אין באַזונדערע משפחה־געלעגנהייטן. אַזוי האָט מען אָפט געקענט הערן דעם אייגנטימלעכן קאַלענדאַר: חיה־דבורה איז געבוירן געוואָרן פאַר דער ערשטער שריפה; משה־דוד האָט חתונה געהאַט נאָך דער צווייטער שריפה א. א. וו.

ווען מען האָט געדאַרפט אויפנעמען אַ נייעם רב אָדער אַ נייעם שוחט פלעגט דאָס שטילע לעבן אין שטעטל ווערן אַביסל אויפגערודערט און עס האָט זיך גענומען קאָכן, וויכוחים, שמועסן, פלאַטקעס און פאַרשידענע אַנדערע אַרויס־טרעטונגען, וואָס זענען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַרן קליינעם שטעטל.

אָפגעטומלט זיך אַ געוויסע צייט און עס איז ווידער געוואָרן שטיל און רואיק. פון איין זייט האָט אַראָפּגעקוקט אויפן שטעטל דער שלאָסבאַרג, וואָס איז פאַר־בונדן מיט אַ סך ראָמאַנטישע טעג און אָוונטן. פון דער צווייטער זייט האָבן זיך געגרויסט די צוויי קירכעס, וואָס יידישע קינדער האָבן אויסגעמיטן און קיינמאָל נישט געוווּסט וואָס עס טוט זיך דאָרט אינעווייניק.

אין שטעטל איז זיך אָנגעגאַנגען דער דלות, וואָס האָט געהערשט צווישן גרעסטן טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג. געציילטע זענען געווען די וועלכע מ'זן האָט געהאַלטן פאַר גבירים, אָבער זייער עשירות איז נישט דערגאַנגען ווייטער פון אַ שטיל באַלעבאַטיש לעבן.

שפּעטער ווען אין גראַבאָוויץ האָט אויפגעלעבט אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט, פּאָליטישע באַוועגונגען און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, איז דאָך דאָס לעבן געבליבן אין די אַלטע ראַמען, האָט נישט איבערגעפּלייצט די ברעגן. זעלטן עס איז ערגעץ אין דער וועלט דערמאָנט געוואָרן דער נאָמען פון דעם שטעטל.

גראַבאָוויץ ווערט דערמאָנט אין דער דראַמע פון מ.ב. שטיין "צווישן ערד און הימל", אין וועלכער עס טרעט אַרויס אַ גראַבאָוויצער ייד ווי איינער פון די גרויסע קאָצקער חסידים.



מסיבת פרידה לחבר יוסף נודל לרגל עליתו ארצה, ע"י "החלוץ" בגרבוביץ בשנת 1934
געזעגנונג־מסיבה צו יוסף נודלס עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

עס ווערט ערגעץ אויך דערמאָנט דעם שוואַרצן רבס טאָכטער, וואָס זאָל האָבן געווען אַ קאָמאַנדירין פון אַ גרופּע זעלנער אין דער באָלשעוויסטישער אַרמיי. זי האָט נישט געקענט פאַרטראָגן קיין עוולות און איז תמיד גרייט געווען צו טון אַ ייד אַ טובה.

איך זע פאַר זיך די געסלעך מיט די צעבראָכענע קלאַטקעס, איבער וועלכע מען פלעגט פאַלן גייענדיק אין די נעכט, ווייל עס איז נישט געווען קיין ליכט. אַזוי האָט עס אויסגעזען אין די ייומער־נעכט. ווינטער פלעגן זיי סיי־ווי־סיי זיין פאַרזונקען אין די טיפע בלאָטעס, אין די שנייען.

איך דערמאָן זיך, ווען איך בין געקומען צו פאָרן פון הרוביעשאָוו מיט הערש בעדער. די פור האָט זיך געקוילערט באַרג־אַראָפּ, פון דער לינקער זייט האָט מען געזען דעם אַלטן בית־עלמין וווהין מען פלעגט תשעה באב גיין רייסן ישראל־עפּעלעך. אַביסל ווייטער, אונטערן באַרג האָט זיך געפונען די קרעניצע. שבת פלעגט מען אַהינגיין כאַפּן אַ פרישן טרונק וואַסער. געווען אַזעלכע וואָס האָבן זיך נישט געפוילט און געבערענגט פון דאָרט אַ פולן עמער וואַסער. דער טאַטע פלעגט זאָגן, אַז דאָס איז בעסער פון שיע אריהס סאָדע־וואַסער.

רעכטס פונעם וועג האָט זיך געפונען דער נייער בית־עלמין און דערנעבן האָט אַ סטעזשקע געפירט ביז בערעשטשע, אָבער נעבן באַרג האָט ווי פון עפּעס אַ הייל זיך געהערט דאָס בילן פון הינט. דאָרט האָט געוווינט דער גראַבאָוויצער הינטשלעגער.

אויף דער זעלבער זייט איז אויך געווען דער שלאָסבאַרג, ווו די יוגנט פלעגט גיין שפּאַצירן אין די זומערדיקע שבתים, נאָכן מיטאָג. ווייטער אַביסל זענען געווען די ביימלעך, וווהין עס פלעגט ציען די הערצער פון די ערנסטערע פּאָרלעך.

אַראָפּפאָרנדיק פון באַרג איז מען צוגעקומען צו דער בריק איבערן טייך, וואָס האָט זיך געצויגן קיין סעדליץ. דאָרט איז אויך געווען די וואַסערמיל. אין די זומערדיקע שבתים פלעגט מען גיין אַהין זיך באָדן. פון דער צווייטער זייט האָט דער טייך שוין באַקומען דעם נאָמען ווילוול און געצויגן זיך קיין דאנטשיפּאלע.

רעכטס נעבן דער בריק איז געווען יאשקינס גאָרטן און דאָס געסל, וואָס האָט זיך געצויגן ביז די בעכערס און דעם פּוילישן קלויסטער.

גלייך פון דער בריק איז געווען דער הויפּט־שאָסיי, וואָס האָט געפירט צום מאַרק. פאַרנעמט מען זיך לינקס, אין זינדל מאטילעס געסל, וואָס האָט געפירט צו יעקב איטשע לאזערס גאָרטן.

לינקס איז געווען דאָס באָד. די צייטן ווען עס איז גאָרנישט געווען צעבראָכן און עס איז געווען האָלץ, און די בעדערין איז געווען בקר־הבריאות, פלעגט

זי אויסהייצן פרייטיק דעם מרחץ און די גראַבאָוויצער יידן פלעגן קומען אַהין פרייטיק נאָכמיטאָג, אָוועקזעצן זיך אויף דער אויבערשטער באַנק און לאָזן זיך שמייסן מיט די בעזעמלעך. די היץ, די גליענדיקע פּאַרע האָט געהאָלפן אַראָפּ־שמייסן פון די מענטשן די מידקייט און דעם שמוץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פון אַ גאַנצער וואָך האָראָוואַניע. אַזוי האָט מען זיך געגרייט אויפצונעמען דעם שבת, די נשמה יתרה און אויך די מלאכי השרת, וואָס באַגלייטן יעדן ייד מיטן אָנקום פון שבת.

נעבן באָד זענען אויך געווען די שטעטישע בתי־שימוש, וועלכע מען האָט גערופן: "די בענקלעך" פון איין זייט פאַר מענער, פון דער צווייטער זייט פאַר פרויען. קיין ספּעציעלע סימנים זענען נישט געווען, אָבער די גראַבאָוויצער יידן האָבן שוין געוווּסט צו טרעפן אפילו אין דער פינצטער. ערגער איז געווען, אַז עס איז אַמאָל אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַ פרעמדער, וואָס פלעגט טאַקע נישט איינמאָל זיך טועה זיין און אַריינטרעפן אין דער נישט געוווּנטשענער ריכטונג.

פון דער צווייטער זייט גאַס איז מען געגאַנגען צו די חסידים־שטיבלעך. צווישן קוזמירער און טריסקער שטיבל האָט זיך געפונען דאָס בית המדרש, ווו עס האָבן געדאַוונט סתם יידן, וואָס זענען נישט געפאָרן צו קיין רבין אָבער דאָך געווען גוט און פרום. ווינטער פלעגט מען אין בית המדרש אָפּכאַפּן דאָס דאַוונען אויף גיך, ווייל עס איז דאָרט נישט געווען קיין אויוון צום הייצן. די וואָס זענען געקומען שפּעטער, פלעגן דאַוונען אין פאַלישל.

נאָכן קוזמירער שטיבל איז געווען דאָס שאַטינער שטיבל. אַביסל ווייטער האָבן זיך געפונען די בעלזער און ראַדזינער שטיבלעך, אָבער צווישן זיי האָט אָפּגעטיילט אַ גאַס, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פון פּערל יעקב ביז צו דער לייזעראכעס לאָווע. אינעם דאַזיקן געסל האָבן זיך קאָנצענטרירט אַלע יאַטקעס פון שטעטל.

## לייבוש ברוכס

דער הויפּט־שאָסיי האָט דורך דער בריק זיך געצויגן ביזן מאַרק, ווו עס האָט זיך קאָנצענטרירט דער גאַנצער האַנדל פון שטעטל.

פון איין זייט זענען געווען די צוויי קלויסטערס און אַרום די פּאַטשענעס מיט די פאַרשידענע געוועלבער אינמיטן מאַרק. דאָרט האָט לייבוש ברוכס אויך געהאַט זיין געוועלבל. זיין פאַמיליע־נאָמען האָבן אַ סך אין גראַבאָוויץ נישט געוווּסט. וויפל גראַבאָוויצער האָט מען געוווּסט ווי מען רופט זיי אויפן פאַמיליע נאָמען?!

אים האָבן אָבער געקענט אַלע גראַבאָוויצער און נישט נאָר גראַבאָוויצער. ווען עס איז געקומען אַ בעל־דרשן אָדער אַן "איינקל" צי סתם אַ קבצן, וואָס איז געקומען קלויבן נדבות אין שטעטל און מען האָט געדאַרפט גיין צוזאַמענעמען געלט פאַר אים אָדער איינאָרדענען ווו צו שלאָפן און עסן, איז דאָס געווען די אויפגאַבע פון לייביש ברוכס. נישט איינמאָל פלעגט טרעפן, אַז אַזאַ אָרעמאַן, וואָס איז געקומען צונויפקלויבן נדבות אין שטעטל, איז פלוצלינג קראַנק געוואָרן און מען האָט אים געדאַרפט ברענגען עפּעס צו עסן און זיצן נעבן אים אַ גאַנצע נאַכט, צוהיטן, פלעגט לייביש ברוכס נעמען אויף זיך דאָס זיצן נעבן אים אַ גאַנצע נאַכט, צוגעהיטן, ער זאָל באַקומען דאָס נויטיקסטע, וואָס מען דאַרף האָבן פאַר אַ קראַנקן.

עס פלעגט טרעפן, אַז ער האָט אַוועקגעגעבן אַן אָרעמאַן די וועש, וואָס דאָס ווייב האָט אים מיטגעגעבן ווען ער איז געגאַנגען אין מרחץ אַריין. ער האָט געזען, אַז דער אָרעמאַן האָט שוין לאַנג נישט געטוישט זיינע וועש און פאַרמאָגט נישט קיין אייגן העמד, האָט ער אים אַוועקגעגעבן זיינע פרישע וועש.

ווען אין שטעטל איז געווען אַ ברית אָדער אַ חתונה אין אַן אָרעמער שטוב און לייביש־ברוכס האָט געוווסט, אַז עס איז נישטאָ ווער עס זאָל משמח זיין דעם עולם, פלעגט ער דעמאָלט זיין דער הויפּט־מחותן און געטון אַלץ, אַז עס זאָל זיין פריילעך און די אָרעמע מחותנים זאָלן נישט פאַרשעמט ווערן.

און לייביש־ברוכס האָט אַלץ געטון מיט שמחה און מיט זיין גאַנצן הייסן יידישן האַרץ.

עס פלעגט טרעפן, אַז אים האָט זיך אויסגעוויזן אויף עמיצן, אַז ער גייט נישט אויפן ריכטיקן וועג און ער האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף אים העלפן, האָט ער עס געטון מיט גוטע רייד, געהיטן זיך, אַז ער זאָל חלילה יענעם נישט באַליידיקן מיט קיין בייז וואָרט, נישט זיין שטרענג.

ביזן היינטיקן טאָג געדענק איך זיינס אַ משל, וואָס ער האָט געגעבן ווי אַ באַווייז, פאַרוואָס אַ ייד דאַרף זיין פרום: ווען איינער קומט אַריין אין אַ פאַרשלאָסענער שטוב און טרעפט דאָרט צוויי פלעשלעך, וואָס יעדעס פון זיי האָט אַנדערע אייגנשאַפטן. ווען מען פאַרזוכט פון איינעם קומט דער טויט גלייך אויפן אָרט. אַזוי ווי מען ווייסט אָבער נישט וועלכעס פון דיביידע איז סם, טאָר מען ביידע נישט אָנרירן. דער נמשל איז: די וועלט מיט די סכנות, וואָס לויערן אויפן מענטש און ווילן אים אָראָפּפירן פון גלייכן וועג. דער איינציקער אויסוועג איז אויסצומיידן דאָס אַלץ, וואָס רייצט, נאָר פירן זיך בדרך הישר, לויט די געבאָטן פון דער תורה, וואָס זענען די איינציקע וועגווייזער פאַרן מענטש אויף דער זינדיקער וועלט.

קיין קינדער האָט לייביש ברוכס נישט געהאַט און דאָס האָט אים נישט געגעבן קיין מנוחה. ער האָט פון דעם שטאַרק געליטן און זיין גאַנצן ברען האָט ער אַריינגעלייגט אין העלפן אָרעמע מענטשן און אַרבעט פאַר פאַרשידענע קהלישע צוועקן.

*

אונדזער שטעטל האָט קיין גרויסע פערזענלעכקייטן נישט אַרויסגעגעבן. עס האָבן דאָרט געלעבט פשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר, אָבער דאָך זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט איניציאַטיוו אויפן געביט פון קהליש־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, פון כלל־טוערײ, וואָס זיי האָבן געטון מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און מסירות נפש.

איינער אַזעלכער איז געווען לייביש ברוכס, אַ ייד מיט אַ גרויס און וואַרעם האַרץ, אַ ירא־שמים און אַן אוהב הבריות.

*

געסלעך, הייזער און מענטשן — אַזוי זע איך אונדזער שטעטל, בעיקר די מענטשן, ווי זיי זענען געווען צונויפגעוואַקסן און צוגעבונדן צו די געסלעך און הייזער און אויך צו דער אַרומיקער לאַנדשאַפט, צו פעלד, לאָנקעס און וואַלד, ווו די יוגנט פלעגט שפּאַצירן און חלומען וועגן דער פאַרווירקלעכונג פון גרויסע אידעאַלן. כאָטש גרינג און היימיש האָבן זיך געשפרייט די גרינע לאָנקעס אויף רעכטס און אויף לינקס און עס איז געווען גוט צו בלייבן אין שטילן וואַלד, אַזויפיל כישוף, אַזויפיל ווונדערלעכע שיינקייט, אָבער דאָך האָט מען נישט אויפגעהערט בענקען צו ווייטן, צו אַ בעסערער וועלט און אין דאָזיקן בענקען זענען געקומען צום אויסדרוק די פיינסטע אַספּיראַציעס פון די יונגע און דער־וואַקסענע אין אונדזער שטעטל.



ישעיהו היטער

# אומפאַרגעסלעכע יאָרן

געבוירן און דערצויגן אין אונדזער קליינעם שטעטל גראַבאָוויץ, האָב איך דאָרט דורכגעמאַכט אַלע כריידן און ליידן, פאַרלוירן דאָרט מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער, וועלכע זענען אומגעקומען אויף קידוש השם, פאַרפייניקט און דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע מערדער.

דער אָנדענק פון די קדושים וועט אייביק בלייבן אין אונדזערע הערצער און אונדזער חוב איז צו דערציילן פאַר די ווייטערדיקע דורות, פאַר אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, וועגן דעם לעבן און אומקום פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס, וועגן דער הויכער מאָראַל, וואָס האָט געפירט אַלע זייערע האַנדלונגען, וועגן דער גרויסער שיינקייט פון די יידישע טראַדיציעס, וואָס זענען אָפּגעהיטן געוואָרן אין אונדזער שטעטל.

מיין פאָטער, בן־ציון היטער האָט מען אין גראַבאָוויץ גערופן בענטשע אברהמטשקע יצחקס. מיין טייערע מוטער עטל האָט מען גערופן ענטל בענטשעס, מיין ברודער יעקב־מאיר, מיינע שוועסטערס: איטה־לאה און חנה־גיטל — נעמען, וואָס זענען פאַר מיר שטיקער לעבן; נשמות, וועלכע זענען אויף אייביק איינגעבאַקן אין מיין האַרץ און ווי לאַנג איך וועל לעבן וועל איך אָפּגעבן כבוד זייער אָנדענק.

טאָג און נאַכט טראַכט איך וועגן זיי און וועגן דעם פילפאַרביקן לעבן אין אונדזער קליינעם שטעטל. פאַר מיינע אויגן זע איך תמיד די יוגנט, וואָס האָט געברויזט מיט אידעאַלן, פאַרברענגט צוזאַמען, געבענקט נאָך אַ שענער און בעסער לעבן, ווייט פון די טיפע בלאָטעס און די טונקעלע ווינטער־נעכט, ווען די ענגשאַפט אין קליינעם שטעטל האָט זיך געלאָזט גאָר שטאַרק פילן און די טרוימען האָבן אונדז געגעבן פליגל.

אומפאַרגעסלעך זענען אונדזערע שפּאַצירן אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן אויפן שלאָסבאַרג, ביים צמענטאַזש. דאָס זענען טעג און נעכט, וועלכע בלייבן אומפאַרגעסלעך אויפן גאַנצן לעבן. עס ווילט זיך נישט שיידן מיט זיי, ווייל זיי פאַרמאָגן

אין זיך די גאַנצע שיינקייט, די חלומות און בענקשאַפטן פון די יוגנט־יאָרן אין אונדזער שטעטל.

אין גראַבאָוויץ בין איך געווען ביזן יאָר 1934, ווען איך האָב חתונה געהאַט קיין זאַמאָשטש, אָבער די גאַנצע צייט האָב איך זיך געפילט פאַרבונדן מיט אונדזער שטעטל און נישט געקענט זיך שיידן מיט אַלע מיינע נאָענטע, קרובים און חברים.

אין יאָר 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, בין איך נאָך געקומען קיין גראבאָוויץ. דאָס איז געווען דער לעצטער סוכות, וועלכן איך האָב פאַרבראַכט מיט מיינע עלטערן. מיר האָבן שוין געהאַט דאָס פאָרגעפיל פון אַ גרויסער געפאַר וואָס שוועבט איבער די יידן, אָבער בשום אופן האָבן מיר זיך נישט געקענט פאָרשטעלן אַזאַ פינצטערן סוף.

צוריקקומענדיק חול המועד קיין זאַמאָשטש האָבן מיר שוין געזען פאַר זיך בילדער, וואָס האָבן אָנגעזאָגט חורבן און אונטערגאַנג און מיר זענען באַלד אַנטלאָפן קיין לעמבערג, פון וואַנען מען האָט אונדז פאַרטריבן קיין סיביר.

אין סיביר האָב איך נאָך דערהאַלטן צוויי בריוו פון מיין ברודער יעקב־מאיר. אין יענע בריוו האָט ער זיך באַמיט צו שרייבן אין אַ רואיקן טאָן וועגן דער לאַגע, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען. ער האָט געשריבן, אַז זיי זענען געזונט, נאָר אַז צו יאַנקל בעקער דאַרף מען גיין דריי קילאָמעטער און יעדע זאַך, וואָס מען וויל קריגן פון לעבנסמיטל, דאַרף מען דורכמאַכן אַ סך קילאָמעטערס.

עס איז שווער געווען צו שאַפן זיך אַ קלאָר בילד, אָבער דאָך האָב איך זיך שוין געקענט פאָרשטעלן ווי ביטער עס איז זייער מצב. מיר האָבן אין סיביר אויך נישט געלעקט קיין האָניק. אונדזער לאַגע איז געווען זייער אַ שווערע, אָבער נישט געקוקט אויף אַלעם האָט נאָך אין אונדזער האַרץ געטליעט אַ פונק פון האָפענונג.

כּון אַלע האָפענונגען איז געבליבן אַש. פון מיין גאַנצער פאַמיליע, בין איך איינער אַליין געבליבן לעבן.

מיין ברודער האָט זיך געפונען אין קובא, ווו ער האָט איבערגעלעבט די שטורמישע צייט. היינט זענען מיר צוזאַמען אין ישראל.





די משפחה שעק←

משה שעק, הוד־השרון

# אין די שטילע דרכים פון טאטעס און זיידעס



יב און טייער איז מיר דער אָנדענק פון מיין שטעטל גראַבאָוויץ, וואָס איז געלעגן ביים טייך קאַלינוווקע, אַרומגערינגלט מיט בערג־לעך, פעלדער און וועלדער, און אַלעמאָל איז דאָרט געווען לעבעדיק. יידן, ווייבער און קינדער האָבן אָנגעפילט די געסלעך, דעם מאַרק. קינדער זענען געגאַנגען אין די חדרים, געשפּילט זיך אין גאַס. ווייבער זענען אַרומגעגאַנגען וועגן זייערע ענינים, פאַרזאָרגן פאַר די שטיבער, פאַר זייערע קרעמלעך און קלייטן. מען האָט זיך דורכגעשמועסט דורך די טירן פון די הייזער און קראָמען. יידן, וואָס האָבן נישט געהאַט וואָס צו טון, האָבן זיך געקאָכט איבער פּאָליטיק, איבער קהלשע ענינים. אַנדערע האָבן זיך אַרומגעדרייט זוכן אַ פּאַרדינסטל.

## ערב שבת

כ׳דערמאָן זיך אַ פּראַסטיקן פרייטיק, פאַרטאָגס, דאָס שטעטל איז נאָך איינגעהילט אין פינצטערניש און אין דער טיפער שטילקייט הערט זיך אַ הייזעריק קול:

שטייט אויף, שטייט אויף לעבודת הבורא!״

ס׳קול האָט זיך איבערגעחזרט יעדע עטלעכע מינוט, דערווייטערט זיך אין די אַנדערע געסלעך און זיין עכאָ הילכט אָפּ ווי פון ווייט. דאָס האָט יחיאל מענדעלעס גערופן די יידן צוצוגרייטן זיך צום שבת, באַזונדערס די יידישע פרויען פון שטעטל, זיי זאָלן פריער אויפשטיין, ווייל אויף זיי ליגט דאָך דער גאַנצער עול פון צוגרייטן אַלץ לכבוד שבת, כדי חלילה נישט מחלל שבת זיין.

יחיאל מענדעלעס איז געווען אַ ברייט־פּלייציקער ייד, מיט אַ פּאָר פעסטע הענט. ער האָט שטענדיק געמוזט שווער אַרבעטן, כדי צו פאַרדינען אויף פרנסה. ווייל פון בלויזן שמשות אין שיל האָט ער קיין לעבן נישט געקענט מאַכן אין גראַבאָוויץ, וואָס איז געווען ״רייך״ נאָר אין בלאָטעס...

אין שטוב האָט זיך דעמאָלט אָנגעהויבן צו רודערן. די מאַמע איז אויפגעשטאַנען די ערשטע און גלייך זיך גענומען צום קנעטן און וואַלגערן דאָס טייג אויף חלות, אויף לאָקשן, פּלעצלעך אָדער קיכלעך. די שטוב איז פול געוואָרן מיט אנגענעמע ריחות און געוועקט צום אויפשטיין. איך בין דאַן אויפגעשטאַנען און אַראָפּ פון באַנק־בעטל, וואָס איז אין גראַבאָוויץ געווען אַ מין סאָפע, אַ ברייטע באַנק, וועלכע האָט געדינט בייטאָג צום זיצן און אויף דער נאַכט האָט מען אַראָפּגענומען די דעק און די באַנק איז געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ בעט.

דאָס ערשטע וואָס איך האָב דערפילט איז געווען דער רייצנדיקער ריח פון די געשמאַקע באַבאשקעס, אַזעלכע לאַטקעס וואָס האָבן זיך געפּרעגלט אינעם אויוון אויף אַ ספּעציעלער בלעך. דאָס האָט געהייסן: ״ביים פלאַם״. דער פלאַם אַליין האָט אויסגעזען ווי אַ ריזיקע רויטע צונג, וואָס האָט זיך געצויגן גלייך אינעם שוואַרצן קוימען אַריין, וועלכן משה קוימענקערער האָט פון צייט צו צייט גערייניקט, אָבער גאַנץ אָפט פאַרגעסן אַ לענגערע צייט אים אויסצורייניקן.

אַרום צוועלף אַזייגער בייטאָג האָט מען שוין געקלונגען: ״אין באָד אַריין!״ איינצלנע זענען גלייך געלאָפן, אָבער דער ברייטער עולם פלעגט ערשט אָנהייבן לויפן אין באָד אַריין אין די נאָכמיטאָג־שעהן.

דאָס באָד איז געווען אַן אַלטע געביידע, האַלב געמויערט, אַ גאַנצע וואָך איז אין איר געזעסן אַ געדיכטע פייכטקייט פון דער פרייטיקדיקער פאַרע. אַריינקומענדיק אין מרחץ אַריין איז גלייך אויסגעוועפט געוואָרן די מידקייט. מען האָט פאַרגעסן אין די וואָכעדיקע דאגות, אַראָפּגעוואַשן פון זיך דעם שמוץ צוזאַמען מיטן עול פון אַ גאַנצער וואָך. די לייבער האָבן זיך צעוואַרעמט, עס האָט זיך געקאָכט און געטומלט. מען האָט געשוויצט, געזייפט זיך און געוואַשן איבערגעטון זיך אין נייע העמדער. די יידן וואָס האָבן אַ גאַנצע וואָך געיאָגט זיך נאָכן ביסל פרנסה, האָבן זיך מיטאַמאָל דערפילט ריין און דערהויבן. באַפרייט פון די ערדישע

צויטן, געלייטערט און באַנייט זיך, דער אָנקום פונעם שבת האָט זיך צעזונגען אין אַלע גלידער.

פון באָד האָבן די יידן געשפּאַנט אַהיים דערפרישט און געמיטלעך, אויפ־געהערט זאָגן און געטראַכט פון קדושה, פון תפילות. דאָס האַרץ איז געוואָרן אָנגעפילט מיט חדווה אַקעגן דעם אָנקום פונעם ליכטיקן שבת.

ביים טייכל האָט מען נאָך געקענט זען דעם בלינדן שלמה צוזאַמען מיט חיים־בערן שטיין און כאַפּן פיש לכבוד שבת. חיים־בער פלעגט מיט אַזאַ מין קאָטשערע אויפרודערן דאָס וואַסער און דער בלינדער שלמה האָט געהאַלטן אין האַנט אַ נעץ אָדער אַ פשוט זעקל און געפּרוווט מיט זיי כאַפּן די פיש און דערביי שרייען:

„כאים בעיא, אַ ריאַך... מ׳זעט דאָך נישט קיין פישל אויף קיין רפואה״.

פרייטיק פאַרנאַכט איז אין יידישע שטובן אין גראַבאָוויץ שוין געווען צוגע־רוימט. אויפן טיש, וואָס איז געווען געדעקט מיט אַ ווייס טישטוך, זענען געשטאַנען די זילבערנע לייכטער, וואָס מען האָט אָפּגעריבן מיט זאַמד, אַז זיי זאָלן גלאַנצן. צוויי שיינע חלות זענען געלעגן פאַרדעקט מיט אַ טישטעכל. ביי די לייכטער איז געשטאַנען די מאַמע, לייכט אַריבערגעבויגן איבער די אָנגעצונדענע ליכט און אירע ליפּן האָבן געמורמלט אַ שטילע תפילה, די תפילה פון ליכט־בענטשן, אין וועלכער זי האָט געבעטן פאַר מאַן און קינדער, פאַר יעדן יידן, געזונט און לעבן, טרייסט, בטחון און ישועות.

די אויגן פון דער מאַמען, הייליקע פון צער, הייליק ווי די געבענטשטע ליכט אין פרייטיק אויף דער נאַכט, ווי די פרייד, מיט וועלכער זי האָט באַגעגנט די שבת־מלכה. אירע ווייסע הענט האָבן ווי פליגל פון דער שכינה געשוועבט איבער די שבתדיקע ליכט.

ווידער האָט אינדרויסן זיך געהערט יחיאל מענדעלעס הייזעריק קול וואָס האָט גערופן:

„אין שיל אַריין, אין שיל אַריין!״

באַלד האָט מען גענומען גיין טאַטעס מיט קינדער צו קבלת־שבת. אין בית־המדרש האָט עס געבלענדט אין דער בלישטשענדיקער שיין, וואָס איז געגאַנגען פון אַלע לאָמפּן. די עדה מתפללים האָט זיך געטובלט אין ליכט.

דער בעל־תפילה אָדער חזן האָט געזונגען: „לכה דודי לקראת כלה״, איינ־געלאַדן די שבת־כלה מיט געזאַנג און לויב פאַר איר שיינקייט.

אַ וואַרעמקייט האָט אַרומגענומען דאָס האַרץ, עס איז געווען אַ וואַרעמקייט פון געהויבענער לעבנס־פרייד.

דער שבת איז געקומען אין שטעטל נישט בלויז ווי אַ שיינע כלה, נאָר

אויך ווי אַ טאַטע־מאַמע, וואָס האָט די אָרעמע שטובן פאַרוואַנדלט אין פּאַלאַצן, מלא חן, פול מיט שירה.

***

נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין פרי אַוועק פון גראַבאָוויץ, וועקן אין מיר די דערינערונגען פון שטעטל ליבשאַפט און טרויער נאָך די אַוועקגעגאַנגענע, נאָך די שוידערלעך אומגעקומענע.

## אסתר שטיינבערג־זמוסטער

# פרייטיק־צו־נאַכטסן

ציטערן נעמען מיך דורך ווען איך דערמאָן זיך אין אונדזער שטעטל און עס שווימען אויף פאַר מיינע אויגן קדושים, וועלכע זענען אַזוי שוידערלעך אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע מערדער. זיי זענען געווען הייליק ביי זייער לעבן און נאָך הייליקער ביים אומקום. הייליק האָבן זיי אָפּגעהיטן די שבתים און יום־טובים, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן. די גאַנצע גרויע וואָך איז געווען אַ האָרעוואַניע אַריינצוברענגען דעם שבת אין שטוב אַריין, צוגרייטן שבתדיקע מאכלים, מלבושים פאַר זיך און פאַר די קינדער.

אַ גאַנצע וואָך האָבן די יידן אין שטעטל זיך באַגנוגנט מיט אַבי־וואָס. עס זענען געווען שטובן, אין וועלכע מען האָט אַ גאַנצע וואָך געלעבט אויף טרוקן ברויט מיט קאַרטאָפל. ווען מען האָט אַמאָל אָפּגעקאָכט אַביסל קליסקעלעך מיט קאַרטאָפל פאַרבראָקט מיט אַ ציבעלע און צוגעגעבן אַביסל שמאַלץ — איז דעמלט אין שטוב געווען יום־טוב.

אויף שבת האָט מען אָבער צוגעגרייט פרישע חלות מיט פיש, ווין און אויך אַ שטיקל פלייש. געוויס זענען געווען אַזעלכע יידן, וואָס זענען נישט געווען בכוח דאָס אַלץ איינצוקויפן, האָבן זיך אָבער שטענדיק געפונען מענטשן, וואָס האָבן געדענקט אין יענע נויטבאַדערפטיקע און געזאָרגט, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן ווערן פאַרשעמט און זאָלן קענען מקבל־שבת זיין אויף אַ בכבודיקן אופן.

שיין זענען געווען די פרייטיק־צו־נאַכטסן אין יעדער יידישער שטוב. גאָר באַזונדערס האָבן עס געפילט די קינדער, וועלכע האָבן פרייטיק דערפילט די וואַרעמע אויפמערקזאַמקייט פון די מאַמעס, וואָס האָבן זיך געשפּיגלט אין זייערע אויסגעוואַשענע קעפּלעך און ניי־איבערגעטוענע וועש און מלבושים.

פרייטיק האָט דאָס גאַנצע שטעטל באַקומען אַן אַנדער אויסזען. עס האָט זיך געענדערט דער אויסדרוק אויף די יידישע פּנימער, די געפילן און מחשבות. אַ קליינינקייט — דער שבת קומט אָן.

די שטוב באַקומט אַן אַנדער פּנים, ווערט ריינער און לויטערער. אויפן טיש בלענדט דאָס ווייסע טישטוך און די זילבערנע לייכטער, די ברוינע חלות אויפן טיש.

אייגנטלעך האָט מען שוין אָנגעהויבן פילן די צוגרייטונגען נאָך דאָנערשטיק, ווען די מאַמע איז שוין נישט געשלאָפן ביז האַלבער נאַכט, פאַרקנעטן די טייגן אויף חלות און אָפּגעבאַקן ברויט אויף אַ גאַנצער וואָך. עס זענען געווען איינגעטיילט די פלאַמען פונעם אויוון. ביים ערשטן פלאַם האָט מען געבאַקן דאָס ברויט, ביים צווייטן — פלעצלעך, קניזשלעך מיט קעז און מיט אַנדערע געפילעכצן.

ווען דאָס האָלץ איז שוין געווען אויסגעברענט, פלעגט די מאַמע אַרויסשאַרן די קוילן פון אויוון און אַרויפלייגן אויף דער קיך, אויף וועלכער מען פלעגט קאָכן אַ גאַנצע וואָך. ביי די צעגליטע קוילן האָט זי צוגעשטעלט אַ געדישעכץ און שוין פרייטיק האָט מען געגעסן די פרישע פלעצלעך מיט פלייש. דאָס האָט געהייסן וואַרעמס, וואָס מען האָט געגעסן אינמיטן טאָג צווישן צוועלף און איינס אַזייגער.

פרייטיק־צו־נאַכטס איז אין די יידישע שטובן געווען ליכטיק, פריילעך. דאָס זענען מאָמענטן, וואָס זענען געבליבן אין זכרון הייליק און טייער.

איך דערמאָן זיך, ווען איך האָב שוין געהערט צום סקויט און אונדזערע דערציער זענען געווען, יידל שפּירא, יעקב בעכער און יוסף גודל, וועלכע האָבן דורכגעפירט מיט אונדז שמועסן אויף פאַרשידענע טעמעס, בעיקר וועגן ציוניסטישן אידעאַל.

שבת האָבן מיר זיך אויפגעהויבן פרי און גלייך פאַרטאָגס אַוועק אויפן שלאָסבארג, מיטגענומען ביכער צום לייענען און שפּעטער האָט יעדער אַרויסגעזאָגט זיין מיינונג, געטיילט זיך מיט איינדרוקן פון אַדורכגעלייענטן בוך.

עס דערמאָנען זיך מיר די צייטן ווען מיר פלעגן זיך טרעפן ביי מלכה גייסט. זי איז געווען אַ יתומה, אָן אַ טאַטן. איר מוטער פלעגט פאָרן אויף די יאַרידן, פאַרקויפן צוקערקעס און פון דעם האָט זי קוים אַרויסגעצויגן אויף חיונה פאַר אירע דריי קינדער.

דריי שוועסטער זענען זיי געווען: מלכה, שרה און הינדע. אַלע דריי זענען זיי געווען געבענטשט מיט אויסערגעוויינלעכער שיינקייט, כאָטש געוווּינט האָבן זיי אין שווערע באַדינגונגען, אַ קליין שטיבעלע פון דריי אויף צוויי מעטער. אינעם דאָזיקן שטיבעלע פלעגן מיר טאָקע איינאָרדענען אונדזערע באַגעגענישן. דאָ איז זיך צונויפגעקומען דער יידישער סקויט אין גראַבאָוויץ. אינעם דאָזיקן קליינעם שטיבעלע האָבן מיר זיך צומבעסטן געפילט, פלעגן פראַווען אַ סעודה און זינגען. אין די ענגע ד׳ אמות האָבן מיר געפילט ווי עס בינדט אונדז צונויף אַ גרויסער אידעאַל און אַ טיפע האַרציקע פריינדשאַפט.

שבת איז דאָס גאַנצע שטעטעלע פול געוואָרן מיט געזאַנג. אין די לאָקאַלן פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס האָט מען געזונגען און געטאַנצט "הראַ", באַפליגלט פון גרויסע אידעאַלן און חלומות וועגן אַ שענער לעבן אין אייגענעם לאַנד אָדער אידעאַלן פון אַ באַפרייטער מענטשהייט. אין די לאָקאַלן האָט מען דיסקוטירט, געהאַלטן פאָרלעזונגען, שמועסן און געזונגען ציון־לידער.

זיבן קינדער זענען מיר געווען ביי אונדזערע עלטערן ירוחם און גיטל שטיינבערג; דריי שוועסטער און פיר ברידער. מיין עלטסטער ברודער שבתאי איז אומגעקומען אין פראַנקרייך צוזאַמען מיט זיין פרוי ביילע און צוויי קינדער; דער צווייטער ברודער ישראל איז צוזאַמען מיט זיין פרוי איידל און צוויי קינדער אומגעקומען אין גראַבאָוויץ, דער דריטער, הערש־לייב, איז אויך אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און אונדזערע עלטערן. דער פערטער ברודער בנימין איז אומגעקומען אין וואַרשע.

נישט בעסער איז געווען דער גורל פון מיין שוועסטער רחל־לאה מיט איר מאַן בעריש דרוקער, וועלכע זענען דערהרגעט געוואָרן אין שווידניק שוין האַרט פאַר דער באַפרייאונג. די גאַנצע צייט פון דער מלחמה זענען זיי געווען באַהאַלטן אין שווידניק ביז די גויים האָבן זיי דערוויסט, זענען אָנגעפאַלן אויף זיי מיט שטעקנס און זיי דערהרגעט.

די צווייטע שוועסטער האָט געוווּינט אין זאַמאָשטש און איז דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט איר מאַן און צוויי קינדער.

איינע אַליין בין איך געבליבן פון מיין גרויסער פאַרצווייגטער משפחה און איך הער נישט אויף צו באַקלאָגן זייער טראַגישן אומקום.



שרה זאַץ

# נאָענטע מענטשן

גרויס איז דער ווייטיק ווען איך זעץ זיך אַוועק שרייבן וועגן אונדזער קליינעם שטעטל, וואָס איז אונדז אַזוי טיף איינגעבאַקן אין האַרצן. עס ווילט זיך באַנוצן דעם פאַרגלייך מיט טייערן וויין, וואָס מען טרינקט פון אַן ערדענער קריג. אונדזער שטעטל איז געווען קליין און גרוי, אָבער פול מיט גרויסן אינהאַלט, מיט נאָענטע און טייערע מענטשן.

מיר ווילט זיך דערמאָנען דעם שמש, איטשע לייבעלע, וואָס פלעגט רופן אין די פרייטיק פאַרטאָגן צו תהילים־זאָגן. זיין צעצויגענער רוף קלינגט מיר נאָך אין די אויערן ביזן היינטיקן טאָג, אַזוי רירנדיק איז געווען דער קלאַנג פון זיין קול:

"שטייט אויף, שטייט אויף צו עבודת הבורא".

די מענער זענען אויפגעשטאַנען און גלייך אַוועק אין בית המדרש זאָגן תהילים, די ווייבער האָבן זיך גענומען באַקן חלות לכבוד שבת.

באַזונדערס פריילעך זענען געווען די הוישאטענער חסידים. מען האָט זיי גוטמוטיק גערופן "שווישיאטענער פיאקעס", נישט חלילה, ווייל זיי זענען ווירקלעך געווען שיכורים, נאָר ווייל זיי זענען שטענדיק געווען פריילעך, געזאָגט, אַז דינען דעם אויבערשטיין דאַרף מען נאָר מתוך שמחה.

אַזעלכער איז געווען מיין טאַטע יוסף, מיין ברודער יצחק־דוד, מיין פעטער שאולקע, אלקנה קאַן, אברהם ראַפּאַפּאָרט און נאָך אַ סך אַנדערע חסידים, וועלכע האָבן אַ גאַנצע וואָך שווער געהאָרעוועט אויף פּרנסה, אָבער ווען עס איז געקומען שבת און יום־טוב, זענען זיי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פריילעכע שבת־יום־טובדיקע יידן.

יעדן מאָנטיק זענען אין גראַבאָוויץ פאַרגעקומען יאַרידן און פון אַלע דערפער זענען זיך געקומען צונויפצופאָרן די פויערים, געבראַכט צו פירן הינער און גענדז, גרינוואַרג און פּרוכטן.

עס זענען אויך געווען פערד־סוחרים, בהמות־הענדלער און עס פלעגן קומען יידן פון אַנדערע שטעטלעך איינהאַנדלען, קויפן און פאַרקויפן. דער

גרויסער יאַריד האָט געדאַרפט געבן פרנסה אויף אַ גאַנצער וואָך. געווען אין גראַבאָוויץ אַ סך אָרעמע שטובן, וואָס האָבן אַמאָל געפלעגט פירן אַ באַלעבאַטיש לעבן, אָבער זענען געוואָרן יורדים, געשעמט זיך מיט זייער אָרעמקייט און שטיל, קיינער זאָל נישט וויסן, צוגעהונגערט. מיין מוטער פלעגט זאָרגן פאַר אַזעלכע יידן, געגעבן צדקה בסתר.

געווען אין גראַבאָוויץ אַ ייד, וועלכן מען האָט גערופן שמואליקל סמאָלאַזש, געהאַט צוויי קינדער, אַ זון מיט אַ טאָכטער און אין שטוב ביי אים האָט געהערשט אַ שוידערלעכע אָרעמקייט, אָבער ער האָט נישט געוואָלט אָנקומען צו קיינעמס הילף, נישט געוואָלט נעמען ביי קיינעם קיין נדבה. מיין מאַמע האָט דערפאַר שטענדיק באַמיט זיך צו באַגעגענען מיט זיין ווייב, יענטע, וועלכע האָט געהאַנדלט אויפן מאַרק מיט רעטעכלעך, און צופאַרדינט פון פליקן פעדערן. מיין מאַמע האָט שטענדיק אויסגענוצט דעם תירוץ צו קויפן ביי איר רעטעכלעך און באַצאָלן איר מיט אַ גרעסערער סומע.

* *
*

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה זענען מיר אַנטלאָפן קיין לודמיר, פון וואַנען מען האָט אונדז פאַרשיקט קיין סיביר. נאָך אַ יאָר איז אונדז געלונגען אַרויסצופאָרן קיין פרונזע, פון די שווערסטע קעלטן — אין די גרעסטע היצן. פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן דורכגעמאַכט אַלע באַקאַנטע צרות, וואָס פליטים האָבן געמוזט דורכמאַכן בעת דער מלחמה אין ראַטנפאַרבאַנד. ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָט זיך פונסניי אָנגעהויבן אונדזער וואַנדערן, ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין אַמעריקע. געפאָרן מיט שיפן און באַנען, מיט פורן, באַלאָדן מיט פעק.

אונדזער חוב איז צו דערציילן און פאַראייביקן אין יזכור־בוך דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, כדי די קומענדיקע דורות זאָלן וויסן דעם אמת וועגן דעם גרויסן חורבן, דעם גרעסטן חורבן אין דער יידישער געשיכטע.



# אַ מעשה נורא וועגן אַ ייד, וואָס איז דערשאָסן געוואָרן

אין מיין זכרון האָט זיך מיר איינגעקריצט איינע פון די שוידער־לעכסטע פּאַסירונגען, וואָס עס איז ווען געשען אין גראַבאָוויץ. דאָס איז געשען, ווען דער בעל־עגלה פּנחס קארניס איז געפאָרן מיט זיין פערד־און־וואָגן, פירנדיק פּאַסאַזשירן פון גראַבאָוויץ קיין הרוביעשאָוו, דורך מאַלדאַטיטש. ווען ער איז אָנגעקומען צו די מאַלדאַטיטשער פעלדער, האָט ער פּלוצלינג איבערגעלאָזט די פּאַסאַזשירן אַליין און די פערד זענען אַליין געפאָרן. די פּאַסאַזשירן האָבן פון גאָרנישט געוווּסט, ווייל ער האָט נישט דערציילט וועגן זיינע פּלענער. ער איז צוגעגאַנגען צום פעלד, ווו עס זענען געשטאַנען אָפּגעשניטענע בינטלעך קאָניטשינע און צוגעכאַפּט צוויי בינטלעך און זיי אַרויפגעוואָרפן אויפן וואָגן און אָנגעהויבן שנעל אַנטלויפן שמייסנדיק די פערד, וועלכע האָבן אָנגעהויבן גאַלאָפּירן מיט דער גרעסטער שנעלקייט.

אָפּפאָרנדיק אַן ערך 300 מעטער פון יענעם פעלד האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שומר, אַ פּאַראָבעק פון מולדאַטיטשער הויף, וועלכער האָט באַמערקט, אַז דער בעל־עגלה האָט צוגעגנבעט די קאָניטשינע. דער שומר האָט אָנגעהויבן נאָכלויפן דעם וואָגן, שרייענדיק, ער זאָל זיך אָפּשטעלן, אָבער דער בעל־עגלה האָט נישט געוואָלט אים הערן און האָט ווייטער גאַלאָפּירט מיט דער גרעסטער שנעלקייט. דער שומר האָט אויסגעשאָסן אין דער לופטן, אָבער דאָס האָט אויך נישט אָפּגעשראָקן אים און איז ווייטער געפאָרן. דער שומר האָט אָבעו־ נישט אָפּגעלאָזט און האָט אָנגעהויבן שיסן גלייך אין וואָגן אַריין צילנדיק אין די פּאַסאַזשירן. און אַזוי איז טאַקע געשען. עס איז אַריין אַ קויל אין וואָגן און תיכף געטראָפן גלייך אין קאָפּ אַריין איינעם פון די טייערסטע יידן פון גראַבאָוויץ. אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אַ בעל־צדקה און אַ בעל־גמילות־חסדים.

דאָס האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע בהלה אין דער פוּר. מען האָט געוואָלט דעם ייד ראַטעווען, אָבער עס איז נישט געווען מיט וואָס. יידן האָבן צעריסן זייערע העמדער, געמאַכט באַנדאַזשן צום באַנדאַזשירן דעם קאָפּ פון פאַרווונדעטן. אָפּשטעלן האָבן מיר מורא געהאַט, ווייל דער שומר האָט געהאַלטן אין איין

שיסן. דערווייל האָט די ווונד שטאַרק געבלוטיקט און פאַרגאָסן מיט בלוט דעם גאַנצן וואָגן.

אַזוי זענען מיר אָפּגעפאָרן ביזן דאָרף ברעשטש, פיר קילאָמעטער פון גראַבאָוויץ און דאָרט האָבן מיר תיכף געדונגען אַ צווייטן וואָגן מיט שטאַרקע פערד, ווייל די פערד זענען שוין געווען מיד פון דעם שווערן וועג.

אָנקומענדיק פאַרטאָגס קיין גראַבאָוויץ זענען מיר גלייך צוגעפאָרן צום דאָקטאר סטאַנקאָוו, און ער האָט תיכף קאָנסטאַטירט דעם טויט.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן געמוזט באַלד איבערגעבן די טרויעריקע בשורה דער פאַמיליע. זיי האָבן דעמאָלט געוווינט אין רינעק ביי שעיה זאַץ, דער טאַנדייטניק, אין זיין הויז אויפן שטאָק.

די אומגליקלעכע משפחה, די פרוי מיט דריי קינדער האָבן אָנגעהויבן לויפן מיט שרעקלעכע געשרייען און געיאָמערט איבער די גאַסן פון שטעטל און, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך אויפגעוועקט און געלאָפן צוזאַמען מיט די אומגליקלעכע צום דאָקטאר, ווו דער מת איז נאָך געלעגן. עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער טומל און רעש. פרויען, מענער און קינדער, אַלץ איז געווען אין גאַס. אין יענע צייטן, מיט זעכציק יאָר צוריק, אין אַ קליין שטעטל, ווען עס האָט זיך געטראָפן אַזאַ אומגליק, האָט דאָס גאַנצע שטעטל געטרויערט און גרויס איז געווען דאָס מיטגעפיל צו דער משפחה, אַלע האָבן זיך באַצויגן צו דער אלמנה און יתומים מיט אַ סך וואַרעמקייט. דער פאַל איז טאַקע געווען אַן אויסטערלישער. עלטערע מענטשן האָבן נישט געדענקט, אַז עס זאָל אַמאָל געשען אַזאַ פאַל אין גראַבאָוויץ.

איצט האָט זיך אָנגעהויבן אַ מעשה מיט פאַלמעסן. דעם טויטן קערפּער האָט מען נישט אַהיימגעפירט, ווייל ער האָט געוווינט אויף אַ שטאָק, אין איין צימער מיט דריי קינדער, נאָר מען האָט אים אַריינגעפירט צו אַביש שוואַרצנבערג, וועלכער האָט געהאַט אַן אַריינפאָר־הויז מיט אַ רעסטאָראַציע. דאָרט איז געווען אַ לאַנגער ליידיקער פּלאַץ, וואָס איז געווען געדעקט מיט אַ דאַך און פון אַלע זייטן אָפן. דאָרט האָט מען אַוועקגעלייגט דעם טויטן קערפּער און אַלע מענטשן פון דער גאַנצער שטאָט האָבן זיך פאַרזאַמלט, געוויינט און געקלאָגט אויף דעם שרעקלעכן אומגליק.

די צוגרייטונגען צום פאַלמעסן זענען נישט געווען אַזוי פּשוט, ווייל קיין טעלעפאָנען און טעלעגראַפן האָבן נאָך אין יענע צייטן אין גראַבאָוויץ נישט עקזיסטירט. די באַפעלן זענען איבערגעגעבן געוואָרן נאָר דורך רייטערס אויף פערד, וועלכע זענען דאַן דעם גאַנצן פאַרמיטאָג געלאָפן פון גראַבאָוויץ קיין הרוביעשאוו אַהין און צוריק.

ערשט נאָכמיטאָג איז אָנגעקומען פון פּאָוויאַט די גאַנצע נאַטשעלסטווע מיט די דאָקטוירים, וועלכע זענען צוגעטראָטן צום פּאַלמעסן דעם טויטן קערפּער. דאָס גאַנצע שטעטל איז געווען אָנווענזנדיק דערביי און די געוואַלדן און געשרייען זענען געווען אין לשער און זיי האָבן געדויערט די גאַנצע צייט פון פּאַלמעסן.

טוביה קראַטמאַן, ניו־יאָרק

# יידיש לעבן

אומפאַרגעסלעך זענען די דערינערונגען, די איבערלעבענישן אין מײַן קליין געבוירן־שטעטל גראַבאָוויץ. איך געדענק דעם וועג קיין הרוביעשאוו, די וועגן קיין זאַמאָשטש און קיין כעלם, די וועגן און שטעגן, וואָס האָבן זיך געצויגן צווישן בערג, צו וועמענס הייך מיר האָבן געהויבן אונדזערע בליקן. צום העכסטן האָט זיך אונדז אויסגעוויזן דער שלאָסבארג, וואָס איז געווען דער באַרימסטער פּלאַץ אינעם שטעטל און האָט אין יעדן פון אונדז איבערגעלאָזט זיסע דערינערונגען און טיפע איבערלעבענישן.

ווער קען פאַרגעסן די אָנגענעמע שפּאַצירן אין די שבתים און ימים־טובים איבער די דאָזיקע וועגן, די אויספלוגן פון פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציעס און די ספּאָרט־פאַרוויילונגען?!

טייער זענען אונדז די דערינערונגען וועגן די חדרים און מלמדים, וועגן די שילן און חסידים־שטיבלעך, קלובן און ביבליאָטעקן. אַלע האָבן זיי פאַרגעשטעלט מיט זיך אינטענסיוו יידיש לעבן אין אונדזער אַלט־יונג־שטעטל.

מען האָט געזאָגט, אַז אונדזער שטעטל איז שוין אַלט 400 יאָר, אָבער נישט איינמאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס יידישע לעבן ציט זיך שוין דאָרטן ביי אַ טויזנט יאָר.

מיר דערמאָנען מיט בענקשאַפט די נאַטור־לאַנדשאַפט אַרום דעם שטעטל, די פעלדער און סעדער, דעם קאַלינקאַ־טייך, וואָס האָט זיך געצויגן ביזן דאָרף גראַבאָווטשיק, פאַרביי וואָיסלאָוויץ און טישעוויץ. מיר האָבן טיף אין זיך אַריינגעאָטעמט די מחיהדיקע ריחות, וועלכע האָבן אַרומגעשוועבט אין דער לופטן,

געבראַכטע פון לינדן ווינטל, פון די נאָענטע און ווייטע פעלדער, אויף וועלכע עס האָט געבליט דער קאָרן און ווייץ, פון די גרינע לאָנקעס, פון די הויכע בערג, צו וועלכע אונדז האָט אַזוי געצויגן, ווייל ווען מיר זענען אַרויפגעקומען אויבן, האָט זיך געעפנט פאַר אונדז אַן אָטעם־פאַרכאַפּנדיקער אויסבליק: וועלדער, בערג. אָ, וויפל זכרונות רופט דאָס אַלץ אין אונדז אַרויס.

נישט געקוקט אויף דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע, אויף דעם אַנטי־סעמיטיזם פון אונדזערע פוילישע שכנים, האָט דאָך דאָס יידישע לעבן געשפרודלט אין אַלע זיינע אויסדריקן, אין חסידות און אין מאָדערנער יידישער קולטור.

געוועזן אויך געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָנגערוקט ווי אַ שווערער וואָלקן איבערן יידישן הימל אין גראַבאָוויץ. אַזאַ איז געווען די גרויסע שריפה, וואָס איז אַנטשטאַנען ביי נח פּיטנעוויצערס הויז, צוליב אַ ליכט, וואָס האָט געברענט אויפן בוידעם־שטיבל, ווו מען האָט געהאַלטן די הינער. אַ סך יידישע איינוווינער זענען שווער געטראָפן געוואָרן פון דער שריפה, אָבער דאַ האָט זיך אַרויסגעוויזן דאָס גרויסע יידישע רחמנות־געפיל און יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן האָט געברענגט הילף און די מענטשן צוריקגעשטעלט אויף די פיס.

פאַרשטייט זיך, אַז צום לעבהאַפטיקסטן איז געווען די טעטיקייט פון דער יוגנט. די צוויי ביבליאָטעקן, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטעטל, זענען געווען אויסגעשטאַט מיט די נייעסטע ביכער, יידישע, העברעאישע און פוילישע. און עס איז כמעט נישט געווען קיין יוגנטלעכער, וועלכער זאָל נישט באַזוכן די ביבליאָטעקן.

געווען ביי אונדז אַ פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין, וועמענס אַקטיוויסטן זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן באַוווסטזיין און גרויסן אידעאַל צו קעמפן פאַר בעסערע באַדינגונגען און העכערע לוינען פון די יידישע אַרבעטער.

די פּאַרטייען זענען זיך צעוואַקסן און עס זענען געקומען צו היציקע דיסקוסיעס, שטורמישע וויכוחים, צוזאַמענשטויסן מיטן עלטערן דור פרומע יידן, וועלכע האָבן מורא געהאַט, אַז זייערע קינדער נעמען גיין אויף שלעכטע וועגן, קערן זיך אָפּ פון יידישקייט. אָבער נישט געקוקט דערויף האָט יעדער פון אונדז דאָס געפיל, אַז דאָס לעבן אין שטעטל איז געווען רואיק, שלווהדיק און כמעט אידיליש.

ליב זענען מיר די פאַרשידענע חסידים־שטיבלעך, וואָס זענען געווען אין אונדזער שטעטל. אין יעדן שטיבל האָט מען געגלייבט אין אַן אַנדערן רבין. מיין פאָטער מאָטע, איז געווען אַ קוזמירער חסיד, אָבער נישט געקוקט אויף דער פאַר־שידנקייט פון די חסידישע דרכים, האָט ביי אַלע געהערשט ברידערלעכקייט.

וואַרעמע יידישקייט האָט מען אויך געפילט צווישן די פּשוטע יידן אין בית המדרש און אין פאַליש, ווו זישע וואַסערטרעגער און זעליקל פלעגן שבת־צו־נאַכטס זינגען "ויתן לך..."

געאַטעמט מיט אַלטער ייִדישער געשיכטע האָט אויף אונדז פונעם אַלטן בית־עולם, פון די אַלטע מצבות מיט די אָפּגעריבענע אויפשריפטן, וואָס האָבן דערציילט, אַז ייִדן האָבן דאָ געלעבט מיט הונדערטער יאָרן צוריק.

איך דערמאָן זיך דעם פאַל מיט דעם גוי, וואָס האָט זיך געהאַט אויסגעדרוקט, אַז ער וועט נאָך אויסהרגענען אַלע ייִדן פון שטעטל. מיר, יונגוואַרג, האָבן נישט קיין מורא געהאַט, אַז ער וועט אונדז אויסהרגענען, אָבער דאָך האָבן מיר געהאַלטן, אַז מען דאַרף אים אָנלערנען פאַר אַזעלכע רייד. און אין איינער אַ נאַכט האָב איך צוזאַמען מיט שאולקע פייערס און אלי פיטנעוויצער אים אָפּגעוואַרט און אין דער פינצטער האָבן מיר אים גוט אָנגעקלאַפּט די ביינער. אויף זיינע געשרייען זענען געקומען צו לויפן פּאָליציאַנטן, אָבער זיי האָבן שוין קיינעם נישט געטראָפן, ווייל מיר האָבן באַוויזן זיך אָפּצוטראָגן.

זינט דעמאָלט האָט ער מער נישט געוואַגט צו רעדן וועגן הרגענען ייִדן.

אין שטעטל האָט מען געוווּסט וועמענס אַרבעט דאָס איז געווען, אָבער קיינער האָט זיך נישט אַרויסגעכאַפּט מיט קיין וואָרט.

די יוגנט אין גראַבאָוויץ האָט געאַרבעט און געלערנט. מען האָט געלערנט אין די בתי־מדרשים, אין די חסידים־שטיבלעך, דאָס זענען געווען די, וואָס האָבן זייער גאַנץ יונג לעבן אַוועקגעגעבן דער תורה. די, וואָס האָבן געמוזט גיין צו דער אַרבעט, זענען אין די אָוונטן געקומען אין די לאָקאַלן פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, דורשטיקע נאָך וויסן און בילדונג.

שיין זענען געווען די שבתים אין אונדזער שטעטל. שבת נאָכן טשאָלנט איז דער עלטערער דור געשלאָפן, אָבער יונגוואַרג האָט זיך צעשאָטן איבער די אַרומיקע וועלדער און נישט געקענט באַגרייפן ווי קענען עס מענטשן איינליגן אין די בעטן, ווען אינדרויסן שיינט אַ וואַרעמע זון און די וועלט איז אַזוי רחבותדיק.

פאַרנאַכט־צו האָבן זיך אויך באַלעבאַטישע ייִדן אַרויסגעלאָזט אויף אַ שפּאַציר, געווען פאָרזיכטיק נישט אַרויסצוגיין נאָכן עירוב. ישיבה־בחורים פלעגן אין מיטן אַ פּילפּול נישט באַמערקן, אַז זיי זענען צו ווייט אַרויס און ווען זיי האָבן זיך געכאַפּט, האָבן זיי זיך שנעל צוריקגעצויגן אין שטעטל אַריין.

צענדליקער מעשיות און אַנעקדאָטן זענען אַרומגעגאַנגען אין שטעטל פון מויל צו מויל. עס ווילט זיך וועגן דעם אַלעם דערציילן, פאַראייביקן די שיינע געשטאַלטן פון אונדזערע טאַטעס און זיידעס, ווי זיי פלעגן אויסנוצן יעדע פרייע שעה כּדי לערנען און ווי זיי פלעגן שטיין אין די ווינקלען פון בית המדרש און אויסטענהן זיך מיטן רבונו של עולם און דערנאָך געפילט זיך געלייטערט, ריין פון חטאים.

מיר דאַכט זיך, אַז עס וואָלט אַזוי גוט געווען אַצינד אַװעקצוזעצן זיך אין אַזאַ בית המדרש צוהערן זיך ווי די ייִדן לערנען, שאָקלען זיך איבער דער גמרא, פֿאַרטיפֿטע איבער אַ ספֿר און אַזאַ גרויסע רואיקייט איז אַרום זיי.

אַ סך האָבן מיר געלערנט אין אונדזער שטעטל, געלערנט פֿון די ספֿרים און געלערנט פֿון לעבן, געוווּסט, אַז לופֿט־פּרנסה איז אַ שווער שטיקל ברויט, געטראַכט, אַז יעדער דאַרף האָבן אַ פֿאַך און לעבן פֿון אַרבעט, געזען ווי שווער עס איז אונדזערע עלטערן, ווען זיי האָבן געדאַרפֿט לעבן פֿון קרעמערײַ, געזען ווי גרויס עס איז געווען זייער צער, ווען זיי האָבן נישט געקענט ברענגען די פּרנסה אין שטוב אַרײַן.

גאָר שווער איז געווען די, וואָס האָבן געהאַט דערוואַקסענע טעכטער חתונה צו מאַכן. עס איז געקומען די צײַט און עס איז נישט געווען צו געבן קיין נדן. ווען זיי האָבן זיך אַוועקגעשטעלט דאַווענען שטיל מיט כּוונה האָבן זיי, חוץ אַלע לויבן פֿאַרן רבונו־של־עולם געהאַט צו אים נאָך אַ באַזונדערע בקשה — אַ זיווג פֿאַר זייערע טעכטער, וועלכע עס גייט שוין דער דריטער יאָרצענדליק און עס איז נאָך אַלץ אַזוי גרויס די מורא, זיי זאָלן נישט פֿאַרזיצן ביזן גרויען צאָפּ.

די ייִדן זענען גרייט געווען אַרײַנצונעמען איידעמס אויף קעסט אין זייערע אָרעמע שטובן און אויב זיי וועלן נישט וועלן וווינען מיטן שווער און שוויגער, איז מען גרייט געווען די גאַנצע שטוב אָפּצוטרעטן און אַליין גיין נעכטיקן ערגעץ־ווו, אין שטיבל אויפֿן אויוון. דער עיקר — אַ ייִדישע טאָכטער טאָר נישט פֿאַרזעסן ווערן.

די מיידלעך ביי אונדז זענען דאָך געווען ערלעכע ייִדישע קינדער, געהאַט גאָלדענע הענט און נישט איינע פֿלעגט טאָג־און־נאַכט זיצן ביי דער מאַשין, נייען פֿויערשע העמדער, קורטקעס, געהאָרעוועט נעבעך, געהיטן, אַז די שטוב זאָל זיין אין אָרדענונג.

די צייט איז פֿאַוואָליע געגאַנגען, ביז עס האָט זיך ענדלעך אָפּגעפֿונען דער באַשערטער. דאָס שטעטל האָט נישט צוגעלאָזט, אַז אַ מיידל, זאָל חלילה, פֿאַר־זעסן ווערן.

דערפֿאַר האָט מען שטענדיק מקנא געווען די, וואָס האָבן געהאַט זין און האָבן נישט געדאַרפֿט טראָגן אויף זיך דעם עול פֿון נדנים.

ערגער, אומעטיקער איז געווען אין שטעטל הארבסט־צייט, ווען עס האָט גענומען רעגענען און עס זענען געוואָרן טיפֿע בלאָטעס, אין אַזעלכע טעג האָט דאָס לעבן אין שטעטל אויסגעזען נאָך שווערער. מיטאַמאָל האָט זיך גענומען אויסווייזן, אַז אַלע יאָרן זענען אַדורך אָן תּכלית און מען האָט גענומען בענקען אַרויסצוקריגן זיך אין דער ווייטער וועלט.

# יאַרידן

די יאַרידן אין שטעטל, וואָס זענען פֿאָרגעקומען יעדן מאָנטיק, זענען שוין געווען איינגעפֿירט פֿון לאַנגע יאָרן און זענען געווען דער הויפּט־מקור פֿון דער פּרנסה פֿאַר די איינוווינער אין שטעטל. מען פֿלעגט זיך גרייטן צום יאַריד מיט אַ טאָג פֿריער און אָפֿט אַ גאַנצע וואָך. די טאַנדייטניקעס האָבן שוין געהאַט זייערע שטענדיקע פּלעצער אויפֿן מאַרק, לענגאויס דעם שאָסיי. אַנדערע פֿלעגן זונטיק ביינאַכט אַרויסגיין אויפֿן מאַרק, אַוועקלייגן אַ ברעט און דאָס האָט געהייסן, אַז דער פּלאַץ איז דורך זיי פֿאַרנומען.

פֿאַרבייגייענדיק ביילע גיטעלעס שטוב האָט שוין זונטיק געשמעקט פֿון דאָרט מיט פֿריש געבעקס. דאָס האָט זי געגרייט ווערים קיכלעך מיט געמישט ברויט. די ווערים־קיכלעך פֿלעגן זיין אַ רפֿואה קעגן ווערים. וואָס פֿלעגן זיך ″באַווייזן″ יעדן ראש חודש. עס האָט זיך געפֿירט, סיי ביי קריסטן סיי ביי יידן, אַז ווען אַ קינד האָט געהאַט ווערים, האָט מען געקויפֿט ביילע גיטעלעס קיכעלעך און דאָס האָט גלייך געהאָלפֿן...

מאָנטיק אינדערפֿרי, פֿון באַגין, האָט זיך אָנגעהויבן שטעלן דער מאַרק. לענגאויס פֿון ביידע זייטן שאָסיי, פֿון קאַפּראַסקין ביז איטשע האַרשעווערס זענען געווען אויסגעשטעלט די סטראַגאַנעס, טייל מיט ברעזענטענע דעכלעך, אַנדערע אָפֿענע, אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער האַנדל. ווער עס פֿאַרקויפֿט און ווער עס האָט איינגעקויפֿט די פּראָדוקטן ביי די פּויערים. אַלץ איז געווען צו באַקומען, פֿון שיך־בענדלעך ביז היטלען און קאַפּעליושן, אַלערליי תבואות און גרינסן, עופֿות און בהמות.

צום יאַריד פֿלעגן אויך קומען סוחרים פֿון טישעוויץ און אַנדערע נאָענטע שטעטלעך און האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אויפֿן מאַרק פֿאַרקויפֿן זייערע פֿאַר־שידנערליי סחורות, מלבושים, שטיוול א. א.

כמעט דאָס גאַנצע שטעטל האָט אָנטיילגענומען אין יאַריד. עס האָט זיך געקאָכט און געשפּרודלט ווי פֿון אַ קוואַל דער לעבעדיקער האַנדל. אויך דוד אבישעס ″גאַסטהויז″ איז אין יאַריד־טאָג געווען שטאַרק באַשעפֿטיקט. דאָרט האָט מען געקריגן מאַרינירטע הערינג, אַ הייס גלאָז טיי.

אלמנות, וואָס האָבן פאַרלוירן זייערע פרנסה־געבער, האָבן אין יאַריד־טאָג איינגעשפאַנט זיך אינעם האַנדל, פאַרקויפט צוקערקעס און געבעקס, כדי צו קענען שפּייזן זייערע קינדער, ווי למשל חנה די אונטוביטשער־גייסט, רעליע א. א.

פון די שניט־קרעמער און גאַלאַנטעריע־סוחרים איז אָפּגערעדט, גאַנצע משפחות זענען געווען באַשעפטיקט, טאַטע־מאַמע און די קינדער — אַלץ האָט פאַרקויפט און געהאַנדלט.

פון פרימאָרגן אָן זענען פול געפּאַקטע פורן מיט פויערים און פויערטעס געפאָרן אויף אַלע וועגן, וואָס האָבן פון די אַרומיקע דערפער און דערפלעך געפירט אין שטעטל אַריין און האָבן מיט זייערע וועגענער באַזעצט דאָס גאַנצע שטעטל.

דאָס געיעג נאָך פרנסה איז אָנגעגאַנגען מיט דער גאַנצער היץ. עס איז געווען אַ געראַנגל פאַרן פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן און במילא האָבן אויך נישט געפעלט קיין קריגערייען, וואָס זענען אויסגעבראָכן צוליב קאָנקורענץ. אויב איטשע הארשעווער האָט געצאָלט זעקס גראָשן פאַר אַן איי האָט עס ביי שיע באשקעלעס אויסגעזען אַ "שטייפער פרייז". דאָס איז געגוג געווען, אַז מען זאָל זיך נעמען קריגן און נאָך די זידלערייען איז עס שיעור נישט דערגאַנגען צו פעטש.

מיר, קינדער, האָבן דווקא ליב געהאַט צו זיין דאָרטן ווו עס איז געווען לעבעדיק. אויך אַזאַ אייער־סקאַנדאַל האָט צוגעצויגן אונדזער אויפמערקזאַמקייט און מיר האָבן דערפון געהאַט צו רעדן אויף אַ גאַנצע וואָך. גאָר באַזונדערס האָבן מיר ליב געהאַט צו שטיין נעבן קאַטערינאַזש, וועלכער האָט געהאַט אַ פּאַפּוגיי, וואָס האָט אַרויסגעצויגן אַן איינגעוויקלט פּאַפּירל מיט אַ רינגעלע אָדער אַן אַנדערע זאַך. דאָס האָט געקאָסט צוואַנציק גראָשן.

מיר האָבן ליב געהאַט צוצוקוקן זיך ווי מען פּלעגט אָנמעסטן אַ פויער אַ מאַרינאַרקע און געצויגן זי אין אַלע זייטן. ווו דער פויער האָט געוואָרפן די אויגן איז די מאַרינאַרקע געלעגן אַקוראַט אויף אים, ווי אָנגעמאָסטן.

די קולות און געשרייען אויפן מאַרק האָבן פאַרהילכט די לופט. מען האָט גערופן קונים, געשלעפּט זיי צו זיך אין קרעמל און צוגעזאָגט מציאות. עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין גנבים. אינעם רעש פון שטופּעניש האָבן די זאַמאָשטשער גנבים געהאַט גוטע געלעגנהייטן און נישט איינמאָל האָבן זיי אויסגעליידיקט די קעשענעס פון אַ פויער, וואָס האָט נאָר וואָס פאַרקויפט אַ קו.

די "טאַרגאָוויצע" — דער מאַרק פאַרן האַנדל מיט פערד, קי און חזירים — איז געווען אַ ספּעציעלע אַטראַקציע פאַרן קליינוואַרג. יידן פּלעגן דאָרט בייטן פערד, קויפן און פאַרקויפן. מען האָט זיך געקלאַפּט אין די הענט, דערלייגט אַ פינפערל און ווידער אַ קלאַפּ אין דער האַנט. עס האָט אַ הנאָה געטון ווי מען פּלעגט אַמאָל, אויף להכעיס, אַ פויער, וואָס האָט זיך געהאַלטן ביים פרייז,

איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט אַראָפּלאָזן קיין גראָשן, האָט מען אים אָנגעהאַקט אַ האַנט אויף צו געדענקען.

נאָכמיטאָג, ווען דער האַנדל האָט זיך שוין געענדיקט, האָבן די פּויערים האָבן שוין זייערע סחורות פֿאַרקויפֿט און איינגעקויפֿט זאַכן, וואָס זענען נויטיק געווען פֿאַר זייער ווירטשאַפֿט, האָבן זיי ליב געהאַט אַריינצוגיין צו אברהם מאַליעס, אויסצוטרינקען אַ כוסה און נישט איינמאָל איז דאָרט געווען לעבעדיק. ראזשאנסקאַלע פֿלעגט זיך אָנשיכּורן און האָט אָנגעהויבן ברעכן גלעזער.

פֿאַרנאַכט זענען די פּויערים זיך פֿונאַנדערגעפֿאָרן צוריק אין זייערע דערפֿער, דער מאַרק האָט זיך אויסגעליידיקט און דאָס שטעטל האָט ווידער באַקומען דעם נאָרמאַלן וואָכעדיקן אויסזען. אין די שטובן האָט מען געציילט דעם פּדיון צי עס וועט סטייען אויף אַ גאַנצער וואָך ביזן קומענדיקן יאַריד.

נאָך יעדן יאַריד האָבן לצים געהאַט וואָס צו דערציילן, זאַכן וואָס זיי האָבן געזען מיט די אייגענע אויגן. אַ טאַטע מיט אַ זון, פֿאַרשטייט זיך פֿרומע יידן, האָבן אויפֿגעקויפֿט ביי די פּויערים און פּויערטעס עופֿות פֿאַר די רייכע באַלעבאַטים, געטאַפּט דעם אונטערשטן טייל פֿון הינדל, צי עס איז פֿעט. דער פֿאָטער האָט געפֿרעגט דעם זון, צי ס'איז אַ גוט הינדל. טאַפּט דער זון און דער שמועס צווישן ביידע גייט אָן האַלב לשון קודש און האַלב יידיש : טוב מאוד... בלא פּעדערן...

## מחלוקות צוליב "תכלת"

די חסידים־שטיבלעך האָבן זיך געפֿונען אין אַ באַזונדערער געגנט. פֿאַרבייגייענדיק דאָס האשאַטינער שטיבל, האָט מען איבערגעלאָזט פֿון דער לינקער זייט דאָס שטאָטישע בית המדרש און מיט צעבראָכענע קלאַטקעס איז מען געגאַנגען פֿאַרביי זיסקינד גלאָמבּ און נאָך אַ שטיקל וועג וואָס האָט געפֿירט פֿון רעכטס צו דער פֿאַרשטאָט, צום סקערבישאָווער וועג, גלייך צום וואַסער און די לאָנקעס, איז זיך געשטאַנען אַן איינזאַם הייזקע, כמעט אין ווינקל, ביים סוף פֿון שטעטל. דאָס איז געווען דאָס ראַדזינער שטיבל.

דאָס ראַדזינער שטיבל איז געווען עטוואָס קלענער פֿונעם האשאַטינער און פֿון בעלזער, אָבער אינעווייניק איז געווען גאַנץ באַקוועם. עס האָבן דאָרט געדאַוונט אַן ערך 60 מתפּללים און דערנעבן האָט זיך געפֿונען דאָס ווייבערישע שילעכל, וואָס אין די ימים־נוראים האָט עס זיך אויסגעוויזן צו קליין, אָבער אַ גאַנץ יאָר איז עס געווען גענוג באַקוועם.

דאַוונען פֿלעגט מען נאָך פּרייטיק און שבת. פּרייטיק־צו־נאַכט האָט יוסף לאזער געהאַט די חזקה צו דאַוונען פֿאַרן עמוד קבלת שבת און די מתפּללים זענען שוין געווען צוגעוווינט צו אים.

מאַכט זיך אַמאָל אַ געשיכטע, אַז די עלטערע חסידים, צו וועלכע עס האָבן געהערט: דוד וואַרשעווער, יאָסל באַרנשטיין, ירחמיאל באַרנשטיין, הערש קראשניקער און נאָך אַנדערע אַנגעזעענע חסידים, וואָס האָבן באַשלאָסן, אַז ביים דאַווענען פאַרן עמוד קען נאָר דער, וואָס טראָגט תכלת און האָט אַ באָרד.

דאָס האָט שטאַרק פאַרדראָסן די "גאַלעבראָדניקעס": סטייטש, וואָס פאַראַ רעכט האָבן זיי צו זיין די בעלי־דעה און אַרויסגעבן גזרות?

מען האָט טאַקע באַשלאָסן נישט צו לאָזן זיך, ויהי מה...

אַזוי ווי ראַדזין האָט זיך געפירט שבת צו דאַווענען שחרית אַביסל שפּעטער ווי אין אַנדערע שטיבלעך, האָט מען באַשטימט, אַז יונגוואַרג וועט קומען פריער און מען וועט פאַרכאַפּן דעם עמוד.

וכך הוה:

אהרון לינדנבוים האָט זיך נישט געלאָזט בעטן און צוזאַמען מיט די אַנפירער פונעם "בונד": דוד זינגער, שלמה ערליך, אהרון זיסמאַן און אנדערע, האָט מען זיך גלייך געשטעלט דאַווענען און דווקא מיט גרויס התלהבות, אַז דער "הודו" האָט זיך געלאָזט הערן ווייט איבערן שטילן שבתדיקן שטעטל.

באַלד זענען טאַקע געקומען צו לויפן די מחמירים, אָבער דער עמוד איז שוין געווען פאַרכאַפּט האָבן זיי זיך געשטעלט דאַווענען אין דער זייט פון ארון קודש און האָבן געפּרוווט איבערשרייען די אַנדערע מיט זייער דאַווענען. עס איז געוואָרן לעבעדיק, מען האָט זיך געקריגט, אָבער צו קיין געשלעג איז נישט געקומען. ראַדזינער חסידים זענען געווען פיינע מענטשן, האָבן זיך געקענט ווערטלען, זידלען, אָבער ביז אַ גרענעץ.

דער סוף איז געווען, אַז עס האָט זיך געענדיקט מיט אַ קידוש רבתי, מיט פעטע לאָקשן, אַ קוגל און מען האָט זיך דערביי דערציילט דברי תורה פונעם רבין.

ראַדזינער חסידים האָבן גערן זיך דערציילט פון די שיינע טעג, ווען דאָס ראַדזינער שטיבל איז אויפגעבויט געוואָרן דורך אהרון דוד ערליך, וועגן אַנדערע אַנגעזעענע חסידים, וועגן דער משפחה זינגער, אברהם יוסף טענענבוים א.א., וועגן אַריינפירן אין שטיבל די נייע ספר־תורה, וואָס איז געפייערט געוואָרן מיט גרויס שמחה.

ווידער איז געוואָרן שלום ושלווה. אַלע האָבן מסכים געווען, אַז מען דאַרף אָפּהיטן יידישקייט און טראָגן תכלת אין די ציצית.

אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן אינעם שטעטל, שטילע גרויע טעג און התלהבותדיקע שמחות, דאָס דביקותדיקע דאַווענען פון מענדל שוחט, די שבתדיקע תפילות, קליין און גרויס האָבן הנאה געהאַט פון זיין געזאַנג וואָס פלעגט אין די פרייטיק־צו־נאַכטסן זיך צעקלונגען איבער די שטילע געסלעך פונעם שטעטל.

# פרקי עבר

... עיירה זעוערת היתה גרבוביץ, כולה בנויה בתים קטנים ועלובים, סמטאות לא סלולות ושוק מסכן אך עליז. רק בקושי עלה בידי יהודי גרבוביץ לפרנס את משפחותיהם רבות הילדים. שמה לא יצא לתהילה ברחבי העולם, לא בזכות רבנים גדולים ולא בזכות חכמי תורה. לא היתה בה תעשיה ולא אוצרות טבע — אך לעומת זאת "בורכה" במצוקה וזו היתה שרויה כמעט בכל בית שני. עם זאת ידעה העיירה שמחת חיים ומשובת נעורים, אנשיה היכו שרשים עמוקים בהווי העיירה ובמסורת היהודית, כאשר אהבת האדם טבועה עמוק־עמוק בלבותיהם ומשרות מרוחם ומהווייתם על כל המסבובב אותם, ותכונותיהם — פשטות, ענווה ודרך־ארץ בין אדם למקום, אולם לא פחות מזה בין אדם לחברו. מפרקי העבר, הכתובים בידי מרדכי פינק, אליעזר איינס, אפרים לרנר, יוסף ואברהם נודל, יוסף בוים ועוד ועוד עולים לפנינו דפוסי החיים והמנהגים שנוצרו מתוכם וקבעו את הליכות חייו של הגרבוביצאי בכל יום ויום, מבוקר ועד ערב, וכך נמשך הדבר מדור לדור, והתי־אורים משקפים את העצמיות ואת המקוריות, שקרנו באלפי נגוהות ושלל צבעי חן ותפארת. האישים והיחידים, עליהם כותבים במדור זה, הזקנים והצעירים, היו אנשים בעלי צורה מובהקת, כי בגרבוביץ לא היו שולחים את הזקנים למושב זקנים, או כפי שקוראים לזה אצלנו — בית אבות. שם גדלו הנכדים בצל כל אילן היחוסין שלהם, עד דור שלישי ורביעי, ומעניין, זה לא הזיק לאיש מהם ולא קיפח נעורים בריאים. כל אחד מהם היה מעורה במשבצת הקהילה והיה יונק מהם את יניקתו הרוחנית והיה תורם לה מאונו ומהונו הדל, משפיע ומושפע כאחד ובכל זאת לא ניטשטשו תכו־נותיו האישיות של כל אחד במסגרתה של העיירה, היו ערים ותוססים, דופק החיים פעם בהם בעוז ובנשמתם כוסף טמיר לנשגב ולנאצל שבחיים, לקדושה ואצילות, כל אחד לפי ערגתו ולפי החברה שהיה שייך לה, ועיקרם זיווג של פשטות ובינה, הוא־הוא הזיווג שעמד לבני גרבוביץ בעצם עמידתם ופעלם, והיא־היא הקינה על החורבן האיום, הנשמעת מהתיאורים, מהרישומים והשרטוטים של כל אחד משארית הפליטה של קהילת גרבוביץ. ובקוראך — לבך נרגש ואף יבכה במסתרים.

העורך

# מסכת גרבוביץ



רבוביץ לא הדביקה בהתפתחותה עיירות אחרות בפולין, אולי בשל מצבה הגיאוגרפי: תחנת הרכבת היתה מרוחקת מן העיירה, הדרכים המשובשות הכבידו על הקשר עם העולם הגדול; וחוסר חשמל ורשת מים הכביד על תושבי המקום ביצירת מקורות פרנסה. על כן התבססו החיים הכלכליים בעיקר על מסחר קמעוני, על ה"ירידים" בעיירה ובעיירות הסמוכות. את הסחורות היו מביאים בעגלות מחלם, זמושץ' ולובלין, והיו מוכרים אותם לכפרי הסביבה. היו גם חייטים, סנדלרים, נגרים ועוד מענפי המלאכה הזעירה. האיכרים היו מביאים לשוק עגלות טעונות תבואות, עופות, ביצים, תפוחי־אדמה, ירקות ופירות ומוכרים את סחורתם לחנוונים וקונים אצלם את המצרכים הדרושים להם.

השוק הוא מרכזה של העיירה. כיכר כריסנית, עגולה ומרווחת וחנויות עוטרות אותה מכל קצותיה, כשרשרת פקיעה שלא הודקו חוליותיה, משום ששבילים ומסלולים רבים מוליכים מן הכיכר אל כל רחובותיה וסימטאותיה של העיירה. מכל עבר ופינה פונים אל הכיכר ולא רק לשם מקח־וממכר בימות הירידים, כי גם סתם, בכל ימות השנה, כשנמאסה הישיבה בבית, פונים אל השוק. שם מוצאים תמיד דבר־מה לענות בו. המקום מרווח. יושבי קרנות והולכי בטל מטיילים שם ארוכות וקצרות בכל עת ושעה.

שרשרת של בתים וחנויות ולפניהם שולחנות ומדפים, שנשים סחרניות צובאות סביב. סחר כל העיירה מתנהל בחנויות אשר בכיכר, לרבות השולחנות והמדפים אשר לפניהן: כל מיני מלבוש, אריג, עורות ובשמים, נעליים וכובעים, פרי־עץ ואדמה ובשר־עוף ובהמה, כל מעשי־ברזל וגרוטאות, גם לבד ואדרות, כל פרי־מגדים ודייסה הנעשים לעיניך בבתי־הריחיים. גם ה"מסבאה" ושאונה הרב העולה מתוכה.

המולה רבה עומדת כל היום בכיכר ומתהדדת משם דרך המבואות והשבילים

האפלים אל הרחובות והסימטאות הבודדים שלארכם ולרחבם הם, אך באמת עומדים הם כולם מסביב לכיכר וקשורים ודבוקים בו קשר בל ינותק. מכל אתר שתפנה תצטרך לסור אל השוק, ואל כל סימטא שתמהר אנוס אתה לעבור דרך השוק ואם גם תרצה להתחמק, אתה מרגיש כי מאות עינים רואות אותך ונוהות אחריך עד שרגליך נפתלות וכושלות וזרועות ידיך משתלשלות כיוצאות־דופן שאינך יודע איפה להסתירן. אף השמש, העולה אי־שם מאחורי היער, כשתתייצב מעל השוק בגבורת שלהבתה היוקדת בצהרי היום, תתגלה ותתנוצץ במלוא גאונה. הרחובות והסימטאות התקועים במישרים מסביב לשוק יטו אוזן־דרוכה ונרגשת לשאונו כל היום כאילו כל חיותם תלויה בו. רק בערוב היום, עם נטות דליקת השקיעה לעבר היער הסבוך והירוק, תרפה המתיחות תוך עייפות ואין אונים. גם זיו־זוהר הלבנה על תוגת יפעתה הכוספת תיבחן רק כשתופיע מעל השוק בתכלת הלילה בשלהי האביב. דומיית־כסף רועפת משם על כל גגות הקש והפח בלחש רז, מרטטות הסימטאות תוך נמנום וצופות אל השוק השוקט דרך חרכי הגדרות ופתחי המבואות הצרים. רק עזים, כלבים וחתולים עזובים מתרוצצים מסביב ונוברים בשאריות שמתחת למדפי ה״שוקניות״. אי־שם מתפרץ ילל חתולים מחריד כבכי תינוקות מעונים. הילדים הישנים על מטותיהם מתכסים בכסתות בפחד ומהרהרים הרהורי־תשובה תוך שינון שבע פעמים שבע בכוונה רבה ״לישועתך קויתי״, סגולה בדוקה המחלשת כוחו של פגע־רע רח״ל ומשתיקתו מיד. ושוב דוממות הסימטאות, והשוק שוקט על נוהגו הסהרורי עד בוא החלבן מן הכפר עם עגלתו החורקת, ושואב המים מתחיל להקיש הקשות עמומות במשאבה החלודה, הצינורות החלודים צורחים ומחלחלים שעה ארוכה תוך נשימת־חנק ביובש צורם, עד שלבסוף מתפרץ החוצה בנהימת נאקה שפך מים חיים.

השוק מתנער ואתו הסימטאות. פסיעות מהירות מהדהדות, אור כהה מחוויר את הבתים והחנויות הרדומים. יום חדש עולה על גרבוביץ והיהודים נחפזים לברך עליו בשם ומלכות. והיו ימים שעלה גם הד פטישו של ברל השמש בהקישו בסימטאות על אדני החלונות. נוגה יתחנן קולו הצרוד: ״עורו, התייצבו נא, קומו לעבודת הבורא! עורו, יהודים, בית־המדרש כבר עומד וממתין לכם, מהרו לאמירת תהילים!״

יום חדש בא לעולם, נפתחים לרווחה שערים, דלתות וחלונות ומתחילים חיי היהודים בעיירה. מי שהולך לאט עקב בצד אגודל, כאילו מונה הוא כל פסיעה ופסיעה, נושם כבדות ומתאנח בקול ואף עומד לפוש ולשאוף רוח על־יד בית המדרש; ומי שממהר ומבליע שם תפילה־חטופה, כדי להספיק לצאת לכפר.

כך היו יהודי העיירה שקועים בתוך ההווי שלהם, הווי יהודי מקורי של חיים

באַגער פון די יידישע יוגנטלעכע אין אונדזער שטעטל העלפן אויפבויען ארץ־ישראל. אויף צוזאַמענפאָרן האָבן זיי מיך געפרעגט, באַלד אינדערפרי האָט שוין עמיץ דאָס צוגעטראָגן מיין פאָטער, דערציילט, אַז אויף יענער פאַרזאַמלונג זענען געווען יונגען און מיידן, וואָס האָבן זיך צוגעהערט צו מיין רעדע. די, וואָס האָבן דאָס צוגעטראָגן, האָבן אויך מסתמא צוגעגעבן די גרויסע געפאַר, וואָס איך שטעל מיט זיך פאָר פאַר דער יידישקייט אין שטעטל.

אין יענעם טאָג איז מיין פאָטער אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענער, געפרווווט מיט מיר איינטענהן מיט גוטנס און מיט בייזנס, גערעדט וועגן זיין חלום, איך זאָל אויסוואַקסן אַ פרומער און גאָטספאַרכטיקער ייד און דאָ לאָז איך זיך אויף אַזאַ גליטשיקן וועג.

איך בין געווען איינגעעקשנט און זינט דעמאָלט בין איך שוין כמעט יעדע נאַכט געקומען אין לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע. די טעטיקייט האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער אַנטוויקלט. מיר האָבן געלערנט עברית, געזונגען לידער פון בענקשאַפט צו ציון און געזאַמלט געלט אויף קרן קיימת. פון צייט צו צייט זענען אָרגאַניזירט געוואָרן דיסקוסיעס צווישן ציוניסטן און בונדיסטן.

אין שטעטל זענען געווען אויך צוויי פאָלקיסטן: יהושע דעם קרומען מאָטלס איידעם און דער לערער גבריאל ראָזען. יהושע האָט געשריגן, אַז דאָס זאַמלען געלט פאַר ביימער אין יער הרצל איז נישט מער ווי אַ שווינדל, ווייל ער איז געווען אין ארץ ישראל און ווייסט, אַז עס איז דאָרט נישטאָ קיין יער הרצל. אין גאַנץ ארץ ישראל איז נישטאָ קיין ריטל פון אַ בעזעם...

עס איז געווען די התלהבות פון די יוגנטלעכע פאַר דעם גרויסן אידעאַל פון שיבת ציון וואָס האָט גובר געווען די אַלע שטערונגען, סיי מצד די אַקטיוויסטן פון די אַנדערע פאַרטייען און סיי מצד אונדזערע פרומע עלטערן.

אונדזער אָרגאַניזאַציע האָט זיך דעמאָלט גערופן: "אגודת הציונים".

די אַרבעט האָט זיך כסדר אויסגעברייטערט, עס זענען אָפט פאָרגעקומען פאָרלעזונגען, אויף פאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס, אָוונטן פון געזאַנג. עס זענען אַרויסגעטרעטן רעדנער, וועלכע זענען געקומען פון די גרעסערע שטעט. עס איז אָנגעגאַנגען אַן אינטענסיווע קולטור־אַרבעט.

ווינטער האָבן מיר געדונגען אַ קאַמער, געקויפט האָלץ, אַליין געזעגט און צעהאַקט און דערנאָך פאַרקויפט עס. דאָס געלט איז געגאַנגען פאַר אָרעמעלייט. פאַר פסח האָבן מיר ביי הענעך פאַרקיבעקער אָפּגעדונגען זיין בעקעריי, ווו מיר האָבן געבאַקן מצות פונעם מעל, וואָס די אָרעמע יידן האָבן אונדז געברענגט. אונדזער אַרבעט איז געווען אַ פריווילעגיע און קיינער האָט דערפאַר נישט גענומען באַצאָלט. די מיידלעך, מיטגלידערינס פון אונדזער אָרגאַניזאַציע, זענען

געווען די וועלגערינס. די בחורים האָבן געטון די פּראָסטע אַרבעטן, געערדלט און דערנאָך אָפּגעטראָגן די מצות צו יעדן איינעם אַהיים.

## אַ שול פֿאַר עברית און פּויליש

ווען משה בעכער האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון זיין פּאָסטן בין איך אויסגעווײלט געוואָרן אַלס דער יושב־ראש, אָדער ווי מען האָט עס דעמלט גערופֿן: פּרעזעס. יעדער טאָג האָט מיט זיך געבראַכט נייע פּראָבלעמען. שמעון רופא האָט זיך אומגעקערט פֿון ווייטן רוסלאַנד און מען האָט אים געמוזט צוריקגעבן זיין דירה. מיר האָבן גענומען זוכן און קוים געפֿונען אַן אַנדערן לאָקאַל, אויסגעברייטערט די אַרבעט, איינגעאָרדנט אַ שול צו לערנען עברית פֿאַר דערוואַקסענע און פֿאַר קינדער, מיט וועלכע מיר האָבן אויך געלערנט פּויליש. דער ערשטער לערער איז געווען אַקס, וואָס איז געקומען פֿון גאַליציע און האָט געטון זיין אַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט.

מיטן טויט פֿון יהושע ערליך האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע געליטן אַ שווערן פֿאַרלוסט. ער איז געווען דער חוט השדרה פֿון דער אָרגאַניזאַציע. זיין לוויה האָט איבערגעלאָזט אַ שטאַרקן רושם. דערביי איז אויך געקומען צו אַ קאָנפֿליקט מיט דער חברה נושאים, ווייל מיר האָבן באַשלאָסן, אַז די נושאי המיטה זאָלן זיין חברים פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע. די חברה נושאים האָט זיך קעגנגעשטעלט און געדראָט, אַז ס׳וועט זיך גיסן בלוט, זיי וועלן נישט דערלאָזן, מען זאָל ביי זיי צונעמען די מצווה.

מיר האָבן זיך באַמיט זיי אויפֿצוקלערן, אַז מיר האַלטן עס פֿאַר אַ כבוד המת אויסצודריקן אים אונדזער שטאַרקע צוגעבונדנקייט און דערמיט וואָס זיינע חברים וועלן טראָגן די מיטה. ווייזט אויס, אַז זיי האָבן עס פֿאַרשטאַנען, זיך באַרואיקט און מסכים געווען, מיר זאָלן זיין די נושאי המיטה.

ביים קבר האָט וואַלוויש בעכער אים מספּיד געווען. דאָס איז אין גראַבאָוויץ געווען דאָס ערשטע מאָל, דער ערשטער פֿאַל פֿון האַלטן אַ ציוניסטישע רעדע ביי אַן אָפֿענעם קבר און דערצו נאָך אַ יונגער בחור. וואַלוויש בעכערס רעדע האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

ביזן היינטיקן טאָג איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון די געשטאַלט פֿון מיין טייערן חבר וואַלוויש בעכער, זיין טיפֿע אינטעליגענץ, ברויזנדיקע ענערגיע, שטאַרקער ווילן און גרויסער אידעאַליזם. דאָס זענען געווען די הויפּט־שטריכן פֿון זיין כאַראַקטער. ער האָט אָן אויפֿהער געשטרעבט צו גיין פֿאָרויס, אַלץ ווייטער און העכער. געשטרעבט אונדז צו העלפֿן מיט אַלע זיינע כוחות און פֿעאיקייטן. עס איז דעריבער אַזוי שווער צו שרייבן וועגן אים ווי וועגן

אַ טויטן, פונקט ווי ער אַליין, איז אויך דער אָנדענק וועגן אים געבליבן באַליבט און פאַרערט.

מיט דער צייט האָט דער זאָל זיך אַרויסגעוויזן צו קליין פאַר דער שול און מען האָט געדונגען ביי זינדל מאָטעלעס צוויי צימערן און מען האָט צוגענומען צוויי לערער. ראזעל איז געווען דער לערער פון פויליש, שטערן — לערער פון עברית. חוץ דעם וואָס שטערן איז געווען אַ הייסער ציוניסט, איז ער אויך געווען אַ גוטער רעדנער און האָט זייער שיין געזונגען. אַזוי אַרום איז ער געוואָרן די נשמה פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

דער רוב פון אונדזער יוגנט איז געווען אַ רעליגיעזע, אַ סך זענען געזעסן און געלערנט אין בית המדרש. שטערן איז אָבער געווען אַ פרײדענקער און ער האָט איינגעפירט, אַז דווקא פרייטיק־צו־נאַכטס, זאָל מען קומען אין לאָקאַל, הערן רעפעראַטן, זינגען און טאַנצן. דאָס האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין שטעטל און זייענדיק פאָרזיצער פון דער אָרגאַניזאַציע האָב איך זיך געזען געצוווּנגען נישט צו דערלאָזן די פרייטיק־צו־נאַכטיקע צוזאַמענקונפטן. איך האָב דורכגעפירט, אַז פרייטיק־צו־נאַכטס זאָל דער לאָקאַל זיין געשלאָסן.

## "צעירי ציון"

עס איז געקומען די ציוניסטישע קאָנפערענץ אין כעלם, אויף וועלכער עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדען די נייע פאַרטיי "צעירי ציון". דאָס איז נישט צוגעגאַנגען אַזוי גלאַטיק. עס זענען פאָרגעקומען הייסע דיסקוסיעס וועגן דער פראַגע. אין די אָוונטן האָט עס זיך געקאָכט און געררוישט. איך אַליין האָב געהערט צו דער מינדערהייט, וואָס האָט זיך אין אָנהויב קעגנגעשטעלט דעם שאַפן אַ נייע פאַרטיי און איך האָב רעזיגנירט פונעם פאָרזיץ אין אונדזער אָרגאַניזאַציע.

## דער געזעגנונג־אָוונט

די יאָרן זענען געלאָפן, איך בין געוואָרן אַ חתן, חתונה געהאַט און זיך באַזעצט אין לובלין. פאַר מיין אַוועקפאָרן פון גראבאוויץ האָט די אָרגאַניזאַציע איינגעאָרדנט מיר אַ געזעגנונגס־אָוונט. חברים האָבן געהאַלטן רעדעס, גערעדט דברים היוצאים מן הלב און ביזן היינטיקן טאָג באַגלייטן מיך זייערע וואַרעמע רייד, וואַרעמע בליקן און וואַרעמע הערצער.

דאָס זענען נאָר קורצע פראגמענטן פון מיינע איבערלעבונגען אין גראבאוויץ פאַראַן אַזויפיל צו שרייבן, אַזויפיל צו דערמאָנען, פאַקטן, געשעענישן, געשטאַלטן, אָבער ווו נעמט מען די פעדער דאָס אַלץ צו שילדערן.

# דער שטרייק

אַט דערמאָן איך זיך דעם שטרייק, וואָס איז פֿאָרגעקומען אין יאָר 1904. די שטרייק־באַוועגונג איז אָנגעגענאַגען אין גאַנץ פּוילן און האָט אויך נישט אויסגעמיטן אונדזער שטעטל. אייגנטלעך האָבן ביי אונדז כמעט אַלע בעלי־מלאכות געאַרבעט אַליין און נישט געהאַלטן קיין פֿרעמדע אַרבעטער. בלויז ביי די טאַנדייטער זענען געווען באַשעפֿטיקט געזעלן און לערניינגלעך. זיי האָבן עס טאַקע געשטרייקט, געשטעלט נייע פֿאָדערונגען.

מערסטנס זענען עס געווען מיידלעך. אויך אין מיין פֿאָטערס וואַרשטאַט זענען געווען באַשעפֿטיקט אַרבעטערינס, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט שטרייקן, קודם־כל דערפֿאַר, וואָס זיי זענען געווען בעסער באַצאָלט ווי ביי אַנדערע טאַנדייטערס און די אַרבעט איז נישט געווען קיין שווערע. אָבער ווען מען האָט זיי גערופֿן צום שטרייק־קאָמיטעט האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי קענען נישט שטרייקן, ווייל עס קומט זיי געלט און עס קען פֿאַרפֿאַלן ווערן.

יאַנקל קאַזאַק, וועלכער איז געווען דער אָנפֿירער פֿונעם שטרייק, האָט זיי פֿאַרזיכערט, אַז דער שטרייק־קאָמיטעט וועט צווינגען דעם "בורזשוי" צו באַצאָלן. מיין פֿאָטער האָט זיך געבאָרגט געלט אויף פּראָצענט און אויסגעצאָלט רעגולער יעדע וואָך, ווייל ער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז זיינע אַרבעטערינס זאָלן אַהיימגיין פֿרייטיק אָן באַצאָלט. דער סוף איז געווען, אַז עס האָבן נישט געהאָלפֿן יאַנקל קאַזאַקס דראָאונגען און די אַרבעטערינס פֿון אונדזער וואַרשטאַט האָבן נישט געשטרייקט. אין אַ צייט אַרום איז דער זעלבער יאַנקל קאַזאַק געוואָרן אַ טאַנדעטניק, ביי וועלכן עס האָבן געאַרבעט מיידלעך פֿאַר אַ ביליקן לוין און ער האָט געהאַט אַ שם פֿאַר אַן אויסניצער...

איך געדענק, ווען אליעזר דער רביצינס האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער טאָבע איז געקומען אַ דעלעגאַציע פֿון שטרייק־קאָמיטעט און געפֿאָדערט אַ געוויסע סומע אויף אונטערצושטיצן די שטרייקער. נאָך אַ לאַנגן דינגען זיך איז מען דורכגעקומען מיט דער סומע און ערשט דאַן האָט מען געקענט שטעלן די חופּה.

די אַקטיוויטעט פֿון דעם שטרייק־קאָמיטעט האָט אָנגעהאַלטן אַ קורצע צייט, ביז מען האָט זיי אַרעסטירט. דער פּראָצעס איז פֿאָרגעקומען אין הרוביעשאָוו און די אָנפֿירער פֿונעם שטרייק־קאָמיטעט זענען פֿאַרמשפּט געוואָרן צו עטלעכע חדשים תּפֿיסה.

די דאָזיקע עפּיזאָדן דערמאָנען זיך ווי אויפֿן ראַנד פֿונעם שפּרודלדיקן לעבן פֿון אונדזער שטעטל, וואָס איז דער עיקר באַשטאַנען פֿון פֿרומע, ערלעכע יידן. אָט זע איך פֿאַר זיך יהושע פּיוולס און זיין איידעם שלום וויינריב, הרישאַטינער

חסידים, רייכע יידן, וואָס האָבן צו זיך אַרויסגערופן דרך־ארץ אויך צוליב זייער שיינער האַלטונג.

איך דערמאָן זיך ווי מען האָט דערציילט וועגן דעם חסיד אליעזר בער, וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ גרויסן למדן, אַ תלמיד פונעם רבין ר׳ בונים פון פשיסכע. אַרום אים האָבן זיך געוועבט פאַרשידענע חסידישע מעשיות, וועגן פלוגתאס צווישן פשיכסע און קאצק און אַנדערע רביים און רבנים. מען האָט דערציילט, אַז ר׳ אליעזר בער גראבאוויצער זאָל האָבן אַמאָל אַרויפגעשפּרונגען אויפן טיש, אויפגעקנעפּלט זיך דאָס העמד, געקלאַפּט זיך אויפן נאַקעטן האַרץ און געשריגן: ״נעסכיזשער רבי, קוקט אַריין אין מיין האַרץ, וועט איר זען ווער מיין רבי איז!״

דערביי האָט מען זיך דערציילט, אַז ער איז געווען אַ גרויסער אָרעמאַן, נאָר ער אַליין האָט עס נישט געוויסט, ווייל ער איז געווען פול אָנגעשטאָפּט מיט גייסטיקע אוצרות און ער האָט נישט פאַרשטאַנען צו וואָס אַ ייד דאַרף האָבן געלט, וואָס פאַרגרעבט דעם מענטש. זיינע געדאַנקען זענען שטענדיק געווען אין די עולמות העליונים.

נאָך דער פּטירה פון פשיסכער רבין איז ער גלייך מיטן ״חידושי הרי״ם״ געווען פון די, וואָס האָבן געקרוינט דעם קאצקער רבין אַלס ממלא מקום, און ער איז אַלע זיינע יאָרן געבליבן אַ יושב אין קאצק.

פּאַר מיינע אויגן שטייט דער גראבאוויצער רב, ר׳ אהרון יוסף שאר און דערנאָך זע איך פאַר זיך די געשטאַלט פון ר׳ רפאל לייבעלעס, וואָס איז געווען רב אין אַ שכנותדיק שטעטל.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה אין יאָר 1914 זענען דורך גראבאוויץ דורכגעגאַנגען אַ סך מיליטערישע איינהייטן, וואָס האָבן מאַרשירט צו דער עסטרייכישער גרענעץ. טייל פון זיי האָבן זיך פאַרהאַלטן אין שטאָט אויף עטלעכע טעג.

## מיינע מלמדים

בחיל ורעדה פּרוּוו איך באַזונדער באַשרייבן מיינע חדר־יאָרן, פון מיין ערשטן דרדקי־מלמד ביז צו מיין לעצטן רבין. האָבן דאָך אונדזערע חז״ל געזאָגט: ״תהי מורא רבך כמורא שמיים״. איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז מיין זכרון איז שוין צו שוואַך אויף צו געדענקען מיט דער גאַנצער קלאָרקייט זאַכן און מענטשן, וועלכע איך האָב אָנגעהויבן צו באַגעגענען מיט 73 יאָר צוריק. דערפאַר איז מעגלעך, אַז איך וויל פון גאַנצן האַרצן אויסמיידן יעדן בלויז, יעדן פעלער, אַז עס טוט מיר וויי יעדעס וואָרט, וואָס קען אָנרירן עמעצנס כבוד אָדער קען

אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ רעזולטאַט פון אַ בייז האַרץ פאַר די פעטשלעך, וואָס איך האָב טיילמאָל באַקומען פון מיינע מלמדים. דער אמת איז, אַז דאָס איז געווען אַ זעלטנהייט און איך האָב קיינמאָל נישט געטראָגן, חלילה, קיין בייז האַרץ אויף זיי און נישט קיין שנאה אויף קיין איינעם פון מיינע מלמדים. פאַרקערט, איך טראַכט וועגן אַלע מיט דרך־ארץ און דאַנקבאַרקייט פאַר דער תורה, וואָס זיי האָבן מיט מיר געלערנט, פאַר די גוטע מידות, וואָס זיי האָבן זיך באַמיט איינצופלאַנצן אין מיין קינדעריש האַרץ און מוח.

איך גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז יעדעס שטרענגע וואָרט פון מיינע מלמדים, צי אפילו אַ לייכטער קלאַפּ פון זיין האַנט, איז געקומען נישט פון שנאה, נאָר פון גרויס אהבה און איבערגעגעבנקייט צו זייער אַרבעט, אין וועלכער זיי האָבן געזען אַ הייליקע עבודה.

מען דאַרף וויסן און געדענקען, אַז די מלמדים פון יענע צייטן זענען געווען איבערגעלאָדן מיט צרות און יסורים, געליטן אָרעמקייט און נויט. דערצו האָבן זיי נישט ווייניק יסורים פאַרשאַפט די קונדייסים, יענע יינגלעך, וואָס לא די זיי האָבן נישט געוואָלט לערנען, האָבן זיי געטון אַלץ אויף אָפּצוטון דעם מלמד צרות, צוגעטראַכט פאַרשידענע קונץ־שטיקלעך, וואָס זאָלן דעם מלמד פאַרשאַפן אומזיסטע ליידן.

דער מלמד אין אונדזערע צייטן האָט זיך גאָר שטאַרק אונטערשיידט פון די היינטיקע לערער מיט זיין איבערנעמען זיך מיט דער דערציאונג פון זיינע תלמידים, האָט זיך אָנגעשטרענגט איבער די כוחות, אַז די לימודים זאָלן אַריינ־דרינגען אין די יונגע מוחות און נאָך אַ גאַנצער וואָך שווער האָרעווען, האָט דער מלמד געמוזט אויך שבת גיין צו יעדן תלמיד אַהיים, פאַרהערן דאָס יינגל אין קעגנוואָרט פון זיין פאָטער, און אויב דער תלמיד האָט נישט אַרויסגעוויזן די געהעריקע קענטענישן האָט זיך דער מלמד געפילט שולדיק און עס האָט געהייסן אַז ער לערנט שוואַך.

אין אונדזער שטעטל האָט דאָס פאַרהערן דעם תלמיד אָפט אָנגענומען דעם כאַראַקטער ווי מען וואָלט פאַרהערט דעם מלמד. ווי שווער איז געווען דאָס לעבן פונעם מלמד, ווען עס האָבן זיך אין זיין חדר אַריינגעכאַפּט עטלעכע תלמידים, וועלכע האָבן נישט געוואָלט לערנען, ווייל זיי האָבן זיך ליב געהאַט צו שפּילן, אָדער זענען סתם געווען פאַרשטאָפּטע קעפּ. דעם בידנעם מלמד איז דעמאָלט געווען נישט מקנא צו זיין.

גרויס איז געווען זיין צער צוצוקוקן ווי זיין שווערע האָראָוואַניע ברענגט נישט קיין רעזולטאַטן און דערצו האָט ער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז אויפן צווייטן זמן וועט ער זיך דאַרפן זוכן נייע תלמידים, ווייל די עלטערן וועלן די

שולד אַרויפֿגעוואַרפֿן אויפֿן מלמד און נישט אויף די פֿאַרשטאָפּטע קעפּ פֿון זייערע זין.

אמת, אין יענע צייטן איז דער קאַנטשיק געווען איינס פֿון די דערציִאונגס־מיטלען אינעם חדר, אָבער מען דאַרף פֿעסטשטעלן, אַז זעלטן ווער פֿון די מלמדים אין אונדזער שטעטל האָט אים גערן גענוצט. עס איז געווען מער אָפּצושרעקן און ווען ער איז שוין געווען געצוווּנגען צו באַנוצן זיך, האָט עס דער שווערער תלמיד כשר פֿאַרדינט, ווייל ער האָט שוין געמוזט גאָר שטאַרק דערצערנען דעם מלמד, עס זאָל אים באַוועגן אויפֿצוהייבן די האַנט און געבן אַ קלאַפּ.

איך וויל אונטערשטרייכן, אַז איך קען נישט שרייבן וועגן אַלע מלמדים אין אונדזער שטעטל, ווייל איך האָב זיי נישט געקענט פֿון אייגענער דערפֿאַרונג און ווייס דערפֿאַר נישט דעם כאַראַקטער פֿון זייערע חדרים און פֿון זיי אַליין. איך וועל שרייבן נאָר וועגן די מלמדים, ביי וועלכע איך האָב געלערנט אין משך פֿון צען יאָר.

## ר׳ משה מלמד

ווען איך בין אַלט געוואָרן דריי יאָר האָט מען מיך איינגעוויקלט אין טאַטנס טלית און געטראָגן מיך אין חדר אַריין צו משה מלמד. יענער טאָג האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון. עס איז מיר שווער צו זאָגן, צי איך בין געגאַנגען דעמאָלט אין חדר מיט גרויס חשק, אָבער עס איז געווען ביי מיר אַן אָפּקומעניש. איך געדענק נאָר, אַז מיין מאַמע האָט מיך גענומען אויף די הענט און אַוועק־געטראָגן אין חדר אַריין, איבערגעגעבן מיך אין רבינס הענט און ער האָט מיך אַוועקגעזעצט נעבן זיך, גענומען אַ סידור מיט גרויסע אותיות און אָנגעהויבן מיך לערנען דעם אלף־בית. מיר ווייזט זיך אויס, אַז דאָס איז פֿאַר מיר נישט געווען שווער צו באַנעמען, מעגלעך, אַז איך האָב שוין פֿון פֿריער עפּעס געקענט. אינעם ערשטן חדר האָב איך געלערנט דריטהאַלבן יאָר, ד.ה. פֿינף זמנים. אין יענע צייטן האָב מען ביי אונדז אין שטעטל באַצאָלט דעם מלמד פֿאַר אַ גאַנצן זמן, ד.ה. פֿון פּסח ביז סוכות און פֿון סוכות ביז פּסח.

עס ווילט זיך מיר דערציילן וועגן דעם רבין פֿון יענער צייט, אָבער איך בין דאַך דעמאָלט נאָך געווען אַ קינד און געדענק נאָר, אַז דער רבי האָט געהאַט אַן איינגעבויגענעם פֿינגער און אַז ער האָט אַ יינגל געגעבן אַ פּעטשל אין פּנים אַריין, האָט באַזונדערס וויי געטון דער קלאַפּ פֿונעם איינגעבויגענעם פֿינגער. אין חדר האָבן געלערנט אַן ערך פֿערציק תלמידים אין פֿאַרשידענעם עלטער.

דער מלמד האָט געהאַט צוויי זין דערוואַקסענע בחורים און אַ קליין מיידל, וואָס פלעגט זיך צוהערן ווי דער רבי לערנט מיט די יינגלעך און אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זי אַליין קען אויך לערנען.

מער ווי די שטרענגקייט פון רבין געדענק איך די גוטסקייט פון דער רביצין, אַ שטילע און גוטע פרוי, וואָס האָט אַרויסגעוויזן די קינדער אַ סך מוטערלעכע צאַרטקייט.

משה מלמד איז געווען אַ בעלזער חסיד, אַ שטילער און ווילער ייד, און האָט זיין אַרבעט געטון מיט גרויס איבערגעגעבנקייט און זיין פּנים פלעגט שטראַלן פון נחת ווען די תלמידים האָבן אַרויסגעוויזן התמדה צוגעהערט זיך אויפמערקזאַם צו זיינע שיעורים. דאַקעגן איז זיין פּנים געוואָרן פאַרוואָלקנט און טרויעריק, ווען ער האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס, וואָס ער לערנט דערגייט אינגאַנצן נישט צו טייל פון די תלמידים.

שפּעטער, ווען איך בין שוין געווען עלטער און געלערנט אין בית־המדרש פאַר זיך, פלעג איך אים זען אין די ווינטער־אָוונטן, אין די שפּעטע שעהן, ווען זיינע צוויי באַהעלפערס האָבן שוין געהאַט אָפּגעפירט די תלמידים אין זייערע היימען. ער פלעגט דעמאָלט אַריינקומען אין בית־המדרש, וואָס איז געווען נאָענט צום חדר, אָפּגעדאַוונט מעריב ביחידות, ווייל די מנינים האָבן שוין פון לאַנג געהאַט אָפּגעדאַוונט. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לערנען, אָדער אַריינגעקוקט אין א ספר.

## ר' בערל מלמד

געווען אין שטעטל נאָך אַ דרדקי־מלמד, וועלכן מען האָט גערופן בערל־מלמד. ווען עס איז אויסגעבראָכן די גרויסע שריפה אין יאָר 1908, זענען ביי אים אין שטוב פאַרבּרענט געוואָרן פיר קינדער. זיי האָבן זיך נעבעך געוואָלט ראַטעווען און געמיינט, אַז זיי וועלן זיך באַהאַלטן אונטער אַ בעט, וועט זיי דאָס פייער נישט דערגרייכן. די עלטערן האָבן געמיינט, אַז די קינדער האָבן באַוויזן אַרויסצולויפן פון שטוב און דערווייל איז די גאַנצע שטוב פאַרבּרענט געוואָרן צוזאַמען מיט די קינדער.

אין שטעטל האָט מען אים נישט געקענט מוחל זיין דאָס פאַרנאַכלעסיקן און נישט זוכן די קינדער. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז די עלטערן זענען שולדיק אין די קינדערס טויט. זיי האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן די יסורים און זענען אַוועק פון שטעטל קיין הרוביעשאוו.

## ר׳ לייבוש געלער — אַ גמרא־מלמד

נאָכן אָפּלערנען ביי משה מלמד די פינף זמנים האָט מען מיך אַריינגעגעבן צו אַ גמרא־מלמד. צו לייבוש געלער, וועלכן מען האָט גערופן לייבוש יאנקל העקערס. ער האט געוווינט אין אַן איינציקן צימער צוזאַמען מיט זיין ווייבס שטיפמוטער און פינף קינדער. דריי פון זיי זענען שוין געווען דערוואַקסענע. אין דער דאָזיקער ענגשאַפט האָט זיך אויך געפונען דאָס חדר.

לייבוש געלער איז אויך געווען אַ בעלזער חסיד, אַ פרומער ייד און אַ בטלן, וועגן וועלכן מען זאָגט געוויינלעך, אַז ער קען נישט קיין צורת מטבע. ביי אים האָבן געלערנט אַכט תלמידים און נישט אַלעמענס עלטערן האָבן געהאַט די מעגלעכקייט צו צאָלן פאַר זייערע קינדער. נישט געקוקט דערויף האָט ער זיך געפילט אָפּהענגיק פון זיי. ווען ער האָט אַמאָל געוואָלט אַריינגעמען אַ ניינטן תלמיד, האָבן אים די עלטערן פון די פריערדיקע אַכט נישט געלאָזט. זיי האָבן געהאַלטן, אַז דאָס לערנען מיטן ניינטן יינגל וועט גיין אויפן חשבון פון די אַנדערע אַכט.

עס איז אָבער פאַר זיי קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז פאַרן מלמד אַ פראַגע פון פרנסה און דעמאָלט איז אברהמטשע בעכער געקומען צו מיין פאָטער און פאַרגעלייגט, אַז יעדער איינער זאָל דערלייגן נאָך אַ רובל אויף שכר לימוד פאַרן זמן, כדי ער זאָל נישט דאַרפן צונעמען נאָך אַ תלמיד. אַזוי איז טאַקע געבליבן.

צוויי יאָר האָב איך געלערנט ביי דעם מלמד און עס איז געקומען די צייט, אַז מען זאָל מיך איבערפירן צו אַן אַנדערן מלמד, וואָס לערנט מיט גרעסערע קינדער. איז ער אָבער קראַנק געוואָרן און מיר זענען געבליבן לערנען ביי אים נאָך אַ זמן.

דער מאַנגל אין פרנסה איז ביים מלמד דערגאַנגען ביז צו הונגערן און עס איז אַ באַוווסטע זאַך, אַז אַ הונגעריקן איז שווער אויפן געמיט און דער מלמד איז אויך אָפט אַרומגעגאַנגען אַ בייזער און פלעגט דעמאָלט נישט זשאַלעווען זיינע תלמידים קיין פעטש, אַמאָל אויך אַ שמיץ מיטן קאַנטשיק.

צווישן די תלמידים איז אויך געווען אַן אָרעם יינגל, וואָס די עלטערן זענען נישט געווען ביכולת צו צאָלן דעם פולן שכר לימוד און דער מלמד פלעגט אויף אים אויסלאָזן דעם כעס, וואָס ער האָט געהאַט אויף אונדז. צוזעענדיק דאָס האָב איך געפילט, אַז עס ווערט דעם יינגל געטון אַן עוולה און דאָס האט מיך באַוויגן, אַז איך זאָל אָנרעדן מיינע חברים צוצוגנבענען ביים רבין דעם קאַנטשיק. איך אַליין האָב אויף זיך גענומען די אויפגאַבע. און האָב אים אַוועקגעטראָגן אַהיים און באַהאַלטן אויפן בוידעם. דער רבי האט לאַנג געזוכט דעם קאַנטשיק און אים

נישט געקענט געפונען. קיינער פון די שטוביקע האָט נישט געוווּסט ווו ער איז אַהינגעקומען און פון די יינגלעך האָט זיך קיינער נישט אַרויסגעכאַפּט מיט קיין וואָרט.

ערשט אין אַ צייט אַרום האָב איך זיך צעקריגט מיט איינעם פון די יינגלעך און ער איז אַוועק צום רבין, געמסרט מיך, אַז איך האָב עס צוגענומען דעם קאַנטשיק.

דער מלמד איז אַריינגעפאַלן אין אַ שרעקלעכן כעס און אויף מיר האָבן זיך גענומען שיטן פּעטש. איך האָב געזען, אַז עס נעמט נישט קיין סוף און דער רבי קען אַלץ נישט שטילן זיין כעס, האָב איך זיך אַרויסגעגליטשט פון זיינע הענט און געמאַכט ויברח.

אויף צומאָרגנס האָב איך געמוזט ברענגען דעם קאַנטשיק און צוריקגעבן דעם רבין, אָבער פון דעמאָלט אָן האָט ער מער נישט אויפגעהויבן אויף מיר די האַנט. ווייזט אויס, אַז ער אַליין האָט באַדויערט זיין כעס. אין סך־הכל איז ער געווען אַ טייערער מענטש, אַן ערלעכער ייד מיט אַ וואַרעם האַרץ און מיט גרויס איבערגעגעבנקייט צו זיינע תלמידים, וועלכע ער האָט געוואָלט זען אויסוואַקסן גוטע יידן און ערלעכע מענטשן. ער האָט נישט אויסגעהאַלטן די קונץ־שטיקלעך, מיט וועלכע מיר האָבן אים געוואָלט דערצערנען און געלאָזט זיך באַהערשן פון כעס, וועלכן ער האָט שפּעטער אַליין באַדויערט.

## ר׳ חנניה וויניאזש

מיין דריטער מלמד איז געווען ר׳ חנניה וויניאזש, וועלכן מען האָט גערופן ר׳ חנניה מלמד. ער האָט געהאַט זיין אייגן ״הויז״, וואָס איז באַשטאַנען פון צוויי צימערן. אין איינעם האָט ער געוווינט און אינעם צווייטן צימער האָט ער אַריינגענומען אַ לאָקאַטאָר. ר׳ חנניה האָט געהאַט צוויי חתונה־געהאַטע זין, וועלכע האָבן שוין נישט געוווינט אין גראַבאָוויץ. מיט אים האָט בלויז געוווינט זיין טאָכטער.

ער איז געווען אַ קוזמער חסיד, אַ למדן. נאָך דער אַרבעט אין חדר איז ער תמיד געזעסן און געלערנט. ער האָט יעדע פרייע מינוט אויסגענוצט פאַר תורה. דערצו איז ער געווען אַ גרויסער ווערטלזאָגער און זיינע ווערטלעך האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט אַ סך חכמה. די תלמידים פלעגט ער אויך דערציילן שיינע מעשיות און האָט דערמיט געפאַנגען אונדזערע הערצער, אָבער ביים לערנען איז ער געווען שטרענג, האָט געפאָדערט פון אונדז מער פון אונדזערע מעג־לעכקייטן.

מיר האָבן ביי אים געלערנט גמרא מיט תוספות און מהרש״א און אויך תנ״ך.

חוץ מלמדות האָט ר׳ חנניה זיך פּאַרנומען אויך מיט מסחר. ער פלעגט קויפן ביי די דאָרפס־גייער פּעלעכלעך פון פאַרשידענע חיות. יידן פלעגן קומען צו אים, געהאַט צו אים גרויס צוטרוי, געקויפט און פאַרקויפט די פאַרשידענע סחורות. מיר, די תלמידים, זענען דערפון געווען צופרידן. ערשטנס, ווייל מיר האָבן דערווייל נישט געלערנט צווייטנס, האָבן מיר ליב געהאַט צו זען און צוצוהערן זיך ווי דער רבי האָט זיך געדונגען מיט די יידן איבער די פרייזן.

יעדן פרייטיק פלעגט ר׳ חנניה גיין איבער דער שטאָט זאַמלען געלט אויף פאַרשידענע צדקה־צוועקן, פאַר פרעמדע יידן, בכבודיקע, וואָס האָבן זיך געשעמט צו גיין אין די הייזער נאָך נדבות. דאָס זענען געווען אָפט לומדים, פון יחוסדיקע היימען. פאַר ר׳ חנניהן האָבן זיי זיך פאַרטרויט און ער האָט געהאַלטן דאָס זאַמלען פאַר זיי געלט פאַר אַ גרויסע מצווה.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז אָפט געגאַנגען אויפן חשבון פון לערנען מיט די תלמידים און מיר האָבן גערן אויסגענוצט די צייט אויף פאַרשידענע שפּילערייען. זיין באַליבט ווערטל צו די תלמידים איז געווען:

״איר האָט געמיינט, אַז ביי מיר וועט איר האָבן אַ גרינג לעבן און נישט דאַרפן לערנען קיין סך, הא? האָט איר זיך אַליין גענאַרט״. ער האָט קיינמאָל נישט געשלאָגן זיינע תלמידים, אָבער עס איז גענוג געווען זיינס אַ שטרענגער קוק, זיינע שטראָף־רייד, אַז די תלמידים זאָלן פאַר אים מורא האָבן.

צווישן ראש השנה און יום־כּיפּור פלעגט ר׳ חנניה פאָרן קיין לאָדזש איינקויפן אתרוגים פאַר דער גאַנצער שטאָט און פאַר דער געגנט. דאַן האָבן מיר גאָר געמאַכט אַ לעבן, געווען אַ גאַנצן חודש פריי פון לערנען און די תלמידים פון אַנדערע חדרים האָבן אונדז מקנא געווען דערמיט וואָס אונדזער מלמד איז אויך אַ שטיקל סוחר און אַ גרויסער בעל־צדקה...

ר׳ חנניה האָט געהאַט אַ שם פאַר אַ חכם אויך אין וועלט־זאַכן, אָבער קלאָר איז, אַז ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד חכם, אָפטמאָל אַביסל צו שטרענג צו זיינע תלמידים, אָבער אַן אויסגעצייכנטער מלמד, אַ גוטער בעל־מסביר. האָט פאַרמאָגט אַ וואַרעם יידיש האַרץ. אויף אים איז געזאָגט געוואָרן דער מאמר חז״ל: ״גדול המקבץ יותר מן הנותן״.

## ר׳ יאָסעלע ריווטשעס

מיין פערטער מלמד איז געווען ר׳ יאָסעלע ריווטשעס. שיינט מיר, אַז זיין פאַמיליע־נאָמען איז געווען שיפּמאַן, אָבער אויף זיכער קען איך עס נישט פעסטשטעלן. ווען איך האָב ביי אים געלערנט איז ער שוין געווען אַ זקן, געהאַט אַ שיינע ווייסע באָרד און זיינע מילדע אויגן האָבן געשטראַלט מיט אהבת

ישראל. ער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, געהאַט היתר הוראה און מען איז טאַקע געקומען צו אים פרעגן שאלות אין ענינים פון כשרות און טריפות.

ר׳ יאָסעלע האָט געוווינט אין מאַרק אין זיין אייגן הויז, וואָס האָט אין פראָנט געהאַט אַ געוועלב און זיין ווייב האָט דאָרט געפירט דעם מסחר בשותפות מיט זייער זון, יצחק־אלי, וועלכער פלעגט פאָרן קיין כעלם נאָך סחורה און אַ טייל פון דער איינגעקויפטער סחורה פאַרקויפט אין אייגענעם געוועלב און אַ טייל פאַרקויפט עס אַנדערע יידישע סוחרים, וואָס האָבן געהאַט געוועלבער אין די דערפער.

קיין גרויסע גבירים זענען זיי נישט געווען. לויט גראַבאָוויצער השגות האָט עס געהייסן אַז זיי זענען בעלי פרנסה.

ר׳ יאָסעלע האָט זיך נישט געמישט אין מסחר, נאָר פאַרנומען זיך בלויז מיט לערנען זיינע תלמידים און אין דער פרייער צייט האָט ער געלערנט פאַר זיך, אַזוי אַז מען קען אויף אים זאָגן, אַז ער איז יומם ולילה געווען פאַרנומען מיט לערנען תורה.

הינטערן געוועלבל איז געווען אַ פינצטער שטיבל, אָן פענצטער, ווו עס האָבן געוווינט דער זון מיט זיין פרוי און דריי קינדער. דאָס ווייטערדיקע צימער האָט שוין געהאַט אַ פענצטער און אַ טיר, וואָס האָט געפירט אין גאַס אַרויס. אינעם דאָזיקן צימער האָט געוווינט ר׳ יאָסל מלמד מיט זיין פרוי און טאָכטער און דאָרט האָט ער אויך געלערנט מיט די תלמידים, פינף אָדער זעקס ייִנגלעך. מיר האָבן שוין געלערנט גמרא מיט תוספות און מפרשים, ווי אויך יורה־דעה, הלכות בשר וחלב א.א.

דינסטיק האָבן מיר שוין געמוזט קענען אויף אויסנווייניק דעם שיעור גמרא, וואָס דער רבי האָט מיט אונדז געלערנט דעם ערשטן טאָג פון דער וואָך. יעדע וואָך האָט מען געלערנט אַן אַנדערן שיעור און די לימודים ביי ר׳ יאָסלען זענען געווען אויף אַ הויכער מדרגה. זיינע תלמידים האָבן זיך לרוב אויסגעצייכנט מיט אָפענע קעפּ. דאָרט איז שוין נישט געווען קיין רייד פון שלאָגן.

נאָך געדענק איך איינאונאיינציקן פאַל, ווען ער האָט אונדז מכבד געווען מיט פעטש. דאָס איז געווען אַ ווינטער־נאַכט, ווען מיר זענען אַהיימגעגאַנגען פון חדר און מיר זענען צוגעקומען צום פלומפּ, וואָס איז אַרום און אַרום געווען באַדעקט מיט אייז, האָבן מיר זיך גענומען גליטשן. דאָס איז געווען אינמיטן מאַרק און אַ דורכגייענדיקער ייִד, וואָס האָט זיך צוגעקוקט צו אונדזער גליטשן, האָט שפּעטער עס דערציילט דעם רבין, אינדערפרי ביים דאַווענען. ווען מיר זענען זיך צונויפגעקומען און אַוועקגעזעצט זיך ביים טיש גרייט צום שיעור,

האָט דער רבי אונדז געפרעגט, וואָס מיר האָבן געטון נעכטן אויף דער נאַכט ביים אַהיימגיין פון חדר. אויף אונדזער שווייגן, האָט ער אַליין גענומען איבער־דערציילן די רייד פונעם ייִד, וואָס האָט אונדז געזען זיך גליטשן. ער איז דערביי אַריינגעפאַלן אין אַזאַ כעס, אַז דאָס פּנים האָט ביי אים גענומען פלאַמען און ער האָט אונדז מכבד געווען מיט פּעטש.

דערמיט האָט זיך זיין שמועס מיט אונדז נישט געענדיקט. ער האָט גענומען רעדן מיט אונדז שטראָף־רייד, ווי פון שבט מוסר, געשילדערט אונדז די גרויסע עבירה פון ביטול תורה. ער האָט גערעדט מיט אַזאַ איבערגענומענקייט, אַז זיינע רייד האָבן געווירקט אויף אונדז שווערער ווי די פּעטש.

ר׳ יאָסל איז געווען אַ ראַדזינער חסיד, געטראָגן אין די ציצית אַ פּאָדעם תכלת. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס אין שטעטל איז אַ לאַנגע צייט אָנגעגאַנגען אַ מחלוקת צווישן די ראַדזינער און קוזמירער חסידים צוליב אַ רב און אַ שוחט, איז אָבער ר׳ יאָסל געשטאַנען אויפן צד פון די קוזמירער חסידים, ווייל ער האָט שטאַרק געהאַלטן פונעם רב פון די קוזמירער. דעם רב האָט מען גערופן דער געלער רב. ר׳ יאָסל פלעגט קומען צו מנחה־מעריב אין קוזמירער שטיבל, כדי צו קענען רעדן מיטן רב און לערנען.

דערביי דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן, אַז ער איז געווען זייער אַ גוטער מענטש, געהאַט אַ פילבאַר האַרץ, מיטגעליטן מיט אַלע ליידנדיקע און נישט געקענט פאַרטראָגן קיין עוולות. מען האָט דערציילט, אַז ווען ער האָט זיך דערוווּסט וועגן עמיצן, וואָס עס האָט געטראָפן אַ צרה, אַן אומגליק, פלעגט ער נישט קענען איינהאַלטן די טרערן, געוויינט און תפילה געטון צום אויבערשטן, ער זאָל ברענגען די ישועה יענעם אומגליקלעכן מענטש.

## ר׳ שמואל אלטערס

אין קעגנזאַץ צו מיינע ערשטע מלמדים, וועלכע זענען שוין געווען אין די מיטעלע יאָרן און אפילו זקנים, איז ר׳ שמואל אלטערס נאָך געווען אַ יונגערמאַן. זיין נאָמען איז געווען שמואל פורער, אָבער אַלע האָבן אים גערופן ר׳ שמואל אלטערס. ער האָט נישט געהאַט קיין אייגן ״הויז״ נאָר האָט געוווינט אין זיין פאָטערס דירה, אין אַ קליין צימערל. לעבנדיק אַלע יאָרן פון מלמדות האָט ער נישט געקענט חלומען פון קומען צו אַן אייגענע דירה. אין קליינעם צימערל האָט ער געוווינט צוזאַמען מיט זיין ווייב און דריי קינדער.

קיין גרויסן נדן האָט ער נישט גענומען. דאָך האָט ער באַלד נאָך דער חתונה געפּרוּווט אָנהייבן האַנדלען און דערביי גיך פאַרלוירן זיין קליינעם נדן, איז געוואָרן אַ דאָרפסגייער, געגאַנגען איבער די דערפער און איינגעקויפט ביי די

פויערים וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט, פון אַ קעלבל ביז אַ ביסל פלאַקס, אָבער אויך פון דעם אַלעם האָט ער נישט געהאַט קיין פרנסה און האָט זיך געמוזט נעמען לסוף צום מלמדות.

ער האָט זיך לאַנג געווערט קעגן דעם, נישט געוואָלט מאַכן פון דער תורה אַ קרדום לחפור בה, אָבער די נויט האָט אים געצוווּנגען דערצו און ער איז גלייך געוואָרן דער גרעסטער מלמד אין שטעטל, האָט געהאַט זייער ווייניק, אָבער געקליבענע תלמידים. אין שטעטל האָט מען געזאָגט, אַז עס ווייזט אויס, אַז מן השמיים האָט מען אים באַשטימט צו זיין אַ מלמד פון העכסטן קלאַס אין גראַבאָוויץ.

ער איז געווען אַ טריסקער חסיד און אַ גרויסער למדן. דערביי האָט ער זיך אויך אויסגעצייכנט מיט אַ זיס קול צום זינגען. אין טריסקער שטיבל איז ער געווען פון די שיינע יידן, געווען אויך אָנגעזען אין שטאָט, אָבער ביי דער גאַנצער פיינקייט, ערלעכקייט און גרויסע קענטענישן האָט ער אויך אין מלמדות נישט געהאַט קיין איבעריקע מאַטעריעלע הצלחה און האָט זיך ווידער געמוזט שאַפן אַ זייטיק פאַרדינסטל, איז געוואָרן אַ "פאַבריקאַנט" פון סיגאַרעטן.

ער האָט געקויפט טיטון און זיי געשטאָפּט אין גילזן. די דאָזיקע אַרבעט האָט ער געטון ווען די תלמידים זענען שוין אַהיימגעגאַנגען. נאָכן אָפּהאַרעווען אַ גאַנצן טאָג ביים לערנען, האָט ער זיך אָנגעזעצט מאַכן די סיגאַרעטן. עס זענען געווען יידן, וואָס האָבן זיך נישט געקענט דערלויבן צו קויפן אַ גאַנץ פּעקל, פלעגן זיי קומען צו אים קויפן איינעם אָדער צוויי סיגאַרעטן. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן גענומען אויף באָרג און ער האָט נאָך געדאַרפט פירן אַ בוך מיט חשבונות, פאַרשרייבן די חובות און די באַצאָלטע גראָשנס.

פון דער גאַנצער האָרעוואַניע איז אויך נישט געווען קיין פרנסה און ער איז געוואָרן אַ צייטונגס־פאַרשפּרייטער, באַשטעלט אין רעדאַקציע "מאָמענט" אַ געוויסע צאָל צייטונגען, געשאַפן אַבאָנענטן. ווען די צייטונגען זענען אָנגעקומען מיט דער פּאָסט האָט ער זיי צונאַנדערגעשיקט מיט זיין צען־יאָריק מיידעלע.

סוף־כל־סוף האָט ער אָנגעוואָרפן די אַלע פרנסות און האָט אָנגעהויבן אַרומפאָרן פון שטאָט צו שטאָט האַנדלען מיט ספרים, ספרי־קודש און סידורים.

צי ער האָט פון דעם שוין יאָ געהאַט פרנסה, ווייס איך נישט, ווייל כ'בין שוין דעמאָלט נישט געווען אין גראַבאָוויץ. מיר איז בלויז געבליבן אין זכרון דער פאַקט, וואָס אַזאַ מענטש, געבענטשט מיט אַזויפיל מעלות און איידלקייט, האָט זיך אַלע יאָרן געמוטשעט אויף צו פאַרדינען דאָס אָרעמע שטיקל ברויט און האָט עס נישט געקענט באַווייזן אין אונדזער קליינעם שטעטעלע גראַבאָוויץ.

## ר׳ יהושע לערער

יהושע לערער איז געווען אַ מושלם בכל המעלות. כשמו כן היה. ער איז געווען אַ לערער, געקענט פיל שפּראַכן און אויך אַ גוטער בעל מנגן, געשפּילט אויף אַ פידל און אין די ימים־נוראים איז ער געווען דער בעל מוסף אינעם טריסקער שטיבל.

אמת, ער האָט גיכער געהאַט פּרנסה איידער די מלמדים, אָבער צופיל איז אים נישט געוואונען פון מויל. אַ סך יוגנטלעכע אין שטעטל האָבן אים צו פאַר־דאַנקען זייער ווערן באַרייכערט מיט עלעמענטאַרן וויסן.

ווען עס איז געגרינדעט געוואָרן אין שטעטל דורך דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע אַ יידישע שול, האָט מען געבערענגט לערער פון דער פרעמד און ער איז געוואָרן דערוויטערט. „אין נביא בעירו” און אויך זיינע פאַרדינסטן זענען נישט אָפּגעשאַצט געוואָרן אין שטעטל, ווו ער איז געקומען פון הרוביעשאָוו מיט זיין פרוי און פיר טעכטער. די עלטסטע איז געשטאָרבן אין גראַבאָוויץ.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען מיר איז אויסגעקומען צו דערמאָנען זיך אין אים, מיין לערער און דערציער, האָט אויף מיין געמיט געדרוקט די עוולה, וואָס עס איז אים געטון געוואָרן אין שטעטל.

# די וועלט פון אונדזער עבר

די יידן אין גראַבאָוויץ האָבן געוווינט אין צענטער פון שטעטל, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ טייך, לאַנקעס און וועלדער, אין דער הויך אויפן באַרג האָבן געוווינט רייכע קריסטן, אויך אין ביידע פאָרשטעט. פון דער אַנדערער זייט שטעטל, האָבן געוווינט קריסטן, דער מאַרק־פּלאַץ האָט געהערט צו דער יידישער געגנט, געווען דאָרט בלויז יידישע געשעפטן, געווען אויך צוויי קאָשטשאָלן, אַ קאַטוילישער און אַ פּראַוואָסלאַוונער.

שבת האָט דער מאַרק גערוט, אַלע געשעפטן זענען געווען פאַרמאַכט. מען האָט דעמאָלט נישט געזען קיין גוי אויף אַ רפואה.

אין גרעסטן טייל פון יאָר זענען אין גראַבאָוויץ געשטאַנען גרויסע בלאָטעס און נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז עמיץ האָט אין אַזאַ טיפער בלאָטע איבער־געלאָזט די שטיוול, קוים זיי אַרויסגעשלעפּט און אַוועק אַ באָרוועסער, מיט די שטיוול אין דער האַנט. אַלט זייענדיק זיבן יאָר איז עס מיט מיר געשען, אַהיים

גייענדיק פון חדר אין אָוונט, עס איז געווען פינצטער, איך בין אריין אין אַ בלאָטע און נישט געקענט אַרויסנעמען די פיס פון דער בלאָטע, קוים אָפּגעפּונען די שטיוועלעך און אַרויסגעשלעפּט זיי פון דער בלאָטע, בין איך אַ באָרוועסער געלאָפן אַהיים, טראָגנדיק די שטיוול אין די הענט.

האַרט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט מען אין גראַבאָוויץ געמאַכט הילצערנע טראָטואַרן, אָבער די גאַסן זענען נישט געווען באַלויכטן. אין די ווינטער־נעכט, ווען די לאָדנס פון די פענסטער זענען געווען פאַרמאַכט, איז אין די גאַסן געווען חושך מצרים.

קיין גרויסע געשעענישן זענען אין שטעטל נישט פאָרגעקומען. נישט געווען אין יענער צייט קיין טעלעפאָן און פון ראַדיאָ און טעלעוויזיע איז נאָך קיין שפור נישט געווען. די נעכט פלעגן זיך די־פּאַר שלעפּן אומעטיקע, לאַנגווייליקע. דאָך פלעגט טרעפן, אַז דאָס שטעטל איז געוואָרן אויפגעלעבט. דאָס איז געווען ווען עס איז פאָרגעקומען אַ חתונה און ביי אַ גאָר זעלטענער פּאַסירונג ווי פירן אַ ספר תורה אין שיל אַריין. יונג און אַלט, מענער און פרויען האָבן אָנטייל־גענומען אין אַזעלכע שמחות, אָבער דאָס זענען געווען זעלטענע פּאַסירונגען און אויף צומאָרגנס נאָך אַזעלכע פריילעכע טעג איז אַלץ אין שטעטל ווידער איינגעשלאָפן.

געווען פּאַסירונגען, וואָס האָבן אַריינגעבראַנגט פריילעכקייט אין שטעטל אויף וואָכן גאַנצע. אַזאַ פּאַסירונג איז זיך פאַרלאָפן מיט איבער זיבעציק יאָר צוריק, ווען אין שטעטל איז געקומען דער קוזמער רבי, ר׳ מאָטעלע טווערסקי, דער זון פון טריסקער מגיד. דאָס איז געווען קורץ נאָך זיין צוריקקומען פון גאַליציע, וווּ ער האָט אָפּגעריכט גלות, ווייל די צאַרישע מאַכט האָט אים געוואָלט אַרעסטירן צוליב אַ מסירה, אַז ער פירט זיך אויף ווי אַ מלך. איך בין דעמאָלט אַלט געווען זיבן יאָר, אָבער אין זכרון איז מיר געבליבן איינגעקריצט ווי אַזוי מיין פאָטער, אַ קוזמער חסיד, האָט זיך מיט וואָכן פריער געגרייט אויפצונעמען דעם רבין. די גרייטקייט האָט מען געפילט אין גאַנצן שטעטל און ווען עס איז געקומען דער אויסגעבענקטער טאָג איז אַלץ געגאַנגען אויף רעדער. מען האָט אויפגעשטעלט אין די גאַסן הויכע סלופּעס מיט לאָמטערן, וואָס האָבן זיך געצויגן פון אפרים זינגער ביז צו דער שיל. צוזאַמען מיטן רבין זענען אין שטעטל געקומען אויף אַ סך געסט, חסידים פון די אַרומיקע שטעטלעך. די חסידים פון גראַבאָוויץ זענען אַקעגנגעפאָרן דעם רבין ביז קראַסניסטאַוו. אַ גאַנצן טאָג זענען אין מאַרק געשטאַנען די מענטשן און געוואַרט ביז דער רבי וועט אָנקומען. ווען עס איז צוגעפאָלן די נאַכט האָט מען אָנגעצונדן שטורקאַצן און פון אַלע זייטן האָבן זיך געטומען הערן קולות: ״דער רבי פאָרט, דער רבי פאָרט!״

באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז געווען אַ פאַלשער אַלאַרם. דער רבי איז נאָך אַלץ נישט געקומען.

## טעג און נעכט פון גרויס התלהבות

עס איז געווען אַ פּראַקטיקע נאַכט, עס האָט געשטאָכן אין די אויערן און אין די פּיס, אָבער קיינער איז נישט אַהיימגעגאַנגען, ביז עס איז געוואָרן שפּעט און מען האָט אַרויסגעשיקט אַ רייטער אויף אַ פערד, ער זאָל זיך דערוויסן די סיבה, וואָס האָט אָפּגעהאַלטן דעם רבין.

אַזוי האָט עס געדויערט ביז האַלבער נאַכט און דער רבי איז נאָך אַלץ נישט געקומען. הונגעריקע, דורכגעפרוירענע איז דער עולם אַהיים, געלייגט זיך שלאָפן און ערשט אויף צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען זיך דערוווּסט, אַז די חסידים אין קראָסניסטאַוו האָבן פאַרהאַלטן דעם רבין אויף איבער נאַכט און ער וועט ערשט קומען אַרום מיטאָג צייט.

אין יענעם טאָג האָט אין שטעטל אַלץ אָפּגעשטעלט זיך, די בעל־מלאכות האָבן נישט געאַרבעט, די קרעמער האָבן נישט געהאַנדלט און אויך די מלמדים האָבן אַהיימגעשיקט די קינדער פון די חדרים. אַלע זענען געווען אין מאַרק. דער טאָג איז געווען אַ פּראַסטיקער, אָבער דער הימל איז געווען ריין און לויטער ווען עס האָט זיך באַוויזן די ערשטע פור מיט די חסידים, וואָס זענען מיט אַ טאָג פריער אַקעגנגעפאָרן דעם רבין און זיי האָבן אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דער רבי קומט. האָט זיך אין מאַרק אויפגעהויבן אַ רעש און געפּילדער, וואָס איז געגאַנגען עד לב השמיים. עס האָבן זיך געהערט הוראַ געשרייען. אין מיטן דאָזיקן רעש איז אָנגעקומען די פור מיטן רבין. די פור איז געפאָרן זייער פּאַוואָלע, אַז אַלע זאָלן קענען זען דעם רבין און די פרייד, דער ענטוזיאַזם האָט אַרומגענומען קליין און גרויס. יעדער איז געווען גליקלעך מיט דער זכיה צו זען פון דער נאָענט דעם הייליקן צדיק. ביזן היינטיקן טאָג איז מיר געבליבן אין זכרון די גרויסע פרייד און התלהבות, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין יענעם טאָג.

שרייבנדיק וועגן דעם באַדויער איך, וואָס איך האָב נישט די פעאיקייט צו שילדערן יענעם באַגייסטערטן קבלת־פנים, וואָס די גראַבאָוויצער יידן האָבן געמאַכט פאַרן קוזמער רבין. מי שלא ראה שמחה זו, לא ראה שמחה מימיו. אַזאַ שמחה און אַזאַ התלהבות קומט זעלטן אויס איבערצולעבן.

דער רבי איז צוגעפאָרן צום הויז פון זיין חסיד אפרים זינגער, וועלכן מען האָט גערופן אפרים פרישעס און דאָרט האָט זיך ערשט אָנגעהויבן פונסניי די גרויסע שמחה. עס זענען זיך צונויפגעקומען אַלע חסידים פון די אַרומיקע

שטעטלעך. מען האָט געזונגען און געטאַנצט און מיט גרויס באַגייסטערונג צו־געהערט זיך צום רבינס־תורה־זאָגן.

קנאַפּע צוויי וואָכן איז דעמאָלט דער קוזמער רבי געווען אין גראַבאָוויץ און אַלע טעג און נאָכמער די צוויי שבתים, זענען אין שטעטל געווען איין גרויסער יום־טוב. יעדן טאָג זענען אָנגעקומען אַלץ נייע חסידים און דאָס שטעטל האָט אויפגעלעבט. דער רבי פלעגט יעדן טאָג דאַוונען ביז מיטאָג צייט. די שמונה עשרה האָט געדויערט צוויי יאָר. דער רבי האָט געדאַוונט אין דער שטאָטישער שיל, וועלכע איז געווען געפּאַקט מיט מתפּללים. אויך דאָס בית המדרש און די חסידים־שטיבלעך זענען געווען איבערפולט.

נאָכן דאַוונען האָט מען שנעל אָפּגעגעסן און צוריקגעגאַנגען אין שיל אַריין, זאָגן דעם רבין גוט שבת. דערנאָך איז מען אַוועק אין גרויסן בית המדרש, ווו דער רבי האָט געפירט טיש. ביים טיש־פירן בין איך נישט געווען, ווייל דער טאַטע האָט מיך נישט געוואָלט מיטנעמען צוליב דער גרויסער ענגשאַפט וואָס איז דאָרט געווען.

יעדן טאָג, ווען דער רבי איז געגאַנגען אין שיל און צוריק פון שיל, זענען די גאַסן, ווו דער רבי האָט געדאַרפט דורכגיין, געווען פול מיט פרויען, וואָס האָבן געוואָלט האָבן די זכיה צו כאַפּן אַ קוק אויפן רבין.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען דאָס גיין „פראַווען זיך" צום רבין, דאָס מיינט, אָפּגעבן דעם רבין אַ קוויטל, אין וועלכן יעדער האָט אַריינגעשריבן וואָס אים פעלט און וואָס ער פאַרלאַנגט פון רבונו של עולם, מיט דער זיכערקייט, אַז דעם רבינס תפילות און ברכות וועלן מקוים ווערן. מען פלעגט דאַרפן שטיין אַ סך שעהן ביז מען האָט געהאַט די זכיה אַריינצוגיין צום רבין, ווייל מיט יעדן טאָג זענען געקומען אַלץ מער מענטשן פון די אַרומיקע שטעטלעך.

פאַרן רבינס אָפּפאָר האָבן די גבאים פון שיל און בית המדרש איבערגעגעבן, דעם רבין אַ „כתב מגידות" פון דער שטאָט גראַבאָוויץ. דאָס איז אין יענער צייט געווען אַזאַ מין ערן־טיטל, וואָס עס האָבן געהאַט דעם רבינס פאָטער און זיידעס. זיין פאָטער האָט מען גערופן: דער טריסקער מגיד, זיין זיידן — דער טשערנאָבלער מגיד.

דעם רבינס אָפּפאָר איז אויך געווען באַגלייט מיט גרויס פּאַראַד און לאַנגע יאָרן האָט מען אין שטעטל גערעדט וועגן דאָזיקן גרויסן געשעעניש.

ווידער זענען געקומען אומעטיקע טעג און דאָס לעבן אין שטעטל האָט זיך ווידער געצויגן ווי אין די פריערדיקע טעג און יאָרן. פון צייט צו צייט פלעגן קומען רבישע אייניקלעך, פון בעלזער הויף, פון טריסקער, יעדער מיט זיינע באַזונדערע מעלות און יחוס און עס האָט נישט געפעלט קיין התלהבות ביי די

חסידים. אָבער דאָס האָט שוין נישט געהאָט אַזאַ פאַרנעם ווי יענער באַזוך פון קוזמער רבין.

עס פלעגט אויך קומען אין שטעטל דער בעכעווער רבי, ר׳ חיים ז״ל אַ אייניקל פון יוד הקדוש. ער האָט געהאַט אין שטעטל ביי אַ פּופּציק חסידים, די מערהייט עמך יידן, קיין באַזונדער שטיבל האָבן זיי נישט געהאָט, בלויז אַן אייגענעם מנין ביי איינעם פון די בעכעווער חסידים, ר׳ פייוול. אין די ימים נוראים האָבן זיי געדאַוונט אין שיל און אין בית המדרש. זיינע חסידים פלעגן אים אַקעגנפאָרן, ווייל אַ סך פון זיי האָבן געהאַט אייגענע פערד און וואָגן. ער פלעגט קומען כמעט יעדן זומער. נאָך זיין פּטירה האָט אים פאַרטראָטן זיין זון, וועלכער איז געגאַנגען אויף די זעלבע וועגן און פונקט אַזוי האָט אויסגעזען דאָס אויפנעמען אים אין גראַבאָוויץ.

עס איז געווען אַ יאָר אָדער צוויי פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען דער קוזמער רבי האָט געוווינט אין כעלם און אויף שבועות איז אַ גרופּע קוזמער חסידים געפאָרן פון גראַבאָוויץ צום רבין אויף יום־טוב. אויך איך בין געווען אין דער גרופּע צוזאַמען מיט מיין פאָטער. ממחרת שבועות האָט דער רבי אַריינגערופן אַלע גראַבאָוויצער חסידים און געזאָגט צו זיי אַז זיין שוועסטערס זון ר׳ לייבעלע קעלצער פאָרט אַרויס צום ערשטן מאָל אַלס רבי צו זיינע חסידים און דאָס ערשטע שטעטל וועט זיין גראַבאָוויץ. דערפאַר בעט ער, אַז מען זאָל פאַר אים שאַפן אַ לייטישע סטאַנציע און מען זאָל אים אויפנעמען מיט גרויס כבוד.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דער יונגער רבי זאָל איינשטיין ביי מיינע עלטערן. ער איז ווירקלעך געקומען באַלד אויפן ערשטן שבת נאָך שבועות. צוזאַמען מיט אים זענען געווען דעם רבינס צוויי גבאים. די חסידים האָבן געדונגען עטלעכע פורן און פרייטיק עלף אַזייגער פאַרמיטאָג זענען זיי אים אַקעגנגעפאָרן. אויפן מאַרק האָבן אים אָפּגעוואַרט אַ סך מענטשן.

ענדלעך האָט מען זיך גענומען גרייטן צום שבת און מען איז געגאַנגען דאַווענען אין גרויסן בית המדרש, ווייל די שיל איז שוין דעמאָלט געווען אָפּ־געברענט אין דער גרויסער שריפה. אויך די ״טישן״ האָט ער געפירט אין בית־המדרש. פון אַלע חסידים־שטיבלעך איז מען פרייטיק־צו־נאַכטס נאָכן דאַווענען געקומען נעמען שלום. שבת אינדערפרי איז ער אין באַגלייטונג פון אַלע קוזמירער חסידים געגאַנגען דאַווענען אין בית המדרש. ער איז געווען זייער אַ שיינער מענטש, אַ הדרת פנים, וואָס האָט אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ.

ביים פירן טיש אין בית המדרש האָבן די חסידים באַוווּנדערט זיין תורה זאָגן. מוצאי שבת האָט ער ביי הבדלה, האַלטנדיק דעם כוס אין דער האַנט,

געזונגען אין יידיש: ״גאָט פון אברהם...״ עס איז געווען איינע פון די פייער־לעכסטע שבתים אין גראַבאָוויץ. דער רבי איז געווען אין שטעטל אַ גאַנצע וואָך און אונדזער הויז האָט דורכגעמאַכט אַ גרויסן יום־טוב, פון דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט איז געווען פול מיט מענטשן. מען איז געקומען אָפּגעבן קוויטלעך פרעגן עצות און דער רבי האָט יעדן איינעם געזאָגט זיין מיינונג, געגעבן זייַ ברכה. עס זענען געווען פאַלן, אַז דער רבי האָט אַליין געגעבן אַ גרויסע נדבה ער איז בכלל געווען אַ גרויסער נדבן.

נאָך חצות, ווען אַלע מענטשן זענען שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען פלעגט דער רבי אַרויסגיין אין גאַס, אַריינאָטעמען אַביסל פרישע לופט און איך האָב אים דאַן באַגלייט און צוגעהערט זיך צו די דברי תורה, וואָס ער האָט געזאָגט מיט אַזויפיל שאַרפזין. אין אַ געוויסן אָוונט האָט ער מיך געפרעגט צי איך געדענק עפּעס פון דער תורה, וואָס ער האָט געזאָגט פרייטיק ביים טיש, ביים טרינקען לחיים? דאָס האָט מיך שטאַרק געוווּנדערט: ווי איז דאָס מעגלעך, אַז דער רבי זאָל פאַרגעסן די דברי תורה, וואָס ער האָט אַליין געזאָגט? דאָס איז געווען פון מיין זייט אַ גרויסע חוצפה, דאָך האָב איך געוואַגט און געפרעגט: ״רבי, ווי אַזוי זאָגט איר תורה? צי קומט דאָס צו אייך פון הימל, אָדער איר גרייט זיך צו פון פאַראויס?״

דער רבי האָט מיר דעמאָלט געענטפערט מיט דער גאַנצער פשטות: ״געוויינ־לעך טראַכט איך פריער דורך וואָס און ווי אַזוי צו זאָגן, אָבער אינמיטן רעדן קומט מיר אויפן געדאַנק נאָך עפּעס וואָס געהערט צום זעלבן ענין. דאָס טרעפט זיך גאַנץ אָפט. איך פאַרצייכן מיר נישט דאָס וואָס איך זאָג. היות ווי עטלעכע מענטשן האָבן פאַר מיר געלויבט מיין תורה־זאָגן אין פאַרגאַנגענעם פרייטיק־צו־נאַכטס, דערפאַר פרעג איך דיך, צי דו געדענקסט עס״.

איך האָב אים ווירקלעך דערמאָנט פאַרשידענע דברי־תורה און ער איז דערפון געווען זייער צופרידן.

נאָך דער פטירה פון קוזמירער רבין, האָט ר׳ לייבעלע קעלצער איבערגענומען די פירונג איבער דער מערהייט קוזמירער חסידים און דערנאָך אויך דעם כסא הרבנות אין זאַמאָשטש, ווו ער איז געווען ביזן אומקום.

מיר איז נאָך אויסגעקומען צו זיין ביי אים אין קעלץ, ווו ער האָט געוווינט און שפּעטער נאָך איין מאָל אין זאַמאָשטש. פאַר מיין אַוועקפאָרן קיין פראַנקרייך בין איך נאָך אַמאָל געפאָרן צו אים קיין זאַמאָשטש אָבער נישט געטראָפן דאָרט דעם רבין. ליידער האָב איך אים מער נישט געזען.

אין זכרון וועט ער אייביק בלייבן ווי אַ ליכטיקע געשטאַלט פון אַ רבישן מנהיג.



אפרים לערנער

# אלע מיינע יארן אין גראבאוויץ

גראבאוויץ איז געווען אַן אַלטער יידישער ישוב. דאָס שטעטל געפינט זיך אין אַ זומפּיקן טאָל, אַרומגערינגלט מיט באַוועלדערטע בערג און פון פון דאָרט ציען זיך וועגן צו די נאָענטע גרעסערע שטעט: זאַמאָשטש, הרוביעשאָוו און כעלם. כ׳געדענק, ווען איך בין נאָך געווען אַ יינגל, האָט מען וועגן זאַמאָשטש גערעדט ביי אונדז ווי וועגן אַ כרך און מען האָט דערציילט וועגן גרויסן שרייבער י״ל פרץ, וואָס שטאַמט פון דאָרט. נאָך נעענטער איז ביי די יידן אין גראבאוויץ געווען דער קאָנטאַקט מיט כעלם, וואָס האָט געהאַט אַ שם און געווען מפורסם ווי אַן אַלטע יידישע קהילה. פאַר אונדז, גראבאוויצער יידן, איז עס געווען אַ נאָענטע שטאָט, ווו מען האָט געהאַט קרובים און באַקאַנטע, פשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר, מיט וועלכע מען האָט געהאַנדלט און זיך משדך־געווען.

די יידן אין גראבאוויץ זענען געווען שניידערס, שוסטערס, היטלמאַכערס, קאָוואַלעס, סאַדאָווניקעס און קרעמער. עס זענען אויך געווען תבואה־סוחרים, געוועלבער פון שפּייז, פון שניט־סחורה, פון גאַלאַנטעריע, אָבער דער עיקר פלעגן זיך אַלע דערנערן פון די יאַרידן, וואָס פלעגן פאָרקומען אין די מאָנטיקס. אין צווישן צייט פלעגן די אייגנטימערס פון קליינע געוועלבלעך, פונקט ווי די סטאַבילע דאָרפגייער, פאָרן אין די דערפער און פאַרקויפן דאָרט זייערע סחורות.

די דאָרפגייער פלעגן אָפט פאַרברענגען אין די דערפער פון מאָנטיק ביז פרייטיק, האָבן דאָרט פאַרקויפט זייער ביסל סחורה און אַהיימגעברענגט פון דאָרף אייער, אַ הון, פעלעכלעך און אַנדערע דאָרף־פּראָדוקטן.

אויך די שניידערס און שוסטערס, ווען זיי האָבן נישט געהאַט קיין אַרבעט אין שטעטל, זענען זיי געגאַנגען זוכן אַרבעט אין די אַרומיקע דערפער. די

שוסטערס איז נישט געווען וואָס מקנא צו זיין. אַ פּאָר שטיוול האָט אַ פּויער געטראָגן לאַנגע יאָרן.

מער אַרבעט איז אין דאָרף געווען פאַר די שניידערס. אויב נישט אַ נייעם סורדוק, וואָס דער פּויער האָט געטראָגן צו אַ חתונה, איז תמיד געווען איבער־צוניצעווען אַן אַלט מלבוש, פאַר וועלכן דער פּויער האָט באַצאָלט מיט פּראָדוקטן.

אויפן מאַרק, ווו עס האָבן זיך געפונען די צוויי קאָסטשאָלן, זענען אין רעגנדיקע טעג געווען בלאָטעס, אין ווינטער — שנייען. אַרום דעם מאַרק האָבן זיך געפונען פאַרשידענע געוועלבער, אין וועלכע מען האָט פאַרקויפט וואָלענע און באַוועלנע סחורות, אַן אייזן־געוועלב, ווו מען האָט פאַרקויפט טעפּ, פענדלעך, טשוועקעס אד״ג. עס איז דאָרט געווען אויך אַ שענק, וואָס האָט פונקט ווי די געוועלבלעך אויפגעלעבט ערשט אין יאַריד־טאָג.

נאָך פּסח פלעגן די יידן אין גראַבאָוויץ שטיין אין די געסלעך און אויפן מאַרק און וואַרעמען זיך אויף דער זון. צווישן זיי זענען אויך געשטאַנען די שניידערס און שוסטערס און געקלערט וואָס צו טון. די אַרבעט, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַר פּסח, האָבן זיי שוין פאַרטיק געמאַכט און איצט דאַרף מען נעמען טראַכטן וועגן נייער אַרבעט.

די יידן, וואָס האָבן שוין געהאַט געדונגען סעדער, האָבן געהאַט לאַנג צו וואַרטן, ביז זיי וועלן פאָרן אין די סעדער אַריין אָראָפּרייסן די פרישע קאַרשן, די עפּל און באַרנעס. די, וואָס האָבן נאָך נישט געהאַט געדונגען קיין סעדער, האָבן נאָך אַלץ געוואַרט און געוואָלט זען ווי גרויס עס וועלן זיין די בליעכטס אויף די ביימער פון עפּל, באַרנעס און פלוימען, כדי צו וויסן וויפל צו באַצאָלן פאַרן סאָד.

נישט איין מאָל האָט געטראָפן, אַז אַ סאַדאָווניק האָט איבערגעצאָלט פאַר זיין סאָד, און עס פלעגט אויך טרעפן, אַז די עפּל, די באַרנעס אָדער פלוימען זענען געווען ווערעמדיק נאָך אויף די ביימער אָדער זענען נישט אויסגעוואַקסן גענוג. דעמאָלט האָט דער אָרעמער סאַדאָווניק נישט אַרויסגענומען אפילו דעם קערן, וואָס ער האָט איינגעצאָלט פאַרן סאָד.

געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן נישט געהאַט נאָך דאָס געלט צו דינגען אַ סאָד. זיי האָבן געוואַרט צו קריגן אַ גמילות־חסד ביי אַ פריינד אָדער אַ פאַרמעגלעכן קרוב. אויך קהל האָט געהאַט אַ גמילות־חסדים, וואָס האָט געבאָרגט געלט אָרעמעלייט, ווען מען האָט עמעצן געדאַרפט שטעלן אויף די פיס, ער זאָל קענען קויפן אַביסל סחורה אָדער דינגען אַ סאָד.

פאַרנאַכט, צו מנחה, האָבן אין פּאָליש נאָך אַלץ זיך געצויגן די שמועסן אַרום סעדער, אַרום אַ שטיקל אַרבעט אָדער אַנדערע פּרנסות.

## חסידים־שטיבלעך

אין גראבאוויץ זענען געווען אַ סך חסידישע יידן, געפּאָרן צו פאַרשידענע רביים. מיין זיידע ר׳ משה לערנער האָט געפלעגט פאָרן צום בעכעווער רבין און פלעגט דערציילן וועגן אים גרויסע זאַכן.

דעם זיידנס הויז איז געווען דאָס גרעסטע הויז אין שטעטל, געהאַט זעקס שטובן און איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. איז שטוב ביי אונדז פלעגט מען דערציילן וועגן זיידנס פרומקייט און חסידות.

### בעכעווער

בעכעווער חסידים האָבן אין שטעטל געהאַט אַ השפּעה. עס זענען געווען צווישן זיי שאַרפע, היציקע, גרייט דורס צו זיין יעדן קעגנער. מיר אָבער ווייזט זיך אויס, אַז כמעט אַלע זענען זיי געווען גוטע און איידעלע יידן, מיט גרויס וואַרעמקייט און ליכטיקייט, וואָס זיי האָבן מיטגעבראַכט פון רבינס הויף.

כ׳זע זיי פאַר מיינע אויגן פאַריאָגטע נאָך פרנסה אַ גאַנצע וואָך און דערנאָך אין אַ געוויינלעכן שבת נאָכן דרימל, ווי זיי גייען אין שטיבל אַריין מעיין־זיין אין אַ ספר און אונטערברומען אַ פריילעך ניגונדל, מיט אַן אַ שיעור התעוררות, פונקט ווי מ׳ברומט עס אין רבינס הויף.

בעת די שלוש־סעודותן האָט מען ווידער געהערט דורך די פענצטער די ניגונים פון זמירות, פאַרבענקטע, געזונגענע אין דער פינצטער, מיט פאַרמאַכטע אויגן, אומענדלעך, מיט תחנונים און מיט בטחון, מיט עצבות און מיט שמחה.

מיין זיידע, ר׳ משה, האָט געהערט צו די אָנגעזעענסטע בעכעווער חסידים. האָט מיט אונדז גערעדט וועגן דערגרייכן אַ הויכע מדרגה און מדריך־געווען ווי אַזוי צו דינען השי״ת און לערנען תורה.

דאָס חסידים־שטיבל איז געווען אַ וועלט פאַר זיך. דאָרט האָט געהערשט אחדות צווישן גביר און אָרעמאַן. אַלע האָבן זיך געזאָגט ״דו״. דאָס שטיבל איז ביי די חסידים געווען די צווייטע היים און אַמאָל נאָך מער פון דער ערשטער, ווייל אַהער זענען זיי אַנטלאָפן פון אַלע זייערע דאגות און עגמת־נפשן. דאָ האָט מען זיך קעגנזייטיק אונטערגעהאַלטן, געהאָלפן מיט אַן עצה און מיט מעשים סיי אין טעגלעכע זאָרגן, אין מאַטעריעלע ענינים און סיי אין רוחניות.

### בעלזער

די בעלזער חסידים האָבן געהאַט זייער שטיבל. די הכנסות פון שטיבל זענען באַשטאַנען פון חודש־געלט, וואָס די פאַרמעגלעכערע חסידים האָבן געצאָלט,

יעדער כפי יכולתו. אָבער פלעגן אָפּט בלייבן הינטערשטעליק און עס איז נישט געווען פּונוואַנען צו דעקן די הוצאות.

דער צוזאַמענשטעל פון די מתפּללים איז באַשטאַנען פון פאַרשידנאַרטיקע מענטשן, אַ געמיש פון תּלמידי־חכמים און "עמך", תּקיפים און לאָמיר־געמאַך־יידן, אָרעם און רייך. איין זאַך, וואָס האָט אַלע פאַראייניקט און צוזאַמענגעקניפּט איז געווען דער גלויבן אין רבין און דאָס האָט אַרויפגעלייגט אַ מין התחייבות איינער פאַרן צווייטן. ביי שמחות און, חס ושלום, אין צער, איז איין שטיבל־ייד געגאַנגען אין פייער אַריין. עס איז געווען מער ווי אַ משפּחה־פאַרבינדונג. אויך ביי כּלל־ענינים איז דער עולם על־פּי־רוב געגאַנגען לויט דער ליניע פון שטיבל־פּאָליטיק. צום שאַרפסטן איז עס געקומען צום אויסדרוק ביי דער מחלוקה צווישן די אָנהענגער פונעם "געלן רבֿ" און די אָנהענגער פונעם "שוואַרצן רבֿ".

קיין גרויסע גבירים זענען אין שטיבל נישט געווען. די, וואָס זענען אָפּטער געפאָרן צום רבין, האָבן זיך נאָכדערציילט וועגן דער אהבת ישראל, וואָס האָט געהערשט אין רבינס הויף. ווען אַ חסיד איז געקומען אַהין מיט אַ צעבראָכן האַרץ, האָט ער גלייך ביים אָפּגעבן דעם רבין שלום־עליכם דערפילט די מילדע צאַרטקייט פון זיין בליק.

## קוזמירער

אינעם פּעריאָד נאָך דער דריטער צעטיילונג פון פּוילן איז קוזמיר אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסן חסידישן צענטער מיט אַן אייגנאַרטיקער שיטה, וואָס איז דערגאַנגען אויך אין אונדזער שטעטל.

במשך פון צענדליקער יאָרן זענען גראַבאָוויצער יידן געפאָרן צום קוזמירער רבין זוכן טרייסט און דערמוטיקונג.

חסידים פלעגן דערציילן, אַז ר' יחזקאלע קוזמירער האָט געהאַט ביי זיך אַ הויף־לץ, וועלכער האָט געשפּילט די ראָל פון פּורים־רבֿ און גענומען קוויטלעך. איינמאָל, ביי דער פּורימדיקער סעודה, האָט דער לץ זיך פאַרגאַלאָפּירט אין זיין ראָל און גענומען חוזק פון רבין, געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט נישט געקענט לערנען, וואָלט ער אויך געקענט ווערן אַ רבי. דאָס איז געווען אַ רמז אויפן דרך פון ר' יחזקאלע קוזמירער, וועלכער האָט געשטעלט דעם טראָפּ נישט אַזויפיל אויף לערנען, ווי אויף נגינה.

קוזמיר איז פאַר אַ צייט אַראָפּ פון דער חסידישער אַרענע. ר' יחזקאלעס עלסטער זון, ר' שמואל־אליהו, האָט זיך איבערגעטראָגן קיין זוואָלין און פון דאָרט איז די דינאַסטיע פון ר' יחזקאלע קוזמירער אַריבער קיין מאָדזשיץ, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן די גרויסע טראַדיציע פון מאָדזשיצער נגינה.

## טריסקער

ערשט אין די אַכציקער יאָרן פון כאַראַגאַנגענעם יאָרהונדערט האָט אין קוזמיר זיך באַזעצט דער זון פון טריסקער מגיד, ר׳ מאָטעלע טווערסקי, פון דער טשערנאָבילער דינאַסטיע, וועלכער האָט קנאַפּע דרייסיק יאָר געפירט דעם הויף אין קוזמיר.

דאָס איז געווען די צווייטע תקופה פון קוזמירער חסידות, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביז די שטורמישע יאָרן פון 1905, ווען דאָס שטעטל איז מיטגעריסן געוואָרן דורך דער כוואַליע פון שטרייקן און מרידות קעגן צאַרישן רעזשים און דער רבי ר׳ מאָטעלע איז אַוועק קיין וואַרשע.

אַזוי האָבן אין גראַבאָוויץ זיך געשאַפן ביידע חסידים־שטיבלעך: קוזמירער און טריסקער. די טריסקער חסידים זענען געווען שטילע און באַשיידענע יידן, כאָטש בדרך כלל פלעגט מען אין טריסקער חסידים־שטיבל דאַווענען מיט התלהבות, מיט לייב־און־לעבן, ״כל עצמותי תאמרנה״. עס האָט נישט געפעלט קיין ביסל בראַנפן ביי יעדער געלעגנהייט פאַר אַ שמחה בציבור, בפרט, אַז עס איז געקומען שמחת־תורה, ווען מען פלעגט גיין איבער די שטובן פון איין חסיד צום צווייטן, געטרונקען און געגעסן פון אַלעם וואָס מען האָט צוגעגרייט.

חסידים אין גראַבאָוויץ האָבן בכלל ליב געהאַט זיך צו פרייען, עסן און טרונקען בחברותא, זוכן דעם באַדייט פון רבינס ווערטער, וואָס חסידים האָבן געברענגט נאָכן עולה־רגל־זיין אויף אַ יום־טוב צום רבין.

## ווען דער רבי איז געקומען קיין גראַבאָוויץ

ווען דער טריסקער רבי איז אַמאָל געקומען קיין גראַבאָוויץ איז דאָס געווען אַ געשעעניש אין גאַנצן שטעטל, אַ שמחה, אַ פרייד, נישט בלויז פאַר די טריסקער חסידים, נאָר אויך פאַר די פשוטע בית־המדרש־יידן, לומדים און בעלי־מלאכות. ווען עס איז געווען שווער אויפן האַרצן איז געגאַנגען צום רבין אָפּגעבן אַ קוויטל. מען איז געגאַנגען שואל־עצה־זיין זיך אין אַ פאַרוויקלטן ענין.

גראַבאָוויץ איז געגאַנגען אויף רעדלעך. עס האָט זיך געקאָכט און געטומלט, אין גאַס, אין די שטובן: אַ קלייניקייט, דער רבי איז געקומען. די שטימונג אין שטעטל איז דעמאָלט געווען פייערלעכער ווי אַלעמאָל.

ווען דער רבי האָט אָנגעהויבן זאָגן תורה, איז דער גאַנצער עולם שטיל געוואָרן. נישט אַלע האָבן פאַרשטאַנען וואָס דער רבי האָט געזאָגט, אָבער דאָך האָבן אַלעמענס פּנימער געשיינט.

ווען דער רבי האָט אויפגעהערט זאָגן תורה, האָט ער מכבד געווען אַ חסיד,

װעלכער איז געװען אַ מנגן, ער זאָל זינגען זמירות. דער רבי האָט געטײלט שיריים די, װאָס זענען געזעסן אַרום טיש און װען ער איז פֿאַרטיק געװאָרן האָט דער גבאי אַװעקגעשטעלט די שיסל מיט די איבערגעבליבענע פֿיש אינמיטן טיש און עס האָט זיך אָנגעהױבן אַ כאַפּעניש פֿון די שיריים.

צום רבינס טיש זענען געקומען נישט בלױז זײַנע חסידים, נאָר אױך פּשוטע ייִדן. זײ האָבן פֿריער אָפּגעגעסן אין זײערע הײמען, כּדי זײ זאָלן קענען קומען באַצײַטנס און הערן דעם רבין זאָגן תּורה און פֿאַרזוכן פֿון די שיריים, אין װעלכע אַלע האָבן געגלײבט װי אין אַ סגולה קעגן כּל מיני צרות.

בײַם געזעגענען זיך מיטן רבין צו זײַן אָפּפֿאָרן זענען װידער געקומען די ייִדן מיט קװיטלעך. יעדער פֿלעגט דערלאַנגען אַ קװיטל מיט זײַנע פֿאַרלאַנגען: פּרנסה, חתונה־מאַכן אַ טאָכטער, געזונט אד״ג.

כ׳קען זיך נישט דערמאָנען, צי צוזאַמען מיטן קװיטל האָט מען אױך געגעבן אַ פּדיון. מען פֿלעגט דערצײלן, אַז דער רבי איז זײער רײַך. צװישן זײַנע חסידים אין גאַנץ פּױלן זענען געװען פֿאַרמעגלעכע און רײַכע סוחרים, װעלכע האָבן דעם רבין אַרײַנגעצױגן אין זײערע מסחרים.

## אין חדרים

חול־המועד פּסח איז ר׳ בערל מלמד אַרײַנגעקומען צו אונדז און מײַן פֿאָטער האָט אים געזאָגט, אַז באַלד נאָך פּסח װעל איך אָנהײבן צו לערנען בײַ אים אין חדר.

אַ טאָג נאָך פּסח איז אַרײַנגעקומען צו אונדז דער באַהעלפֿער פֿון ר׳ בערל מלמד. מײַן פֿאָטער האָט אים אָנגעװיזן אױף מיר. דער באַהעלפֿער האָט מיך גענומען פֿאַר דער האַנט, די מאַמע האָט מיך געקושט און מיר נאָכגעװוּנטשן, אַז זי׳יך זאָל זײַן געזונט און קענען גוט לערנען, כ׳זאָל אױסװאַקסן אַ למדן, אַ רב.

מײַן פֿאָטער איז מיט מיר מיטגעגאַנגען אין חדר און װען מיר זענען אַרײַנ־בעקומען האָט דער מלמד מיך גענומען פֿאַר דער האַנט און האָט מיך אַרױפֿגעזעצט אױף דער באַנק, געטון אַ גלעט אין באַק און געזאָגט, אַז ער זעט שױן, אַז פֿון מיר װעט אױסװאַקסן אַ װױלער בחור.

דעם ערשטן טאָג אין חדר װעל איך קײנמאָל נישט פֿאַרגעסן. דער מלמד האָט אױף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן אײַנדרוק. אַ הױכער, מיט אַ געלער באָרד, האָב איך גלײַך געקרוגן פֿאַר אים דרך־ארץ און מורא און בין שױן גרײט געװען צו פֿאָלגן אים אַלץ װאָס ער װעט פֿון מיר פֿאָדערן.

די חדר־שטוב איז נישט געװען קײן גרױסע עס איז דאָרט געשטאַנען אַ

לאַנגער טיש מיט צוויי לאַנגע בענק. ביי דער וואַנט איז געווען איינגעמויערט אַן אויוון אויף וועלכן מען האָט געקאָכט און געבאַקן.

מיט די קינדער אין חדר בין איך גיך באַפרײַנדעט געוואָרן. מערסטנס האָב איך זיי געקענט פון פריער. מיר האָבן זיך צוזאַמען געשפּילט אין געסל, אין מאַרק.

ביי ר׳ בערלען האָב איך געלערנט צוויי זמנים, אָנגעהויבן פון אלף־בית ביז איך האָב שוין געקענט דאַווענען און עס איז געקומען די צייט, אַז איך זאָל אָנהייבן לערנען חומש.

## ר׳ משה מלמד

דער מלמד, ביי וועמען איך האָב אָנגעהויבן צו לערנען חומש, האָט געהייסן ר׳ משה, איז געווען פון מיטעלן וווקס און האָט געהאַט אַ שם פון אַ גוטן מלמד. נישט געקוקט דערויף, וואָס אויף דער וואַנט זענען ביי אים געהאַנגען קאַנטשיקעס, וואָס האָבן געדאַרפט אָפּשרעקן די ווילדע תלמידים, האָט ער אָבער זעלטן ווען אָנגערירט אַ תלמיד. איבער די קאַנטשיקעס האָט ער געפּלעגט זיך וויצלען, אַז ער האָט באַזונדער מילכיקע און באַזונדער פליישיקע...

אָפּגעלערנט ביי אים עטלעכע וואָכן האָט מען מיך גענומען גרייטן צו דער חומש־סעודה. דער רבי האָט מיט מיר אָנגעהויבן לערנען די פּרשה פון אויסנווייניק מיט אַ ספּעציעלן ניגון, מיט וועלכן מען פלעגט ביי אונדז אין שטעטל זאָגן די פּרשה אויף דער חומש־סעודה.

איך געדענק שוין נישט וועלכע פּרשה דאָס איז געווען, אָבער איך געדענק, אַז שבת נאָך מיטאָג זענען זיך צונויפגעקומען אין אונדזער שטוב פעטערס און מומעס, קרובים און שכנים. מיינע עלטערן האָבן זיי מכבד געווען מיט לעקעך און בראַנפן, מיט פאַרשידענע געבעקסן, וואָס די מאַמע האָט צוגעגרייט.

דער מלמד האָט מיך אַרויפגעשטעלט אויפן בענקל און ער האָט גערעדט צו מיר מיט אַ ניגון, ווי ער וואָלט געזונגען:

״בחורל, וואָס לערנסטו?״

איך האָב אים געענטפערט מיטן אויסגעלערנטן ניגון:

״חומש!״

נאָך זיין קומענדיקע פראַגע: ״וואָס איז דער טייטש חומש?״ האָב איך גענומען זאָגן די דרשה הויך און שאַרף, אַז אַלע זאָלן מיך הערן. געענדיקט, האָט מיך דער עולם באַוואָרפן מיט ניס, ראָזשינקעס, מאַנדלען און צוקערקעס. די מומעס האָבן געווונטשן, אַז איך זאָל קענען גוט לערנען, אַז איך זאָל זיין אַ למדן, אַ גאון. אַלע האָבן מיך געלויבט, אַז איך האָב גוט געזאָגט די פּרשה.

## ר׳ חנינא מלמד

צום נייעם זמן האָט דער טאַטע מיך אָנגעדונגען צו ר׳ חנינאַ מלמד, אַ הויכער, מיט אַן איידל פּנים און קלוגע אויגן. די גאַנצע שטאָט האָט ער געהאַט אויפֿן קאָפּ, געדענקט אַלע יאָרצייטן, דאַטעס פֿון געבוירנטעג.

פֿון קנעלן אַליין האָט ר׳ חנינא מלמד נישט געקענט מפּרנס־זיין ווייב און קינדער האָט ער אויך צוגעהאַנדלט מיט פּעלעכלעך, מיט פּוקסן און טכוירן. יידן אין שטעטל האָבן געזאָגט, אַז ער איז דערויף אַ גרויסער מבין.

ער איז געווען אַ גוטער מלמד. די תּלמידים, וואָס האָבן געהאַט אַביסל חשק צום לערנען, האָבן באַלד פאַרשטאַנען וואָס ער לערנט מיט זיי. דערצו האָט ער זיך גלייך דערקענט אויף יעדן יינגל, געוווסט יעדנס פעאיקייטן און פאָרויסגעזאָגט, וואָס פֿון אים וועט אויסוואַקסן.

די תּלמידים זענען דאָ געזעסן צען און צוועלף שעה אַ טאָג און געלערנט. ביי ר׳ חנינאן האָב איך געלערנט דריי זמנים.

## ר׳ שלמה מלמד

פֿונים זעלבן סאָרט, אָבער אין פֿיל פּרטים אויף אַ העכערן ניוואָ איז געווען דאָס חדר פֿון ר׳ שלמה מלמד. ביי אים איז אויך געווען דער זעלבער אופן פֿון לערנען און דערציען, נאָר אַביסל אַ העכערע מדרגה.

ר׳ שלמה איז געווען אַ סימפּאַטישער מענטש, אין געפּוצטע מלבושים, צו־געקעמט בערדל, איז אויך געווען אַ גרויסער למדן און עס איז געווען אַ כּבוד צו לערנען ביי אים, ווייל ער האָט געקליבן זיינע תּלמידים, געזוכט גוטע קעפּ און פֿלייסיקע תּלמידים. חוץ דעם אַלגעמיינעם שיעור האָט ער זיך אָפּגעגעבן מיט יעדן באַזונדער.

ער איז געווען אַ גוטער בעל־מסביר און ליב געהאַט אויפצוקלערן מיט אַ משל, אַ ווערטל, באַזונדערס ווען מען האָט געלערנט די שווערערע מסכתות.

ווען ער האָט פאַרהערט אַ יינגל און געזען, אַז ער קען גוט דעם שיעור, האָט זיין פּנים געשיינט פֿון פרייד.

ווען אַ יינגל איז געוואָרן בר־מצווה, האָט ר׳ שלמה אים צוגעהאָלפֿן צוגרייטן דאָס פּשטל צו דער דרשה, וואָס ער האָט געדאַרפֿט האַלטן אויף דער סעודה.

די גראַבאָוויצער מלמדים, יעדער אויף זיין שטייגער זענען געווען גוט־האַרציקע יידן און האָבן זיך באַמיט איינפּלאַנצן אין זייערע תּלמידים די תּורה, און געטון האָבן זיי זייער אַרבעט ווי אַ הייליקע עבודה, כאָטש קיין וואַזשנע פּרנסה איז דאָס מלמדות נישט געווען און זייערע ווייבער האָט געמוזט שווער האָרעווען ביים צוהעלפֿן ברענגען די פּרנסה אין שטוב אַריין.

נאָכן ענדיקן דאָס חדר זענען די תלמידים זיך צעגאַנגען אין פאַרשידענע ריכטונגען. ווער עס האָט געמוזט זיך איינשפּאַנען אין דער אַרבעט פון די עלטערן, העלפן אין דער פרנסה, אין וואַרשטאַט אָדער אין האַנדל. ווער עס איז אַוועק־געפאָרן לערנען אין אַ ישיבה, קיין כעלם אָדער קיין לובלין און ווער עס איז אַריין אין בית־המדרש, ווו עס האָבן געלערנט עלטערע בחורים, קעסט־יונגעלייט.

נישט איינמאָל בין איך מקנא די יידן, וואָס קענען אָפּרייסן עטלעכע שעה אין טאָג און אַוועקזעצן זיך ביי דער גמרא, פאַרזוכן צו צעקייען אַ תוספת. איך בין מקנא געווען די יידן פאַר זייערע שאַרפע מוחות און קלאָרן געדאַנק פאַר זייער דבקות ביים לערנען און ביים דאווענען.

אַזעלכע זענען זיי געווען די גראַבאָוויצער יידן, די יונגע בחורים, עילויים און לומדים, וועמענס מאַמעס מען האָט מקנא געווען, וואָס זי איז געבענטשט פון גאָט מיט אַזעלכע זין, און די מאַמעס פון די עילויישע זין זענען געווען די גליקלעכסטע אין שטעטל, אפילו ווען זיי זענען געווען פון די אָרעמסטע משפחות.

אַזוי האָבן מאַמעס געזונגען זייערע קינדער אין די וויגן:

"תורה איז די בעסטע סחורה".

געווען טאַקע אין שטעטל אַ סך אָרעמע יינגלעך, וואָס האָבן געהאַט אָפּענע קעפּ צום לערנען, זענען אויסגעוואַקסן איידעלע בחורים, געטון גוטע שידוכים און זענען געווען די טרייסט פון זייערע אָרעמע היימען. די משפחות האָבן זיך געגרויסט מיט זיי.

ערגער איז געווען מיט אָרעמע יינגלעך, וואָס האָבן נאָך דערצו געהאַט שווערע קעפּ. ס'לערנען איז זיי נישט אַריין אין קאָפּ און זיי האָבן געדאַרפט אויסשטיין חרפּות און בושות ווען דער רבי אַ כעסן, האָט זיי פאָרויסגעזאָגט, אַז זיי וועלן אויסוואַקסן גויים גמורים. נישט איינמאָל האָט געטראָפן, אַז אַזאַ יינגל איז אויסגעבראָכן אין אַ געוויין און געבליבן זיצן אין ווינקל אַ פאַרשעמטער.

אַ מענטש גייט פאַרשידנס דורך אין לעבן, און דאָך געדענקען זיך מיר זייער גוט די קינדער־יאָרן און די אַלע חברים, וואָס זענען צוזאַמען מיט מיר, פאַר מיינע אויגן, אויסגעוואַקסן. אַ סך מאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זיי זענען געוואָרן עלטער פון מיר, ברייטער, מיטאַמאָל האָבן זיי גענומען רעדן ווי דערוואַקסענע. אַזוי האָט גערעדט מיין טאַטע. אַזוי האָבן גערעדט מיינע פעטערס. מיט אַזעלכע שטימען האָבן יידן געדאַוונט פאַרן עמוד אין שול.

עס האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט דער אייגענער יוגנט און מען האָט זיך נאָך געפרוווט איינרעדן, אַז מען איז יונג, כאָטש מען האָט גאָר פרי אָנגעהויבן טראָגן אויף זיך דעם עול פון פרנסה, אָבער ווען מען האָט געקוקט אויף די

**אויסגעוואַקסענע חברים, האָט מען זיך קלאָר געמאַכט, אַז מען איז שוין אַליין אויך נישט יונג, אַז מ'דאַרף אָנהויבן זאָרגן וועגן אַ תכלית.**

**דער תכלית איז געווען די שווערסטע זאָרג פון טאַטע־מאַמע און גאָר פרי האָט ער אָנגעהויבן צו עקבערן אויך די יונגע מוחות פון די אונטערוואַקסנדיקע.**

**די זאָרג וועגן תכלית איז באַפאַלן אַפילו אויף די ראָמאַנטישע שפּאַצירן הינטער דער שטאָט און נישט איינמאָל, ווען מען האָט שפּאַצירט צווישן די פעלדער און לאָנקעס, האָט מען מקנא געווען די זאָרגלאָזע פייגל, די בינען און ווערימלעך. די גאַנצע וועלט איז זייער און זיי דאַרפן נישט זאָרגן וועגן קיין תכלית.**

* * *

אַ סך, אַ סך וואָלט איך נאָך געדאַרפט דערציילן וועגן דעם לעבן אין אונדזער שטעטל, וואָס איך טראָג אין האַרצן ווי אַ גאָלדענעם אוצר, מיט די חלומות און אידעאַלן, מיט די וואָכעדיקע געראַנגלען און שבת־יום־טובדיקע שטיל־קייטן, מיטן חן און חשיבות פון באַלעבאַטישע יידן, מיט דער איידלקייט און לומדות און מיט דער טיפער מענטשלעכקייט און האַרציקייט פון פשוטע יידן.

אונדזער שטעטל גראַבאָוויץ, מיט אַלע זיינע מעלות און חסרונות, איז פאַרוואָרצלט אין אונדזערע הערצער אויף אייביק און מיר וועלן וועגן דעם דערציילן אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער.



משהקע, אַ ברודער פון אפרים לערנער, וועלכער איז יונג אַוועק פון דער וועלט, נאָך דעם ווי ער איז אַ צייט קראַנק געווען אין גראַבאָוויץ.





חיים־פנחס בלאך

# קרישטאל־ריינע געשטאלטן פון מיין שטעטל

ווין איבער אַ האַלב יאָרהונדערט זינט איך בין אַוועק פון גראַבאָוויץ און אויף קיין איין מינוט האָב איך נישט פאַרגעסן אונדזער שטעטל, די גוטע און טייערע יידן, די שיינע יוגנט און האַרציקע חברים, די שפּאַצירן אויסער דער שטאָט, די ביבליאָטעק, די ציוניסטישע פאַר־זאַמלונגען, מיטינגען, דיסקוסיעס און קעסטל־אָוונטן.

די גאַנצע צייט לעבט אין מיר די בענקשאַפט צום שטעטל פון יענער תקופה, צו די חסידישע יידן און פשוטע עמך־מענטשן, ערלעכע און אויפריכטיקע, מיט פולע הערצער ליבשאַפט צו זייערע נאָענטע, צו דער גאַנצער יידישער עדה אין שטעטל, צום יידישן פאָלק.

מיין פאָטער, הערש היטלמאַכער איז געווען אַ טריסקער חסיד און פאַר־שטענדלעך אַז אויך איך בין דורכגעזאַפּט געוואָרן מיט דער חסידישער לופט, מיט דער אַטמאָספער פון טריסקער חסידות.

אומפאַרגעסלעך איז געבליבן אין מיין זכרון דער קבלת־פּנים, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַרן טריסקער רבין, ווען ער איז געקומען קיין גראַבאָוויץ. עטלעכע חסידישע יונגעלייט זענען אַרויסגעריטן אויף פיר פערד באַגעגענען דעם רבין. די רייטער האָבן אויף מיר געמאַכט אַן אויסערגעוויינלעכן איינדרוק, גערייצט מיין פאַנטאַזיע און אַרויסגערופן אין מיר דעם יראת הכבוד, ווי פאַר אַ מלך. דער רבי האָטווירקלעך געמאַכט אַ מלכותדיקן איינדרוק.

גאָר לעבעדיק איז געוואָרן שבת, אינעם טריסקער שטיבל, ווו דער רבי האָט אויך געמאַכט קידוש. הונדערטער יידן, יונגעלייט, עלטערע און יינגלעך

האָבן זיך געשטופּט, געוואָלט זיין וואָס נעענטער צום רבין, געשטאַנען אויף די טישן, אויף די בענק. ווען עס איז געלונגען צו טרינקען מיטן רבין לחיים, האָט זיך געפילט ווי אין זיבעטן הימל.

מיר איז אויסגעקומען צו האָבן די זכיה צו פאַרזוכן אַביסל ווייַן פונעם רבינס כוס, וואָס אַ חסיד האָט מיר דערלאַנגט. דער קאָפּ האָט זיך מיר אָנגעהויבן דרייען און מיין טאַטע האָט גלייך באַמערקט, אַז איך בין אַ ביסל שיכור, האָט ער מיך געשיקט אַהיים און איך האָב זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. איך בין געגאַנגען איבער די קלאַטקעס און כסדר געפאַלן.

קוים איך האָב זיך דערשלעפּט אַהיים און ווען די מאַמע האָט מיך דערזען האָט זי זיך דערשראָקן, געבייזערט זיך אויפן טאַטן, וואָס ער האָט געלאָזט מיך אָנשיכורן. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין געווען שיכור און דאָס ביים רבינס טיש.

אין מיין זכרון איז געבליבן דער טריסקער חסיד, ר׳ יהושע לערער. ער איז טאַקע געווען אַ לערער אין גראַבאָוויץ, אָבער גלייכצייטיק אַ הייסער טריסקער חסיד און איינער פון די בעלי תפילה אין אונדזער שטיבל, האָט געהאַט אַ מתיקותדיק קול און זיינע נגונים האָבן זיך געגאָסן אין האַרץ אַריין.

איך מיט מיין ברודער יחזקאל זענען מיר געווען אונטערהעלפערס ביי מיין פעטער שלום.

עס איז מאָדנע ציטערדיק אויף דער נשמה און באַנג ווען עס דערמאָנט זיך אין דער אָפּגעברענטער שיל, פאַרביי וועלכער איך האָב מורא געהאַט דורכצוגיין ביינאַכט, ווייל די קינדער פלעגן דערציילן, אַז מתים קומען זיך דאָרט צוזאַמען. קיינער האָט זיי קיינמאָל נישט געזען די מתים און נישט דעם שד ביי רויזע די קצבטע, וואָס האָט געוווינט ביי דער בריק, אָבער דאָך האָט מען זיך געפלעגט דערציילן אימהדיקע זאַכן, וועגן די נישטגוטע, וואָס פירן דורך גנבות און שאָדנס ביי די שכנים, וועלכע האָבן געוווינט נעבן דער בריק. אין לבנה־נעכט לויערן די וואַסער־שדים צווישן די גראַטעס און מיט זייערע גרינע אויגן פאַרשפּינען זיי דעם וואָס פאַרבלאָנדזשעט אַהין אַליין, אָן אַ לייבצודעקל אויפן לייב.

מען האָט דערציילט, אַז עמיץ האָט איינמאָל אין אַ מיטוואָך געמוזט נאָך האַלבער נאַכט דורכגיין די בריק, האָבן אים די גרינע אַ צי געטון און מיט אַזאַ נגינה אים אַריינגעשלעפּט ווי אין אַ נעץ, אַז דער מוח האָט זיך אים גענומען הייבן. ער איז שיער נישט נכשל געוואָרן. נאָר ער האָט געהאַט אַ סייעתא דשמייא און ער איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן.

אויף יענער זייט בריקל האָבן זיך געצויגן לאַנקעס מיט הילצערנע צלמים, אויף וועלכע דער ״אותו האיש״ איז געווען צוגענאַגלט מיט דער גאַנצער אָנ־

ושהדיקער נאַקעטקייט. ווען זענען מיר זענען פֿאַרבײַיגעגאַנגען אַזעלכע היימישע צלמים, האָבן מיר מיטן פֿולן מויל געזאָגט: „שקץ תשקצנו" און אונדז האָט זיך געדאַכט, אַז אַט־אָט וועט ער אַ פֿאַל טון דער יויזל און זיך מער נישט אויפֿהויבן.

## פֿון די נשים צדקניות

געווען אין שטעטל אַ פֿרוי, וועלכע מען האָט גערופֿן טשיפּע בן־ציונס. זי איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכער מענטש, אַ גוט האַרץ און האָט כסדר נאָר געזוכט צו העלפֿן אָרעמעלייט. זי האָט געהאַט אַ טיפּן קעלער מיט קאַרטאָפֿלעס און ווען עס איז צו איר געקומען אַן אָרעמאַן, האָט זי אים געלאָזט אַראָפּגיין אין קעלער ער זאָל זיך נעמען וויפֿל קאַרטאָפֿלעס ער האָט געוואָלט און דערצו האָט זי אים נאָך אַריינגערוקט אין דער קעשענע אַביסל געלט.

זי איז געווען איינע פֿון די נשים צדקניות, וועלכע מען האָט שטאַרק ליב געהאַט אין שטעטל. די ליבשאַפֿט איז געגאַנגען צוזאַמען מיט גרויס דרך־ארץ.

אין מיין האַרץ האָב איך תמיד געפֿילט צו איר אַ טיפֿע דאַנקבאַרקייט ווייל איך האָב געוווּסט, אַז זי האָט אויך מיין מאַמען אַרויסגעהאָלפֿן אין אַ שווערער צייט. אמת, מיר זענען געווען קרובים, אָבער זי האָט איר גוט האַרץ אַרויסגעוויזן צו אַלע אָרעמע מענטשן אין גראַבאָוויץ, וועלכע האָבן אין איר געזען אַ מאַמע.

אַ גאַנצע וואָך איז זי געווען פֿאַרנומען אין איר שענק, וווּ זי האָט שווער געאַרבעט פֿון אינדערפֿרי ביז נאַכט. עס פֿלעגן קומען אַהין טרינקען און אַריינכאַפּן אַ פֿאַרבייסעכץ די גויים פֿון שטאָט און פֿון די אַרומיקע דערפֿער.

איך פֿלעג ליב האָבן אַריינצוקומען אין איר שענק און צוקוקן זיך ווי די מומע טשיפּע איז פֿאַרהאָוועט ביים באַדינען און צודערלאַנגען די געטראַנקען. עס פֿלעגן זיך דאָ אָפּשפּילן פֿאַרשידענע קאָמישע און אַמאָל אויך טראַגישע פּאַסירונגען. אין שענק פֿלעגן אַריינקומען אויך גנבים, וואָס זענען געקומען אויף די יאַרידן און אויף די קריסטלעכע חגאות, אויף וועלכע זיי האָבן באַאַרבעט און באגנבעט די נאַיווע פּויערים און קרעמער.

עס פֿלעגט טרעפֿן, אַז אַ פּויער האָט נאָכן אויסטרינקען געוואָלט באַצאָלן און ביים אַריינטון די האַנט אין קעשענע איז אים פֿינצטער געוואָרן אין די אויגן אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט האָט מען ביי אים צוגעגנבעט.

די מומע טשיפּע האָט נישט געהאַט קיין ברירה, עס האָט איר פֿאַרקלעמט ביים האַרץ און זי האָט דעם פּויער געמוזט נאָך צובאָרגן נאָך אַ טרינק, כדי עס זאָל אים ווערן גרינגער אויפֿן האַרצן. פֿון דער מומע טשיפּעס גאַנצער משפּחה איז פֿאַרבליבן בלויז די איינציקע טאָכטער רחל מיט איר מאַן משה און טאָכטער טובהלע.

אַזעלכער איז אויך געווען דער גורל פון מיין משפחה. עס זענען מערדעריש אומגעבראַכט געוואָרן: מיין שוועסטער רבקה מיט איר מאַן און קינדער, מיין ברודער יחזקאל מיט זיין ווייב און קינדער, מיין ברודער דוד מיט ווייב און קינד.

עס ווילט זיך דערמאָנען די אַלע נאָענטסטע, וואָס זענען אַזוי טראַגיש אומגעקומען, אָבער אַזעלכער איז דאָך געווען דער גורל פון אַלע אַנדערע גראַבאָוויצער יידן, שיינע און טייערע מענטשן, מיט זייערע פרויען און קינדער. מיר דערמאָנען זיי אַלע מיט טיפן טרויער און האַרץ־קלעמעניש. הלוואי וואָלט איך געהאַט דעם כוח זיי אַלע צו באַשרייבן, דערציילן וועגן זייערע שיינע מידות און גוטע הערצער, באַוויינען זייער טראַגישן אומקום.

געווען אין גראַבאָוויץ אַן אַלטער און אַ נייער בית הקברות. עס האָט דאָרט געאָטעמט מיט טויט, אָבער אויך מיטן גרויסן כבוד, וואָס די לעבעדיקע האָבן אָפּגעגעבן די מתים, און כאָטש איך בין אַ כהן, בין איך שטענדיק נייגעריק געווען אַריינצוכאַפּן זיך אויפן אַלטן בית עלמין און לייענען די אַלטע מצבות, וואָס האָבן דערציילט וועגן אַמאָליק יידיש לעבן. געווען אויך איינגעפאַלענע מצבות, וואָס מען האָט שוין נישט געקענט איבערלייענען ווי אַלט עס זענען געווען די, וועלכע זענען אונטער זיי געלעגן. עס ווערט טרויעריק אויפן האַרצן ווען מען הערט, אַז הייַנט פּאַשען זיך דאָרט בהמות און די קברים פון אונדזערע אורעלטערן ווערן געשענדעט.

## אין בית־המדרש

אָבער מער פון אַלעם האָט מיך געצויגן צום בית המדרש, צוצוהערן זיך צום ווייסן איטשעס דאַווענען די יום־טובדיקע תפילות, צו די נגונים וואָס ער פלעגט זינגען מיט זיינע משוררים, מיר האָט זיך דעמאָלט אויסגעוויזן, אַז ער איז דער בעסטער חזן אין דער וועלט.

## דער בעל־דרשן מיטן פידעלע

דאָס בית המדרש איז אויך געווען דאָס אָרט, וווהין עס פלעגן קומען פאַרשידנערליי מגידים און בעל־דרשנס, וועלכע פלעגן קומען צו אונדז פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך.

אין בית המדרש האָט זיך דעמאָלט געטון קאָפּ אויף קאָפּ, אפילו די ווייבערישע שיל איז געווען איבערפולט מיט ווייבער, וואָס זענען געקומען הערן דעם בעל־דרשן.

איינער אַזעלכער איז מיר אויף לאַנג געבליבן איינגעקריצט אין זכרון. נאָך

זיין שיינער דרשה האָט ער געשפּילט אויף אַ פידעלע אַזעלכע שיינע און זיסע נגונים, וואָס גראַבאָוויץ האָט נאָך אַזעלכע נישט געהערט.

דאָס איז געווען אין אַ שבת־צו־נאַכטס נאָך דער הבדלה. ער האָט אַזוי אויס־געגעבן, אַז ער האָט געמוזט קומען אויך אויף צוזאַמענקונפט, נאָך מעריב, האַלטן נאָך אַ דרשה און דערנאָך שפּילן אויף זיין פידעלע.

## מצוות און מעשים־טובים

מאַנקע מלמד, ביי וועלכן איך האָב געלערנט, איז שוין געווען אַן אַלטער ייד און האָט זיך נעבעך אָפּגעגעסן דאָס האַרץ מיט זיינע תלמידים, אין וועמענס מוחות ער האָט געוואָלט אַריינהאַקן די תורה, געוואָלט מיטן גאַנצן האַרצן, אַז זיי זאָלן קענען לערנען און זאָלן זיין גוטע ערלעכע יידן.

פאַרן שטעטל איז ער געווען אַ גרויס געווינס, נישט בלויז צוליב זיין לומדות נאָר אויך פאַר זיין גוטן זכרון און געדענקען די יאָרצייטן נאָך אַלע פאַרשטאָרבענע. ער פלעגט דערמאָנען אַלע יידן און יידענעס די יאָרצייטן פון זייערע עלטערן. דאָס האָט ער געטון נישט כדי צו נעמען באַצאָלט, כאָטש פון זיין מלמדות האָט ער נישט געהאַט קיין פרנסה, געפירט אַ שווער לעבן, ווי אַלע מלמדים אין גראַבאָוויץ, אָבער דאָס דערמאָנען אַ יאָרצייט האָט ער געהאַלטן פאַר אַ גרויסע מצווה.

אַ צווייטער מלמד איז געווען שלום מעזגי. חוץ חומש און גמרא האָט ער זיינע תלמידים געלערנט אויך שרייבן יידיש און אויך אַביסל פּויליש און רוסיש.

אַ סך אַ סך האָבן מיר צו פאַרדאַנקען אונדזערע מלמדים. זיי האָבן אונדז געלערנט הויכע יידישע מידות, איינגעפלאַנצט אין אונדזערע הערצער ליבשאַפט און יראת הכבוד פאַר אַלדאָס שיינע און דערהויבענע אין יידישן לעבן. זיי האָבן אונדז געלערנט אהבת התורה און אהבת העם, כיבוד אב ואם און דרך־ארץ פאַר עלטערע, פאַר זייער דערפאַרונג אין לעבן און פאַר זייער חכמה.

טיף איז דער ווייטיק ווען מיר דערמאָנען זיך, אַז דאָס אַלץ איז אַזוי מוראדיק פאַרשניטן געוואָרן. מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן און מיר וועלן קיינמאָל נישט אויפהערן צו באַוווּנדערן זייער דינאַמישע יידישקייט און טיפע מענטש־לעכקייט.

אין אונדזער ספר זכרון ברענגען מיר צום אויסדרוק אונדזער טיפן טרויער און נאָגנדיקע נאָסטאַלגיע נאָך דער אונטערגעגאַנגענער וועלט, די יידישע וועלט אין אונדזער קליינעם שטעטל, אָבער צוזאַמען מיטן טרויער וועקן די בלעטער פון אונדזער ספר געפילן פון שטאָלץ מיט דער דערהויבנקייט, מיט וועלכער עס האָבן זיך אויסגעצייכנט אונדזערע עלטערן און אורעלטערן, קרישטאָל־ריינע

ייִדן. נישט נאָר שבתדיקע, נאָר אויך וואָכעדיקע, תמימותדיקע ייִדן, פּשוטע פֿאָלקס־מענטשן — דערהויבענע נשמות.

* * *

ווי לאַנג מיר וועלן לעבן וועט אויף אייביק בלײַבן אײַנגעקריצט אין אונדזערע געמיטער און הערצער דאָס שטעטל, אין וועלכן מיר זענען געבוירן און דער־צויגן געוואָרן, ווו מיר האָבן פֿאַרבראַכט די שענסטע טעג פֿון אונדזער יוגנט און ווו עס זענען אומגעקומען אונדזערע נאָענטסטע און טײַערסטע.

איך געהער צו די געציילטע, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק זיך אָפּצוראַטעווען דורך דעם, וואָס איך בין מיט אַ סך יאָרן פֿריִער פֿאַרן חורבן, אין יאָר 1921 אַוועק קיין אַמעריקע. דאָס איז געווען דערפֿאַר, ווײַל מײַן טאַטע האָט שוין דאָרט געלעבט מיט עטלעכע יאָר פֿריִער. דאַקעגן זענען געבליבן אין גראַבאָוויץ מײַנע ברידער יחזקאל און דוד, מײַן שוועסטער רבֿקה און זייערע פֿאַמיליעס. עס וויינט אין מיר דאָס האַרץ, ווען איך דערמאָן זיך אין זיי: פֿאַרוואָס זענען זיי נישט געפֿאָרן מיט מיר צוזאַמען? פֿאַרוואָס זענען די אַלע אַנדערע ערלעכע און טײַערע גראַבאָוויצער ייִדן געבליבן אין שטעטל ביז עס האָט זיי געטראָפֿן דאָס גרויסע אומגליק? פֿאַר־וואָס איז זיי געקומען אַזאַ שוידערלעכער טויט?

טאָג און נאַכט פֿאַרפֿאָלגט מיך דער קאָשמאַר און אָפּטמאָל ווײַזט זיך מיר אויס, אַז דאָס איז בלויז אַ קאָשמאַרפֿולער חלום. דער געדאַנק קען נישט משׂיג־זײַן דאָס גרויסע אומגליק. ניין, דאָס איז נישט קיין חלום, דאָס איז די טרויעריקע ווירקלעכקייט. אַזוי זענען אומגעקומען די מיליאָנען ייִדן פֿון אייראָפּע, פֿאַרברענט, באַגראָבן לעבעדיקערהייט, פֿאַרפּײַניקט מענער, פֿרויען און קינדער מיט די גרויזאַמע יסורים.

גראַבאָוויץ, דאָס חרובֿע ייִדישע שטעטל, ווו עס איז נישט געבליבן קיין זכר פֿון ייִדיש לעבן, לעבט אָבער ווײַטער אין מײַן האַרצן. אין שטילע שעהן, ווען איך בין מיט זיך אַליין, ליג איך און טראַכט וועגן מײַן געבוירן־שטעטל, וועגן דער קינדהייט און יוגנט, וואָס איך האָב דאָרט פֿאַרבראַכט, אָט זע איך זיך אין אַ שבת בײַטאָג, ווי מיר גייען שפּאַצירן אויפֿן שלאָס־באַרג, פֿאַרברענגען אין פֿאַרשידענע שפּילערייען, לויפֿן אַרויף און אַראָפּ, ביז מען איז מיד געוואָרן און זיך אַוועקגעזעצט אויפֿן שפּיץ באַרג, פֿון וואַנען מען האָט געזען דאָס שטעטל און דערציילט זיך מעשׂיות.

## מעשיות פון חדר

דאס זענען געווען שיינע און צוציענדיקע מעשיות פון חדר און פונעם רבין, פון גרויסע צדיקים און פון רייכע יידן. ווען די מעשיות האָבן זיך געענדיקט, האָט מען זיך געפרעגט רעטענישן, צו וועלכע עס האָט זיך געפּאָדערט אַ סך שאַרפזין, כדי זיי צו לייזן און תמיד זענען געווען אַזעלכע עילוישע קעפּ וואָס האָבן געטראָפן די שווערסטע רעטענישן.

ווען עס האָט אָנגעהויבן ווערן טונקעלער האָבן מיר געמוזט צוריקלויפן אין שטעטל, ווער אין בית המדרש און ווער אין חסידים־שטיבל, דאַווענען מנחה־מעריב, וואָרום ווייַ וואָלט געווען צו דעם, וואָס וואָלט נישט געקומען צו דער צייט צום דאַווענען. ער איז עלול געווען צו פאַרלירן די וועלט און יענע וועלט.

## חתונות אין שטעטל

עס געדענקען זיך די חתונות אין גראַבאָוויץ, ווען עס זענען זיך צונויפּ־געפאָרן מחותנים פון הרוביעשאָוו און אַנדערע שטעט און שטעטלעך, פון וואַנען עס איז געקומען דער חתן אָדער די כלה. אויף די חתונות האָבן געשפּילט הרוביעשאָווער אָדער טישעוויצער קלעזמער. אַ חתונה אין שטעטל האָט געהערט צו די שענסטע איבערלעבונגען, קליין און גרויס האָבן אין איר אָנטיילגענומען.

אָט זע איך פאַר זיך חנה מאָטעלס ווי זי פלעגט אַרויסקומען מיטן בליצלאָמפּ און איר פּנים האָט געשיינט מיט אַ מלאכישן אויסדרוק און ווי אַ מלאך פון הימל האָט זי מיט איר בליצלאָמפּ באַלויכטן דעם וועג פאַר חתן־כלה. אין יענע שעהן האָט מען פאַרגעסן אין דער חשבות פון שטעטל, אין די טיפע בלאָטעס, אין וועלכע מיר האָבן געטאָפּטשעט. עס איז געווען גוט און פריילעך. אַ חתונה אין שטעטל.

## די ערשטע שריפה

אָט דערמאָן איך זיך אין דער ערשטער שריפה, וואָס איז אויסגעבראָכן אין שטעטל. איך האָב דעמאָלט געלערנט ביי בערל מלמד און ווען עס איז געוואָרן די מהומה מיטן פייער בין איך געלאָפן אַהיים. אויפן וועג איז מיר אַנטקעגן־געלאָפן באַשיע די היטלמאַכערין מיט אַ יאָמערלעך געוויין: "ווו איז מיין קינד?"

כ'האָב נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. כ'האָב אים נישט געזען. איר אומגליק איז געווען נישט צום באַגרייפן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט מיט איר מיטגעוויינט. איר קינד איז פאַרברענט געוואָרן באַהאַלטנדיק זיך אויפן אויוון.

פול מיט שרעק בין איך געלאָפן צוזאַמען מיט נאָך קינדער קיין דיינטשע־פאַליע און פונדערווייטנס האָבן מיר געקוקט אויף דעם גרויסן פייער און געדיכטן

רויך, וואָס איז געגאַנגען עד לב השמים. נישט ווייט פון אונדז איז געפאַלן אַ גלאָווניע פונעם פייער און מיר זענען קוים ניצל געוואָרן. ערשט אין אָוונט, ווען מיר זענען צוריק אַהיימגעקומען האָבן אונדזערע עלטערן זיך דערפרייט מיט אונדז. די לעבנגעבליבענע קינדער זענען געווען זייער פרייד אינעם גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דעם שטעטל.

דאָס שטעטל האָט זיך צוריק אויפגעבויט. ווידער זענען אויסגעוואַקסן אינמיטן מאַרק געשעפטן און קראָמען. מיר איז געבליבן אַ סימן פון יענער צייט אויפן גאַנצן לעבן. מען האָט געשמירט די בלעכן צו די דעכער און איך האָב געהאָלפן אין דער אַרבעט און דערביי זיך צעשניטן אַ פינגער. די מאַמע איז מיט מיר געלאָפן צו מעכיל רופא מיט אַ געוואַלט, אַז דאָס קינד איז פאַרביי. ער האָט זי באַרואיקט מיט גוטע רייד, האָט מיר פאַרבאַנדאַזשירט דעם פינגער און געזאָגט, אַז איך בין אַ געראַטעוועטער, אָבער אַ סימן פון יענעם שניט איז מיר געבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

אַ באַזונדער רייך קאַפּיטל זענען די יאַרידן אין גראַבאָוויץ. דאָס גאַנצע שטעטל האָט געשעפט חיונה פון די יאַרידן. אין גראַבאָוויץ איז נישט געווען קיין שום אינדוסטריע, בלויז בעלי־מלאכות און קרעמער, וואָס האָבן געלעבט פון די אַרומיקע דערפער און פון די יאַרידן.

## די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע

אין יענער צייט האָט אין גראַבאָוויץ גענומען פאָרמירן זיך אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אַ בונדישע.ביידע האָבן זיך באַמיט אַריינצוציען די יוגנט און אַקטיוויזירן זי. מיין האַרץ האָט געצויגן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אין ציוניסטישן אידעאַל האָב איך געפילט די צוקונפט פון יידישן פאָלק. איך האָב שוין דעמאָלט קלאָר געזען די טרויעריקע לאַגע פון יידן אין פוילן און באַזונדערס אין קליינעם שטעטל און דער חלום פון שיבת ציון האָט געוועקט גרויסע האָפענונגען אין יונגע הערצער.

איך בין געווען פון די ערשטע, וואָס האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער ציוניס־טישער אָרגאַניזאַציע. עס געדענקען זיך די ערשטע צוזאַמענקונפטן, זיצונגען, פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, אויף וועלכע מען האָט געזונגען ציון לידער, דאָס געזאַנג פון גרויסע האָפענונגען און דערוואַרטונג אויף דערלייזונג.

## דער דראַמקרייז

אונדזער טעטיקייט איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ לעבהאַפטיקער. מיר האָבן געשאַפן אַ שול, אין וועלכער די קינדער אין שטעטל האָבן געלערנט

העברעאיש, יידישע געשיכטע. מיר האָבן געשאַפן אַ דראַמקרייז, געשפּילט טעאַטער ביי טובה רישען אין גאַסטהויז. עס האָבן געשפּילט: מאיר שעק, אַ זון פון קליינעם שלמהלע, אַ טאָכטער פונעם אייגנטימער פון דער פּראָווער מיל, דוכט זיך, אַז זי האָט געהייסן חיה־אַלטע. מען האָט געשפּילט "מירעלע אפרת" און "כאשע די יתומה". די פאָרשטעלונגען זענען מיר געבליבן אין זכרון ביזן היינטיקן טאָג. איך האָב מיטגעלעבט מיט דער אַרבעט, מיט די אַלערליי באַמיאונגען און בין געווען דער סופלער.

יעדע פאָרשטעלונג איז געווען אַ יום־טוב אין שטעטל און האָט אַרויס־געשטראַלט אויף אויף די שכנותדיקע שטעטלעך. מען איז געקומען צו פאָרן פון אוכאַן, פון וואָיסלאָוויץ און אַנדערע שטעטלעך, כדי צו זען די פאָרשטעלונג. עס וואָלטן אָבער געוועזן פאַלן, ווען נישט אַלע האָבן געהאַט די זכיה אַריינצוקומען אין זאַל, וואָס איז נישט געווען גענוג גרויס, ער זאָל אַריננעמען די אַלע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געריסן צו זען די פאָרשטעלונג. מענטשן זענען געשטאַנען הינטער די פענצטער און טירן, אַריינגעקוקט און צוגעהערט זיך צו יעדן וואָרט, וואָס איז געקומען פון דער בינע. אמת, דאָס האָט אַביסל געשטערט, אָבער קיינער האָט נישט געהאַט דאָס האַרץ אָוועקצוטרייבן דעם עולם, וואָס האָט נישט געהאַט די מעגלעכקייט אַריינצוקומען אין זאַל. אויך אונדזערע יונגע אַקטיאָרן האָבן זיך נישט פאַרלוירן, נישט געלאָזט זיך שטערן פונעם רעש. וואָס האָט אַריינ־געדרונגען פון דרויסן און זיי האָבן געשפּילט מיט דעם כאַראַקטעריסטישן התלהבות פון דראַמקרייזלער.

## די ערשטע ביבליאָטעק

איך געדענק ווי מיר האָבן אָרגאַניזירט די ערשטע ביבליאָטעק אין אונדזער שטעטל, געשאַפן די ערשטע ביכער, צו וועלכע די יוגנטלעכע האָבן זיך צוגעכאַפּט מיט גרויס דורשט נאָך וויסן. יעדן אָוונט פלעגן די יוגנטלעכע זיך צונויפקומען אין דער ביבליאָטעק, אָפּגעבן די אַלטע ביכער און נעמען נייע. שמועסן, דיסקוטירן די דורכגעלייענטע ביכער און אַריינטראַכטן, וואָס דער שרייבער האָט געמיינט מיט דעם אָדער יענעם העלד.

אין גראַבאָוויץ האָט עס אַלע טאָג פון אַ גאַנץ יאָר געשפּרודלט מיט לעב־האפטיקער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, מיט וועלכער עס פלעגן אונדז מקנא זיין די יוגנטלעכע פון די שכנעשע שטעטלעך. דורשטיקע נאָך וויסן, נאָך נייע איבערלעבונגען פלעגן זיי זיך אַראָפּכאַפּן פון אוכאַן, פון וואָיסלאָוויץ, קיין גראַבאָ־וויץ, ווו מען האָט שטענדיק געקענט דערוויסן זיך עפּעס נייעס און אָנשטעקן זיך

מיט נייער התלהבות פאַר באַרייכערן דאָס אייגענע וויסן און בעסער פאַרשטיין די גרויסע אידעאַלן, פאַר וועלכע זיי זענען גרייט געווען צו קעמפן.

עס ווילט זיך שרייבן וועגן דער טעטיקייט פון די פאַרטייען אין גראַבאָוויץ. עס איז אַ רייך קאַפּיטל, וואָס איך בין נישט אומשטאַנד אַרומצונעמען. זאָל מיר דערלויבט זיין צו דערציילן אַן עפּיזאָד, וואָס האָט, אמת, פּאַסירט נאָך מיין אַוועקפאָרן פון גראַבאָוויץ, אָבער עס האָט דאָס מיר שפּעטער דערציילט משה וויינשטרייך און עס איז ווערט צו דערמאָנען, ווייל עס שפּיגלט אָפּ די אַטמאָספער אין אונדזער שטעטל:

## אַ נישט־אויסגעפירטער צווישנרוף

לייזער פּיוול דאָבטשעס האָט געדאַרפט האַלטן אַ רעדע אויף אַ ציוניסטישער טעמע. די בונדיסטן אין גראַבאָוויץ האָבן אָבער באַשלאָסן צו שטערן זיין רעדע און די אויפגאַבע איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אויף שיע־מנשה, וועלכער האָט דער ערשטער געדאַרפט מאַכן צווישנרופן, אַרויסרופן אַ מהומה, וואָס זאָל שטערן לייזערן רעדן.

געשען איז אָבער, אַז גלייך ווי שיע־מנשה איז אַריינגעקומען אין זאַל און געהערט לייזערן רעדן, איז ער אַ מינוט געבליבן שטיין, גענומען זיך צוהערן און גרייטן זיך צו אַ צווישנרוף, אָבער צוהערנדיק זיך צו דער רעדע, איז ער מיט יעדער מינוט געוואָרן אַלץ מער געשפּאַנט און ווי אַ היפּנאָטיזירטער נישט אַראָפּגענומען פון אים די אויגן. ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען שטיל און שווייגנדיק צוגעהערט זיך צו יעדן וואָרט און נישט געפּרוּווט שטערן. שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז ער האָט געזאָגט: "כ׳האָב דערהערט ווי קלוג דער לייזער רעדט אַזעלכע שיינע און ערלעכע רייד, האָב איך זיך געטראַכט, ווי קומט אַזאַ פּויער ווי שיע־מנשה צו האָבן די חוצפה לייזערן צו שטערן?!"

ער איז געשטאַנען ביזן סוף און נישט געפּרוּווט צו עפענען דאָס מויל און שטערן די רעדע. אַזוי איז דורכגעפאַלן דער פּלאַן פון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע אין גראַבאָוויץ צו שטערן אַ ציוניסטישע פאַרזאַמלונג.

אַזוי האָט אויסגעזען דער אָנהויב פון דער קולטור־געזעלשאַפטלעכער און פּאַרטייאישער טעטיקייט צווישן דער יידישער יוגנט אין גראַבאָוויץ, אָבער מען האָט שוין דעמאָלט געקענט פאָרויסזען, אַז עס וואַקסט אַ פּרעכטיקע יוגנט, מיט אינטעליגענץ און הייסער שטרעבונג מקריב צו זיין זיך פאַר גרויסע אידעאַלן. ווען איך בין שוין געווען ווייט פון גראַבאָוויץ האָב איך כסדר באַקומען גרוסן און באַריכטן וועגן דער לעבהאַפטיקער אַרבעט, וואָס עס פירן די יוגנטלעכע אין אונדזער שטעטל.

## מאָראַלישע ירידה ביי די פּאָליאַקן

אַזוי זענען אַוועק די יאָרן. עס זענען געקומען די שווערע 30־קער יאָרן, יאָרן פון עקאָנאָמישן קריזיס און געזעלשאַפטלעכער געפאַלנקייט פון דער פּוילישער באַפעלקערונג, וואָס איז אַלץ מער דורכגעדרונגען געוואָרן מיט גיפטיקן אַנטיסעמיטיזם, אָבער אַפילו אין די ערגסטע צייטן האָט מען זיך נישט געקענט פאָרשטעלן, עס זאָל קומען אַזאַ בראָך און אָפּווישן פון דער ערד אַזאַ פּרעכטיקן יידישן ישוב מיט אַזויפיל שיינע און איידעלע מענטשן.

ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די שרעקלעכע ידיעות, האָט מען זיך נאָך אַלץ נישט געוואָלט גלויבן, אַז מענטשן זאָלן קענען דורכפירן אַזעלכע מערדערישע מעשים.

איצט טראַכט איך: וויפל מיליאָנען יידן וואָלטן אָפּגעראַטעוועט געוואָרן, ווען עס וואָלט שוין דעמאָלט עקזיסטירט מדינת ישראל.

## אַ נסיעה פון גראַבאָוויץ קיין הרוביעשאָוו

מיין טאַטע איז דאָך געווען אין אַמעריקע און די מאַמע איז געווען די ברויט־געבערין, האָט שווער געהאָרעוועט אַריינצוברענגען די פּרנסה פאַר אירע פיר קינדער, וואָס איז באַזונדער שווער געווען אין אַזאַ קליין שטעטל ווי גראַבאָוויץ, וואָס האָט זיך נישט אויסגעצייכנט מיט קיין רייכע פּרנסה־קוואַלן. דאָך האָט זי זיך ווי עס איז אַן עצה געגעבן, געבאָרגט, געכאַפּט אַ גמילת חסד און געהאַנדלט.

אַמאָל איז אויסגעקומען אויך אַוועקצושיקן אַ קינד צו זיידע־באָבע, ווו עס האָט פאַרברענגט אַ געוויסע צייט און דערווייל איז אין שטוב געווען גרינגער, ווייניקער אַ מויל צו דערנערן.

איך בין אין שטוב געווען דער עלטערער און אויף מיר איז אויסגעפאַלן זיין דער ערשטער, וואָס זאָל פאָרן צו זיידע־באָבע, וועלכע האָבן געוווינט אין הרוביעשאָוו. מיר איז שווער געווען צו שיידן זיך מיט דער שטוב, כ׳האָב מורא געהאַט פאַר דער פרעמד, כ׳האָב געוויינט, נישט געוואָלט אַוועק פון דער היים. די מאַמע האָט געפּרווט מיר איינרעדן מיט גוטנס, צוגעזאָגט מיר צו קויפן אַ פּאָר נייע טיפּע קאַלאָשן. דאָס איז אין גראַבאָוויץ געווען דער חלום פון די אָרעמע קינדער און די קאַלאָשן האָבן ווירקלעך געווירקט אויף מיר, האָבן מיך אָפּגעקויפט און איך האָב ענדלעך באַוויליקט צו פאָרן.

אין יענעם אָוונט איז פון אַבושעס גאַסטהויז אָפּגעפאָרן אַ פור קיין הרוביעשאָוו דאָס איז געווען די זעלבע פור, וואָס האָט געבראַכט דעם הרוביעשאָווער דאָקטאָר, ראַפּאַפּאָרט, צו אַ קראַנקער פרוי אין גראַבאָוויץ. צוזאַמען מיט יענעם דאָקטאָר

איז באַשטימט געוואָרן, אַז אויך איך זאָל פאָרן. מיט אונדז איז אויך געפאָרן אַ טאָכטער פון שמעון רופא.

די גאַנצע צייט בין איך געווען איבערגענומען מיט מיינע נייע קאַלאָשן, געקוקט אויף זיי מיט פאַרליבטע אויגן און אַ כּול הארץ און נישט אַראָפּגענומען פון זיי די אויגן ווען כ׳בין אַריינגעקראָכן אין דער פור.

ס׳איז שוין געווען עלף אַזייגער ביינאַכט ווען מיר זענען אַרויסגעפאָרן פון גראַבאָוויץ. עס איז געפאַלן אַ דראָבנער רעגן און די קעלט האָט דורכ־גענומען די ביינער. די בלאָטעס אין גראַבאָוויץ זענען שוין געווען גענוג טיפע. אַזוי האָט עס אויסגעזען אויך הינטער דער שטאָט און ווען מיר האָבן גענומען פאָרן באַרגאַרויף, האָבן אַלע פּאַסאַזשירן געמוזט אַראָפּגיין פון דער פור און העלפן אונטערשטופן דעם וואָגן, ביז מיר זענען ענדלעך אַרויפגעקומען אויפן באַרג.

שטופנדיק דעם וואָגן האָב איך אין דער פינצטער נישט אויפגעהערט צו קוקן אויף מיינע קאַלאָשן און דאָס קינדערישע האַרץ האָט אָנגעקוואָלן פון זיי. חוץ דעם, וואָס זיי זענען געווען אַזוי שיין, זענען זיי אויך געווען פּראַקטיש, האָבן נישט צוגעלאָזט, אַז די שיך זאָלן דורכגענעצט ווערן. און די בלאָטעס האָבן מיך געאַרט ווי דער פאַריאָריקער שניי.

אַרויפקומענדיק אויפן באַרג זענען מיר צוריק אַריינגעקראָכן אין דער פור פרייער אָפּגעאָטעמט און דאָס הוידען זיך האָט אונדז ביסלעכווייז איינגעשלעפערט און אַזוי דרימלענדיק האָט מען זיך ענדלעך דערשלעפּט ביז נילעדווי, וווּ די בלאָטעס זענען געווען נאָך טיפער ווי אין גראַבאָוויץ און די פערד האָבן קוים געשלעפּט דעם שווערן וואָגן אין די טיפע בלאָטעס.

קערעווענדיק כסדר די פערד אָן אַ זייט האָט זיך פלוצלינג די פור איבער־געקערט און מיר אַלע זענען אַריינגעפאַלן אין דער בלאָטע.

דער דאָקטאר און שמעון רופאס טאָכטער האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין וואָגן און אַריבער אויף דער אַנדערער זייט, אויפן בערגל. איך האָב מורא געהאַט צו ריזיקירן, ווייל טאָמער וועט זיך ווידער דער וואָגן איבערקערן און איך וועל בלייבן ליגן אונטער אים אין דער בלאָטע, האָב איך דערפאַר גענומען טאָפּטשען אין דער בלאָטע ווייטער פונעם וואָגן און ווען כ׳בין ענדלעך צוגעקומען נענטער צו מיינע מיטפּאַסאַזשירן האָב איך דערזען דאָס גרויסע אומגליק.. זייענדיק פאַרנומען מיט מיין אַרויסראַטעווען זיך פון דער טיפע בלאָטע, האָב איך נישט געפילט ווי כ׳האָב אויפן וועג פאַרלוירן אַ קאַלאָש.

מיר איז געוואָרן פינצטער אין מיינע פאַרשלאָפענע אויגן, אָבער וואָס האָב איך געקענט טאָן? איך קען דאָך נישט אין דער פינצטערער נאַכט נעמען צוריק־גיין אין די טיפע בלאָטעס זוכן מיין פאַרלוירענעם קאַלאָש. די פינצטערניש האָט

אויסגעזען צו ווערן נאָך דראַענדיקער. דער רעגן איז אָן אויפהער געפאַלן דורכגענעצט די מלבושים.

מיר איז געוואָרן ביטער און כינצטער זייפן געמיס, די נאַסע קעלט האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער. ווייזט אויס, אַז אַלע האָבן נישט ווייניקער געליטן פון דער קעלט, זענען געווען נישט ווייניקער דורכגענעצט און ווען מען איז צוגעקומען צו אַ פויערישער כאַטע, האָט מען אָנגעקלאַפּט, געבעטן דעם פויער ער זאָל אונדז אַריינלאָזן, אָנוואַרעמען זיך אַביסל און אַראָפּוואַשן פון זיך די בלאָטע.

דער פויער האָט נישט געהאַט קיין חשק, געזאָגט אַז עס איז שפּעט און אַז עס איז נישטאָ ביי אים קיין אָרט און אפילו נישט געוואָלט עפענען די טיר.

ערשט ווען מען האָט אים געזאָגט, אַז עס איז אַ דאָקטאר, האָט ער גענומען אַנדערש רעדן און האָט גלייך געעפנט די טיר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיין פרוי איז קראַנק און דער דאָקטאר איז פאַר איר ווי אַראָפּגעפאַלן פון הימל.

אַריינקומענדיק אין שטוב האָט אונדז אַרומגעכאַפּט אַ ליבע וואַרעמקייט, כ'האָב פאַרגעסן אין מיין גרויסן שאָדן, אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די בלאָטע און מיטאַמאָל דערפילט ווי גוט עס איז צו זיין אין אַ וואַרעמער שטוב.

דער דאָקטאר האָט דערווייל באַטראַכט די קראַנקע פויערטע, פאַרשריבן איר אַ רעצעפּט און ערשט שפּעטער אָוועקגעזעצט זיך אויף אַ ווייל אָפּרוען.

מיר האָבן אָבער לאַנג נישט געקענט זיך פאַרגינען דאָס גרויסע פאַרגעניגן אין אַ וואַרעמער שטוב. מען האָט געמוזט ווייטער פאָרן. דער פויער האָט אונדז דערפאַר געהאָלפן צוריקברענגען די פור אין אָרדענונג און מיר זענען צוריק אַריינגעקראָכן אין וואָגן. די פערד זענען אויך געווען אַביסל אָפּגערוט און מיר האָבן זיך גענומען שלעפּן פּאַוואָלע איבערן בלאָטיקן וועג.

ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן האָב איך נאָך שטאַרקער גענומען פילן די קעלט, כ'האָב זיך אינגאַנצן געטרייסלט און קוים איינגעהאַלטן זיך עס זאָל נישט קלאַפּן אַ צאָן אין אַ צאָן. דער דאָקטאר האָט עס אָבער באַמערקט און האָט געהייסן מיך אַרומדעקן, געזאָגט אַז איך קען זיך נאָך פאַרקילן. שמעון רופאס טאָכטער האָט מיך אַרומגעוויקלט מיט עפּעס אַ דעק. די אויגן האָבן זיך מיר גענומען קלעפּן און איך בין איינגעשלאָפן.

אינעם שלאָף האָט זיך מיר ווייטער געצויגן דער חלום פון די קאַלאָשן. איך האָב זיך געזען שפּאַצירן אין הרוביעשאָוו אין די נייע קאַלאָשן און אַלע באַגעגנטע יינגלעך קוקן מיר נאָך, זענען מיך מקנא...

דאָס איז געווען איינער פון די זיסטע חלומות פון מיינע קינדער־יאָרן. ווי לאַנג כ'בין דעמאָלט געשלאָפן ווייס איך נישט. אַ שטאַרקער שטאַרך פון בעל־

עגלה האָט מיך איפגעוועקט. עס איז שוין געווען גרויסער טאָג און איך האָב דערזען, אַז איך בין אין הרוביעשאָוו און זיך גלייך דערמאָנט, אַז איך האָב נישט מער ווי איין קאַלאָש.

## לייביש טאובער

ער איז פרי געבליבן אַ יתום און שוין גאָר יונג דערפילט דעם עלנט און די ליידן, וואָס אַ יתום האָט געדאַרפט דורכמאַכן אין אונדזער קליינעם שטעטל. ער פלעגט זיך אַרומדרייען צווישן די בעלי־עגלות און זיי געהאָלפן אומגיין מיט די פערד און דערפאַר באַקומען פון זיי אַ שטיקל ברויט.

זיין פאָטער בן־ציון איז געווען מיין מאַמעס ברודער און ער פלעגט דערפאַר זיין אַן אַריינגייער צו אונדז אין הויז און מיין מוטער פלעגט אים תמיד מכבד זיין מיט עפּעס, געגעבן עפּעס אָפּצועסן, אָנצוטון.

כ׳געדענק, אַז איך האָב אויף אים געקוקט ווי אויף אַן עלטערן ברודער, ווייל ער פלעגט זיך תמיד פאַר מיר אָננעמען, ווען אַנדערע יינגלעך האָבן מיך געוואָלט שלאָגן. אין מיינע אויגן איז ער געווען אַ גרויסער און אַ שטאַרקער, אָבער מיין מוטער האָט שטאַרק אויף אים רחמנות געהאַט און זיך באַצויגן צו אים ווי צו אַן אייגן קינד.

פון דער נאַטור איז ער געווען אַ גוטהאַרציקער, ווען ער האָט פאַרדינט אַ פּאָר גראָשן איז ער תמיד גרייט געווען זיך צו טיילן דערמיט מיט יעדן, וואָס האָט געמאַכט פאַר אים אַ טרויעריקע מינע. מיין מאַמע פלעגט אים דערפאַר שטראָפן, געלערנט אים, אַז דאָס געלט, וואָס ער האָט פאַרדינט פון שווערער האָרעוואַניע, דאַרף מען האַלטן טייער.

ווען ער איז עלטער געוואָרן און געהאַט שוין שטענדיקע אַרבעט ביי די גראַבאָוויצער בעלי עגלות, האָט ער שוין פאַרדינט אויף חיונה און באַקומען דאָס געפיל פון אַ זעלבשטענדיקן מענטש, זעלבסטזיכער אין זיך, אין די אייגענע כוחות און שוין נישט געפילט זיך אַזוי עלנט.

דעמאָלט האָט ער אויך אָנגעהויבן ווייניקער אַריינקומען אין אונדזער הויז און עס האָט נישט לאַנג געדויערט איז ער אַוועק דינען אין דער צאַרישער אַרמיי. מיר האָט ער שטאַרק געפעלט און איך האָב נאָך אים געבענקט ווי נאָך אַן עלטערן ברודער, אַ ליבן און גוטהאַרציקן.

נאָך עטלעכע יאָר האָט ער זיך ווידער באַוויזן אין גראַבאָוויץ, אַ געזונטער און פעסטער בחור. זיין אַהיימקומען איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער יום־טוב. איך האָב זיך געגרויסט מיט אים, שוין נישט ווי מיט אַ ברודער אָבער ווי מיט אַ גוטן חבר און פריינט.

ער האָט געהאַט אַ סך צו דערציילן פון זיינע איבערלעבענישן פון דער ערשטער וועלט מלחמה.

אַלץ, וואָס ער האָט דערציילט, איז פאַר מיר געווען, ווי ער וואָלט מיר אַנטפּלעקט נייע וועלטן. מיין יונג האַרץ האָט אויפגעציטערט מיט נייע אַנונגען און מיין ליבשאַפט צו אים האָט זיך נאָך מער פאַרשטאַרקט.



הערש בלאָך (לינקס) מיט זיין זון חיים־פּנחס — אין די ערשטע יאָרן פון זייער זיין אין גאָלדענעם לאַנד, אָבער ווי תמיד געפילט זיך פאַרבונדן מיט דער אַלטער היים — גראַבאָוויץ.

מיין פאָטער איז שוין דאַן געווען אין אַמעריקע און אונדזער משפחה האָט איבערגעלעבט שווערע טעג. לייביש פלעגט מיט מיר גיין צוזאַמען אין די דערפער קריגן אַביסל קאַרטאָפל. מיט דער צייט האָט ער אָנגעהויבן זוכן אַ תכלית און מיר האָבן זיך שוין ווייניקער געזען. די טעג, ווען איך האָב אים נישט געזען, זענען פאַר מיר געווען אומעטיקע. איך האָב זייער געבענקט נאָך אים.

די צייט האָט זיך שווער געשלעפּט ביז איך בין אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. פון דאָרט האָב איך זיך כסדר אינטערעסירט, ווי אַזוי עס גייט אים, לייבישן אין גראַבאָוויץ. איך האָב אָפּגענומען גרוסן, אַז ער האָט חתונה געהאַט קיין זאַמאָשטש, האָט געקריגן אַ פיינע פרוי, גוט איינגעאָרדנט זיך, געהאַט פּרנסה. מיט דער צייט האָב איך זיך געשטעלט אין פאַרבינדונג מיט אים, פון צייט צו צייט געשיקט אים עטלעכע דאָלאַר, מתנות. מיין מוטער פלעגט שטענדיק דערמאָנען לייבישן און האָט מיך תמיד דערמאָנט איך זאָל שרייבן צו אים. ווען די לאַגע אין פוילן האָט זיך פאַרערגערט זענען זיינע בריוו אויך נישט געווען קיין פריילעכע. אויך אין אַמעריקע זענען אונדזערע באַדינגונגען געווען שווערע און נישט אַלעמאָל האָט מען אים געקענט העלפן אַזוי ווי עס האָט זיך געוואָלט. דאָס האָט מיר שטאַרק וויי געטון. ער איז מיר תמיד געשטאַנען פאַר די אויגן און ביזן היינטיקן טאָג טרעפט, אַז ער קומט מיר צום חלום און איך זע אים ווי לעבעדיק ווי ער קומט אַהיים פון דער אַרמיי, מיר נעמען זיך אַרום און פון אונדזערע אויגן גיסן זיך טרערן. אויך היינט ווען איך שרייב די דאָזיקע ווערטער שטייט ער מיר

פאַר די אויגן אַזאַ גוטער און האַרציקער, ווי איך האָב אים ערשט נעכטן געזען אין חלום.



מיין ערשטע פרוי, די טאָכטער פון דוד איינעס, אַן אייניקל פון פייוול דודטשע איינעס. זי איז אויך געווען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, געטון אַסך פאַר די יידן פון גראַבאָוויץ און מיט אַ סך ענטוזיאַזם געווען טעטיק פאַר מדינת ישראל. דאָס בילד איז געמאַכט געוואָרן געציילטע וואָכן איידער זי איז געשטאָרבן נאָך אַן אָפּערציע.

לייביש האָט צוזאַמען מיט זיין משפחה דורכגעמאַכט די צווייטע וועלט־מלחמה אין רוסלאַנד. איך ווייס נישט קיין פּרטים, אָבער צו מיר איז דערגאַנגען, אַז ער האָט דאָרט דורכגעמאַכט זייער שווערע צייטן און נאָך דער מלחמה האָט ער עולה געווען קיין ישראל, אויך דאָ האָט ער דורכגעמאַכט שווערע צייטן און עס איז אים נישט באַשערט געווען צו דערלעבן דאָס נחת, וואָס ער וואָלט איצט געהאַט פון זיינע קינדער און אייניקלעך, וועלכע לעבן אין ישראל, זענען אויסגעצייכנטע און טייערע מענטשן, ליבע און האַרציקע, ווי עס איז געווען זייער פּאָטער און זיידע.





ישראל האסטיק

# א פארגאנגען לעבן

## מיין פאָטערס שטוב

פון מיינע פריסטע קינדער־יאָרן בין איך פאַרבונדן מיט אונדזער שטעטל גראַבאָוויץ. דאָרט איז געשטאַנען מיין וויגעלע און דאָרט האָב איך אַרויסגערעדט די ערשטע ווערטער: מאַמע, טאַטע, און איך קען זיך בלויז פאָרשטעלן ווי גליקלעך זיי זענען געווען און וויפל פרייד דאָס האָט אַריינגעברענגט אין שטוב. מיינע עלטערן האָבן געוווינט אין גראַבאָוויץ, באַלד נאָך זייער חתונה, אין אַ געדונגענער וווינונג, נישט ווייט פונעם זיידנס געוועלב, ווו עס איז אויך געווען זיין דירה. מיין זיידע משה זינגער איז געווען דער הויפּט־חזן פון דער גראַבאָוויצער גרויסער שול. נישט געקוקט דערויף וואָס ער איז געווען אַ הייסער הורשאטינער חסיד, האָט ער אין די שבתים און יום־טובים געדאַוונט אין דער גרויסער שיל פאַרן עמוד. מענטשן האָבן ליב געהאַט צו הערן זיין שיינע שטים. ער האָט געדאַוונט מיט גרויס מתיקות.

דער מאַטעריעלער מצב פון מיינע עלטערן איז געווען אַ שווערער נאָך זייער חתונה, און נאָך מיין געבוירן ווערן איז די מאַמע אסתר ז״ל געווען געצוווּנגען צו גיין אַרבעטן ביי אירע עלטערן און מיר זענען אויך אַריבער וווינען צוזאַמען מיט אירע עלטערן.

אין דער צוויי־צימערדיקער דירה, ווו מיר האָבן געוווינט צוזאַמען מיט דער מאַמעס עלטערן, האָט אויך געוווינט זייער טאָכטער גיטל מיטן קינד און דאָס אייניקל שרה. מיין מאַמע האָט געהאָלפן אירע עלטערן אינעם געשעפט פון שפייז און געבעקס.

אַזוי זע איך פֿאַר זיך מײַנע טאַטע־מאַמע אין די ערשטע יאָרן, פֿאַרזאָרגטע און פֿאַריאָגטע נאָך פּרנסה, אָבער קיינמאָל נישט אַרײַנגעכאַלן אין קיין יאוש. עס האָט זיי קיינמאָל נישט פֿאַרלאָזט דער בטחון, אַז עס וועלן קומען בעסערע צײַטן. מײַן פֿאָטער האָט אָנגעהויבן צו האַנדלען מיט האָלץ צוזאַמען מיט זײַן ברודער שלמה (שמחהס פֿאָטער) און ר׳ יענטשעס בוים און זײַן ברודער גרשון. ווײַזט אויס, אַז זייער מאַטעריעלע לאַגע האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרבעסערן און מײַן פֿאָטער האָט אָנגעהויבן בויען אַן אייגן הויז, נעבן דעם הויז פֿון זײַנע עלטערן, דעם זיידן יוסף מרדכי, וועלכן איך געדענק זייער שוואַך. דאַקעגן געדענק איך בעסער די באָבע גאָלדע, וואָס האָט נאָך לאַנגע יאָרן נאָכן זיידנס טויט געוווינט אינעם פֿאַמיליע־הויז מיט איר טאָכטער שרה. דאָרט האָט אויך געוווינט מײַן פֿעטער פֿייבל מיט זײַן משפּחה, פֿון וועלכע עס זענען געבליבן לעבן ביידע טעכטער. רייזל און העסע און זיי געפֿינען זיך אין רוסלאַנד. דאָרט האָבן אויך געוווינט דעם טאַטנס שוועסטער חנטשע מיט אירע קינדער, פֿון וועלכע עס איז געבליבן לעבן איין זון לייזער האסטיק און ער געפֿינט זיך אין ישראל, ווי אויך שלמה מיט זײַן פֿאַמיליע.



מײַן זיידע ר׳ משה זינגער
און די באָבע נעכע־יהודית

מײַנע עלטערן האָבן פּונקט ווי זיידע־באָבע ליב געהאַט דאָס שטעטל, די מענטשן, תּמיד געשעצט זייער יחוס, דער־ציילט די קינדער די גרויסקייט פֿון זיידעס, גוטע ייִדן, די דאָזיקע ליבשאַפֿט האָב איך אויך אײַנגעזאַפּט פֿון די פֿריסטע קינדער־יאָרן און זי האָט מיך באַגלייט אין אַלע צײַטן, ווען איך בין שוין געווען דער־וואַקסן און דאָס לעבן איז נישט איינמאָל געווען שווער און ביטער, אָבער די גראַבאָוויצער היים איז פֿאַר מײַנע אויגן געשטאַנען ווי אַ העלער באַגין, וואָס זאָגט אָן אַ שיינעם טאָג און עס וועט זײַן וואָס צו זען און וואָס צו הערן.

## אין חדר

אין אַ מזלדיקער שעה איז געקומען דער טאָג, ווען איך האָב געדאַרפֿט אָנהייבן גיין אין חדר. דער טאַטע האָט מיך גענומען אויף די הענט, אַרומגעוויקלט מיט זײַן טלית. אין שטוב האָט שוין געוואַרט דער בעלפֿער פֿונעם דרדקי־מלמד, ר׳ חיים און אַזוי האָט מען מיך געטראָגן אין חדר אַרײַן.

דאָס איז געווען אַ קליין טונקל צימערל. אַרום די ווענט זענען אויף קלעצער געווען אויסגעלייגט ברעטער, אויף וועלכע די קינדער זענען געזעסן און נאָכ־געזאָגט דעם רבין: אלף, בית, גימל...

נאָך גאָר אַ קינד און די איבערלעבעניש האָט זיך אַזוי טיף איינגעקריצט אין געמיט און איך געדענק ווי שטיל עס איז געוואָרן אין חדר, ווען מיר זענען אַריינ־געקומען, אָבער דאָס האָט געדויערט נאָר אַ קורצע ווײַלע. דער טאַטע האָט גענומען טיילן די קינדער צוקערלעך און עס איז געוואָרן לעבעדיק. באַלד בין איך אַריבער־געגאַנגען אין רשות פֿונעם רבין און איך בין געוואָרן זיין תלמיד, מיט אַלע רעכט און פליכטן, וואָס עס זענען אַרויפגעלייגט געוואָרן אויפן יינגעלע אין זיינע פֿריסטע קינדער־יאָרן.

אין יענער צייט איז יעדן טאָג געקומען צו אונדז אין שטוב דער בעלפער, גענומען מיך ביי דער האַנט און געפירט אין חדר אַריין און שפּעטער צוריק אַהיימגעפירט. ווען איך בין עלטער געוואָרן און אָנגעהויבן לערנען ביי אַ צווייטן מלמד, בין איך שוין געווען מער זעלבשטענדיק און געגאַנגען אַליין.

אַ סך פּאַזן האָב איך געדאַרפט דורכמאַכן אינעם אַריבערגיין פון איין חדר צום אַנדערן, ביז איך בין אָנגעקומען לערנען ביי ר׳ שלום מעזגע. דער הויפּט־ציל פון לערנען איז, פֿאַרשטייט זיך, געווען תורה שבכתב און שבעל פה, אָבער מיינע עלטערן האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל אויך קענען לייענען און שרייבן פויליש, יידיש און איך בין געווען פון די געציילטע יינגלעך אין גראַבאָוויץ, וואָס האָבן חוץ אין חדר געדאַרפט גיין לערנען ביי אַ פּריוואַטן לערער און אויך אין דער פוילישער שול. מיין לערער איז געווען ברוך איינעס, וועלכן איך האָב אַ סך צו פֿאַרדאַנקען. דאַקעגן אין דער פוילישער שול האָב איך געדאַרפט דורכמאַכן אַ סך ליידן, געפּלעגט קריגן קלעפּ פון די שקצים, שוין אין די ערשטע קלאַסן. כ׳האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן מיין שוואַכקייט לגבי די שקצים, וואָס זענען געווען פיל מער אין צאָל און כ׳האָב שטיל אַראָפּגעשלונגען די קלעפּ און באַליידיקונגען. ערשט ווען איך בין אָנגעקומען אין דריטן קלאַס האָב איך זיך גענומען פֿילן שטאַרקער, נישט געלאָזט זיך שפּייען אין דער קאַשע און זיך קעגנ־געשטעלט מיט כוח. דערצו האָבן זיי זיך געמוזט רעכענען דערמיט, וואָס איך בין געווען איינער פון די בעסטע שילער און דאָס האָט מיר צוגעגעבן קוראַזש און זיכערקייט.

## תורה און חסידות

אין יענער צייט איז אונדזער שטוב שוין געווען איינע פון די רייכערע אין גראַבאָוויץ און עס האָט געהערשט אין איר אַ חסידישע אַטמאָספער. מיין טאַטע,

אַ הוישאַטענער חסיד, האָט אָפּט פֿאַרבעטן צו זיך די חסידים פֿון הוישאַטינער שטיבל אויף קידוש, שבת און יום־טוב. מען האָט געזונגען חסידישע נגונים, איבערגעחזרט דעם רבינס תורה־זאָגן און דערציילט זיך מעשיות און ווערטלעך פֿון די רביים פֿון דער ריזשינער און סאַדיגערער דינאַסטיע.

געווען נאָך חסידים־שטיבלעך ביי אונדז אין שטעטל. יעדעס שטיבל — אַ וועלט פֿאַר זיך. אין מיין געמיט איז געבליבן די וואַרעמקייט און התלהבות פֿון די חסידים אין הוישאַטינער שטיבל. דאָרט האָט געהערשט אחדות צווישן גביר און אָרעמאַן. דאָס שטיבל איז פֿאַר די חסידים געווען די צווייטע היים. אַהער זענען זיי געקומען באַפֿרייטע פֿון אַלע דאַגות און עגמת־נפֿש. דאָ האָבן זיי געפֿונען היימלעכקייט און הילף, אויך טרייסט אין זייערע טאָג־טעגלעכע זאָרגן.

אין מיין זכרון לעבן אויף די בילדער אויף די טרעפּ פֿון דער גאַס צו דער עזרת נשים, ווו יעדעס יאָר ערב יום־כּפּור, צו מנחה־צייט, פֿלעגן די שטאָטישע און פֿרעמדע אָרעמעלייט אַוועקזעצן זיך מיט טעלערס אין די הענט און די מתפּללים פֿון בית־המדרש און פֿון די שטיבלעך פֿלעגן דורכגיין און טיילן נדבות. תמיד וועל איך געדענקען ווי מיין טאַטע האָט מיר דאָס ערשטע מאָל דערלאַנגט עטלעכע מטבעות און געזאָגט: ״הער, מיין קינד. דאָס האָב איך געזען און געלערנט ביי מיינע עלטערן און אויך דו, מיין זון, זאָלסט זיך אַזוי פֿירן — נעם דאָס געלט און וואַרף עס אַריין אין די טעלערס, אין די פּושקעס״...



מיין טאַטע ר׳ מענדל ז״ל
און איך אין די ערשטע חדר־יאָרן

מיר זענען געווען אין ישראל אַנצורופֿן אַ קאָנצענטראַציע פֿון עטלעכע הייזער מיטן נאָמען ״קריה״, ״קרית המלאכה״, ״קרית וויזשניץ״ א.א. אַזוי וואָלט מען אויך געדאַרפֿט אָנרופֿן די גאַס, ווו עס האָבן זיך קאָנצענטרירט דאָס בית המדרש און די חסידישע־שטיבלעך אין גראַבאָוויץ — די הייליקע קריה. דאָס גרויסע בית המדרש, מיט די טרעפּ פֿון דער גאַס צו דער עזרת נשים, מיטן פּוליש און קאָרידאָר, אַ היימישער פֿאָלקסטימלעכער מקום תפילה, געווען אַלעמאָל פֿול מיט מתפּללים. עס פֿלעגן קומען אַהער אַ סך ״שיינע״ יידן, ווער אויף אַ שיעור

פון דף יומי אָדער סתם אַ פּרק משניות. בחורים פלעגן זיצן און לערנען אַ בלאָט גמרא פאַר זיך. עלטערע האָבן געבלעטערט אין אַן אַלט ספר. ווייל אין בית המדרש זענען געווען אַ סך אַלטע ספרים פון דער רבנישער ליטעראַטור. דאָס איז געווען אַן אוניווערסיטעט פאַרן יונגן לומדישן דור; בחורים פלעגן זיצן ביז שפּעט אין דער נאַכט און זיך מתפּלפּל זיין אין שווערע סוגיות. מען קען זאָגן, אַז דער קול התורה און קול התפילה האָט דאָרט נישט אויפגעהערט אַ גאַנצן טאָג. אויך פאַרן עלטערן דור איז דאָס בית המדרש געווען דער בעסטער און אפשר אויך דאָס איינציקע אָרט פאַר גייסטיקער פאַרווײַלונג.

אויף דער זעלבער גאַס זענען אויך געווען די קוזמירער, ראַדזינער שטיבלעך. דערנעבן, נישט ווייט פון אונדזער הויז, דאָס בעלזער שטיבל. אויך די שטיבלעך זענען געווען אָפן אַ גאַנצן טאָג און ביז שפּעט אין דער נאַכט פלעגט מען הערן בחורים לערנען מיטן באַקאַנטן גמרא־ניגון. שוין פון פאַרטאָג פלעגן זיצן אין די שטיבלעך די למדנים ביי דער גמרא.

אומפאַרגעסלעך זענען די פרייטיקצונאַכטסן און שבתים. אַ סך יאָרן זענען שוין פון זינט דאַן פאַרגאַנגען. אַ סך לענדער און שטעט האָב איך דורכגעוואַנדערט, אָבער נישט איינמאָל קער איך זיך אום צוריק מיטן זכרון צו דעם שטיבל, וווּ איך האָב מיינע קינדער־יאָרן פאַרבראַכט.

שוין פרייטיק נאָך מיטאָג האָט אין שטעטל זיך אָנגעהויבן פילן די אַטמאָספער פון אָנקומענדיקן שבת. דער טאַטע איז פרי אַהיימגעקומען און מיך מיטגענומען אין מקווה, וואָס איז שוין געווען געפּאַקט מיט יידן. דאָס שוויץ־באָד איז געווען איינגעהילט אין געדיכטער פאַרע און עס האָבן זיך געהערט געשרייען: „נאָך פאַרע... נאָך אַן עמער וואַסער אין אויוון...‟ איבערגעטוענע אין פרישע וועש זענען מיר געגאַנגען אַהיים, וווּ דער שבת האָט שוין אַרויסגעקוקט פון אַלע ווינקלען. אויפן טיש געדעקט מיטן ווייסן טישטוך זענען געשטאַנען די זילבערנע לייכטער און די מאַמע האָט געבענטשט ליכט, פאַרדעקט דאָס פּנים מיט די הענט און שטיל געמורמלט די ברכה: „להדליק נר של שבת‟.

איבערגעטוענע אין די שבתדיקע מלבושים זענען מיר געגאַנגען צום דאַווענען. פון אַלע געסלעך האָט מען געשטראָמט צום בית המדרש, צום פּאַליש און חסידים־שטיבלעך, פונוואַנען עס האָט געפלייצט מיט ליכט פון די צעצונדענע לעמפּ און גרויסע חלבנע ליכטער, מיטן געזאַנג פון „לכה דודי‟ לקראת שבת‟. ביזן היינטיקן טאָג קלינגט מיר אין די אויערן דאָס זיסע געזאַנג פון מיין זיידן ר׳ משה זינגער, דורכגענומען מיט שבתדיקער פרייד און קדושה.

מיט נאָגנדיקער בענקשאַפט דערמאָן איך זיך די שבתדיקע בין־השמשות, ווען די יידן פלעגן זינגען מיט התלהבות זמירות און עס האָט אויסגעזען ווי זיי

קלאַמערן זיך מיט אַלע כוחות אין דער הייליקייט און ווילן זיך נישט שיידן מיטן שבת. מיר ייִנגלעך, האָבן זיך געטוליעט אין די ווינקלעך, דערציילט זיך מעשיות און נישט געוואָלט זיך שיידן מיט דער וועלט פון חלומות.

קליין איז געווען דאָס שטיבל אין כמות, אָבער אין איכות האָט עס געהאַט אין זיך אַן אַ שיעור גרויסקייט. אַזויפיל שיינע און טייערע יידן און ווער עס האָט נאָר געקאָנט האָט געטון אַלץ, אַז אין שטיבל זאָל זיין אנגענעם און וואַרעם, אינערלעך און אויסערלעך. ווינטער האָט דאָ קיינמאָל נישט אויסגעפעלט קיין האָלץ, ווייל דאָ האָבן געדאַוונט מיין טאַטנס אַלע שותפים, האָלץ־סוחרים, דער פעטער שלמה, גרשון, יענטשע בוים און זיי האָבן צוזאַמען מיט מיין טאַטן געזאָרגט פאַרן באַהייצן דאָס שטיבל.

גראַבאָוויץ האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער מידה פון הכנסת אורחים. נישט געווען כמעט קיין שבת, אַז אין אונדזער שטוב זאָל נישט זיין אַן אורח. ייִדישע אָרעמעלייט, וועלכע האָבן געוואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט און געקליבן נדבות, אָבער שבת זענען זיי געבליבן אַ צוויי צענדליק אורחים אין שטעטל. אין בית המדרש און אין די חסידים־שטיבלעך האָט יעדער וואָס האָט נאָר געקענט אהיימ־גענומען צו זיך אַן אורח אויף שבת.

## א נסיעה צום רבין

מיין טאַטע, ווי די אַנדערע הוישאַטינער חסידים האָבן געלעבט און געאָטעמט מיט תורה און חסידות און דאָס פאָרן צום רבין איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ הייליקע עבודה, אָבער דער הוישאַטינער רבי האָט געוווינט אין הוישאַטין און ווייניק חסידים האָבן זיך געקענט פאַרגינען צו פאָרן אַזוי ווייט. פלעגט דער רבי איין מאָל אין יאָר קומען קיין לעמבערג. דאָס איז געווען אַנהויב זומער און חסידים פון דער גאַנצער געגנט פלעגן דאַן פאָרן אַהין. געדענק איך ווי די חסידים זענען זיך צונויפגעקומען אויף איין אָרט, געדונגען אַ פור אָדער צוויי און געפאָרן קיין לעמבערג אויף אַ שבת צום רבין. איך האָב שוין דאַן געלערנט ביי ר׳ שלום מעזגע און דער טאַטע האָט מיר מודיע געווען, אַז מיר פאָרן קיין לעמבערג צום רבין. מען האָט מיך דערצו צוגעגרייט ווי אַ חתן צו דער חתונה, פריש אָפּגעשוירן און איבערגעלאָזט גרויסע פיאות, אָנגעטון אַ חסידיש היטל און אַזוי זענען מיר אין אַ דאָנערשטיק אַרויסגעפאָרן מיט דער פור קיין מיאָנטשין, פון וואַנען מען איז מיט דער באַן געפאָרן קיין לעמבערג. מיט אונדז איז אויך מיטגעפאָרן דעם טאַטנס ברודער פייוול, וועלכער האָט אויסגענוצט די געלעגנהייט איינצוקויפן אַ ביסל שניט־סחורה. אָנקומענדיק קיין לעמבערג זענען מיר פאַרפאָרן אין אַ גאַסטהויז, וואָס איז שוין געווען פול מיט חסידים און

פון דאָרט איז מען געגאַנגען צום רבין, ווו עס האָט געהערשט גרויס ענגשאַפט. אַלע האָבן זיך געשטופּט צו נעמען "שלום".

פּרייטיקצונאַכטס איז דער רבי אַרויסגעקומען, געמאַכט קידוש. זיין מתיקותדיק קול קלינגט מיר נאָך היינט אין די אויערן און איך זע פאַר זיך זיין הדרת פּנים, זיין שיינע ווייסע באָרד, אָנגעטון אין דער גלאַנציק זיידענער קאַפּאָטע. עס האָט געאָטעמט פון אים מיט גרויסקייט, אין תורה און אין חכמה, אין הנהגה און אין מידות, מיט גדלות המוחין און גייסטיקער קראַפט.

ווייטע, ווייטע טעג, שווער צו געדענקען גענויע פּרטים פון יענער צייט, אָבער אין האַרצן איז געבליבן די התלהבות פון די הורישאָטינער חסידים פאַר זייער רבין, די התפעלות פאַר זיין גדלות, פאַר דער גוטיידישקייט. אומקערנדיק זיך אין גאַסטהויז האָב איך ווידער געזען דאָרט זיצן די חסידים פון גראַבאָוויץ. איך זע פאַר זיך ר' אלקנהן, מיין צוקונפטיקן רבין ר' שאולקע, זיין זון מענדעלע, דער עילוי פון שטעטל און נאָך אַנדערע, וועלכע זענען געזעסן און געזונגען זמירות. צוזאַמען מיט מיין טאַטן האָב איך זיך אָנגעזעצט נעבן זיי, ביים גרויסן טיש און ווי יונג איך בין דעמאָלט נאָך געווען, האָב איך דערפילט, אַז זיי זענען אַריינגעטון אין גרויסע השגות, זייערע געדאַנקען שוועבן העכער פון די טאָג־טעגלעכע זאָרגן. מיר ווייזט זיך אויס, אַז די דאָזיקע העכערקייט איז דערגאַנגען צו אַזאַ מדרגה, אַז זי אַליין איז ביי די דאָזיקע חסידים שוין געווען אַ מין דרך הטבע. זיי זענען געווען איינגעהילט אין אצילות און פון דאַנען האָט זיך גענומען זייער כוח צו שלעפן זיך טעג לאַנג מיט אַ וואָגן איבער די שלעכטע וועגן אין גראַבאָוויץ און ווי נעמט מען היינט די פרייד, מיט וועלכער זיי זענען געווען דורכגענומען אויפן וועג צום רבין אַהין און צוריק?!

די הורישאָטינער חסידים האָט מען אין שטעטל געקרופן: "די טרינקערס". כמעט יעדן טאָג איז געווען אַ סיבה אויסצוטרינקען אַ גלעזל בראַנפן. אַמאָל איז עס געווען אַ יאָרצייט, אַן אַנדער מאָל אַ תנאים־שרייבן, אַ חתונה. עס וועט אָבער זיין אַ טעות צו מיינען, אַז די חסידים האָבן זיך באַגנוגנט בלויז מיט טרינקען. מען האָט געפירט תורה־שמועסן, געזונגען חסידישע נגונים. צו די גוטע בעלי־תפילות האָבן געהערט ר' אברהם ראַפּאָפּאָרט, ר' אלקנה און אַנדערע בעלי תפילה. מען האָט זיך דערציילט מעשיות פונעם רבין, געלייענט אַ בריוו, וואָס דער רבי האָט געשריבן צו זיינע חסידים.

עס געדענקט זיך אַ צייט ווען דער רבי איז איבערגעפאָרן ווינען קיין ווין און דער רבישער הויף האָט זיך געגוויטיקט אין געלט. האַלטנדיק אונדזער שטעטל פאַר אַ צענטער פון הורישאָטינער חסידות איז איינער פון די גבאים ראשונים אין הורישאָטינער הויף, ר' ליפּע, געקומען צו פאָרן קיין גראַבאָוויץ, איז איינגעשטאַנען

ביי אונדז אין שטוב אין משך פון צען טעג בערך. עס איז געווען פריילעך. אויפן טיש האָט זיך שטענדיק געפונען אַ פלעשל יי״ש מיט כיבוד און מענטשן זענען נעגאַנגען אַריין און אַרויס. מען איז געקומען אויך פון אַנדערע שטעטלעך, פון די אַרומיקע דערפער, געברענגט קוויטל־געלט פאַרן רבין. אין די קוויטלעך האָבן די יידן געבעטן, דער רבי זאָל זיך באַמיען פאַר זיי אין די הימלען. נישט געווען במעט קיין איין ייד, וואָס זאָל זיך נישט נויטיקן אין עפּעס אַ ישועה. אַ פאַקט, אַז נאָך ר׳ ליפעס אַוועקפאָרן האָט יעדער, וואָס האָט מיטגעשיקט אַזאַ קוויטל באַקומען פונעם רבין אַ בריוו מיט אָנווינטשן און ברכות.

יעדן טאָג פלעגט ר׳ ליפע אַרויספאָרן מיט אַ פמליא חסידים אין די נאָענטסטע שטעטלעך, ווי וואָיסלאָוויץ, אוכאַן און אַנדערע, געזאַמלט געלט און צונויפגענומען קוויטלעך. די בלעכערס פון גראַבאָוויץ האָבן געמאַכט ספּעציעלע גרויסע בלעכענע פּושקעס פאַרן רבינס הויף, מיטצונעמען פסחדיק שמאַלץ, אַ מתנה פון גראַבאָוויצער חסידים פאַרן רבינס הויף.

אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן אין שטעטל. איך האָב געלערנט ביי שלמה מלמד און שפּעטער אָנגעקומען צו ר׳ שאולקע מלמד, ביי וועלכן מען האָט שוין געלערנט גמרא און תוספות. אין שטוב איז שטענדיק פול געווען מיט געסט, קרובים, וואָס זענען געקומען פון לאָדזש, ווו עס האָט געוווינט דעם טאַטנס ברודער בערל; פון כעלם, ווו עס האָבן געוווינט די קינדער פונעם טאַטנס ברודער. אין אונדזער שטוב האָבן זיי שטענדיק געפונען די היימישע וואַרעמקייט פון אַ געטרייער משפּחה.

## ערשטע מזרחיסטן

דאָס לעבן פון אַ יינגל אין גראַבאָוויץ איז אָבער נישט באַשטאַנען בלויז פון דער היים. אַ גרויס אָרט האָט פאַרנומען דאָס חסידים־שטיבל. מיר, קינדער האָבן געוווסט וועגן אַלעם וואָס עס קומט דאָרט פאָר, מיטגעלעבט מיט פריידיקע יום־טובים און אויך מיט קליינע און גרעסערע מחלוקתן, ראַנגלענישן צווישן עלטערן און יינגערן דור, וואָס האָבן זיך באַזונדערס פאַרשאַרפט, ווען אין שטעטל האָט זיך געשאַפן די ״מזרחי״־פאַרטיי און אַ טייל מתפּללים זענען אַריבער אין דער דאָזיקער באַוועגונג. דעמאָלט איז אויך מיין פאָטער פייוול געוואָרן דער פאָרזיצער פון מזרחי־סניף אין שטעטל.

מיין פאָטער איז געווען זייער פאַרנומען מיט זיינע האַלץ־עסקים, אָבער ער האָט זיך אויך אינטערעסירט מיטן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין שטעטל. ער האָט אויף זיך גענומען דאָס פירן די סוחרים־באַנק אין שטעטל. געווען דער פאָרזיצער און אַרויסגעהאָלפן דער באַנק מיט אייגן געלט.

## אַ נייע יידישע וועלט

די אינטענסיווע אַרבעט, די איבערלעבענישן האָבן, ווייזט אויס, געווירקט אויפן טאַטנס געזונט. ער האָט געליטן פון אַ האַרץ־קראַנקהייט. אויך די מאַמע איז געווען אַ קראַנקע. זיי זענען דערפאַר יעדעס יאָר געפאָרן זיך היילן קיין קרעניץ און אַנדערע ערטער, וווהין זיי האָבן מיך מיטגענומען און פאַר מיר פלעגט זיך דאָן עפענען אַ נייע וועלט. כ'האָב פאַר זיך דערזען אַנדערע יידן, צענדליקער רביים און רבנים, וועלכע פלעגן קומען קיין קרעניץ פון גאַנץ פוילן און אויך פון אַנדערע לענדער. אַהין זענען אויך געקומען זייערע חסידים, וועלכע האָבן זיך געקלאַמערט אַרום זייערע רביים און עס האָבן זיך געשאַפן דאָרטן באַזונדערע רבישע הייף. פאַר מיינע אויגן שטייען נאָך לעבעדיק די בילדער ווי די הדרת־פּנימדיקע רביים פלעגן גיין שפּאַצירן אין וואַלד, נאָך זיי האָבן זיך געצויגן געדיכטע רייען פון צענדליקער חסידים. אָפטמאָל האָבן זיי זיך אָוועקגעשטעלט דאַווענען אין וואַלד מנחה־מעריב און מיר האָט זיך אויסגעוויזן ווי די ביימער שאָקלען זיך און דאַווענען מיט, פליסטערן שטיל די תפילות. דאָס איז געווען אַ יידישע וועלט און ווען עס איז געקומען שבת זענען זיי ווי אַרומגעהילט געוואָרן מיט אַן ארעאָל פון הייליקייט, איבערגעטוענע אין זיידענע קאַפּאָטעס און שטריימלעך, אַזוי אַז מיר איז שווער געווען אונטערצושיידן ווער עס איז דער רבי און ווער עס זענען די חסידים.

אין אָנהויב דרייסיקער יאָרן, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער קריזיס אין האַנדל, האָט אויך געליטן שטאַרק דער האָלץ־האַנדל און מיינע עלטערן האָבן אָנגעווירן אַ סך געלט. זיי זענען דעמאָלט געווען געצווונגען אַריבערצופאָרן קיין קרילעוו, הרוביעשאָווער געגנט, וווּ זיי האָבן געקויפט אַ מיל בשותפות מיטן טאַטנס ברודער שלמה און יענטשע בוים. אין קרילעוו האָב איך אויך געענדיקט די פוילישע שול ווו מיר זענען געווען אינגאַנצן צוויי יידישע שילער: איך און הערשל דער זון פון אונדזער שותף יענטשע בוים, אַ גאָלדענער בחור, מיט וועלכן איך האָב זיך געפילט שטאַרק פאַרבונדן. מיר האָבן צוזאַמען געליטן און געקעמפט קעגן די שקצים, וואָס האָבן אונדז אָנגעטון צרות. אין שול האָט אויך געלערנט הערשלס שוועסטער מאַניע. פון דער גאַנצער משפחה איז קיינער נישט געבליבן לעבן.

ווען איך בין עלטער געוואָרן בין איך אין קרילעוו געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. צוזאַמען מיט הערשלען האָבן מיר זיך מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן דעם ציוניסטישן אידעאַל.

ווינענדיק אין קרילעוו האָט אונדזער שטוב אָפּגעהיטן דעם גראַבאָוויצער

כאַראַקטער. אַלע גראַבאָוויצער פלעגן קומען צו אונדז, ווער געשעפטלעך, ווער סתם באַזוכן. מיין קוזינקע הינדע האָט יאָרן לאַנג פאַרברענגט ביי אונדז ביז צו איר חתונה מיט שמואלן, וועלכער איז געשטאָרבן אין רוסלאַנד.

## דער סוף

די פאַרבינדונג מיטן רבינס הויף האָב איך אין אונדזער שטוב די גאַנצע צייט געפילט און זי איז מיר פאַרבליבן אין האַרצן ביז איך בין געקומען קיין ישראל און דער רבי האָט דעמאָלט געוווינט אין תל־אביב. דאָס איז געווען נאָך דער בלוטיקער מלחמה פון יידישן אומקום. איך בין דאָן אַוועק באַזוכן דעם אַלטן רבין און ער האָט מיך געבעטן איך זאָל אים אַלץ דערציילן, פון דער מלחמה, פון אונדזערע איבערלעבענישן אין רוסלאַנד. ער האָט מיך אויסגעהערט מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט. ער האָט געזאָגט, אַז איך בין איינער פון די ערשטע פון זיינע חסידים, וואָס דערציילן אים וועגן די גרויליקע געשעענישן אין פוילן.

גאָר טיף איז געבליבן מיין פאַרבינדונג מיט גראַבאָוויץ און זי האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין איין טאָג. אין קרילעוו פלעגט מיין מאַמע עטלעכע מאָל אין יאָר פאָרן באַזוכן איר משפחה אין גראַבאָוויץ. אַזוי האָט אויך געטון מיין פאָטער. זייענדיק אין לודמיר האָבן מיר אויך אָפּגעהיטן אונדזערע פאַרבינדונגען מיט די גראַבאָוויצער, וואָס האָבן פאַרלאָזט דאָס שטעטל און אַריבער אויף דער רוסישער זייט. אין לודמיר האָבן מיר געטראָפן פיל פון אונדזערע משפחה, אונדזער שמחה מיט דער פאַמיליע, הינדען מיט איר מאַן שמואל.

די צייטן זענען אָבער געוואָרן וואָס אַמאָל שווערער. צענדליקער טויזנטער יידן זענען אַרויסגעשיקט געוואָרן אין טיף רוסלאַנד. אונדז איז געלונגען אויפ־צוהאַלטן זיך אין אַ קליין דערפל, איוואַניטש, נעבן לודמיר. מיר האָבן שפּעטער געמוזט אַוועק קיין וואַרקאָוויטש, הונדערט קילאָמעטער פון דער גרענעץ, געוווינט אין גרויס ענגשאַפט, זעקס נפשות אין אַ קליין צימערל. אינעם שטעטל וואַרקאָוויטש, ווו עס האָבן געוווינט אויך אַ סך רייכע יידן, איז אויך געווען דעם טאַטנס ברודער, פייוול האַסטיק מיט זיין משפחה. פייוול האָט שוין דאָן געהאַט באַוויזן צוריקצוקומען פון טיף רוסלאַנד; אויך מיין קוזין שמחה מיט זיין פאַמיליע, דעם פעטער שלמהס צוויי טעכטער, אסתר און העניע. דער פעטער שלמה מיט זיין פרוי און פייוול זענען געבליבן אין גראַבאָוויץ.

אין וואַרקאָוויטש זענען אויך געווען שמואל פּאַרקי בעקערס עלטערן, האָבן זיך פאַרנומען מיט באַקן ברויט. שמואל און הינדע האָט מען אַרויסגעפירט קיין רוסלאַנד.

מיר האָבן געפונען ארבעט אין אַ וואַלד ביי אַ פּוילישן גאַיאָווע. דער טאַטע האָט זיך געמאָלדן, מ׳זאָל אים צונעמען אַלס בראַקער פון האָלץ, אָבער מען האָט אים געפסלט אַלס ״קאַפּיטאַליסט״. זענען מ׳ר דערפאַר ביידע געבליבן ביים גאַיאָווע, געשניטן קלעצער און פאַר דער אַרבעט געקרוגן באַצאָלט מיט געהילץ, וועלכעס מיר האָבן פאַרקויפט און דערפון קוים זיך דערהאַלטן ביים לעבן.

דער געראַנגל פאַרן טאָג־טעגלעכן לעבן איז געווען זייער אַ שווערער. איך און מיין פאָטער זענען געגאַנגען אַרבעטן. נאָך פּסח 1941 האָט מען מיך מאָביליזירט אין דער רוסישער אַרבעטס־אַרמיי און נאָך צוויי חדשים איז אויסגעבראָכן די מלחמה. באַלד דערנאָך איז געקומען דער שוידערלעכער אומקום און אויך מיינע עלטערן, מיין שוועסטער דבורה און מיין ברודערל משה זענען אומגעבראַכט געוואָרן. מיין שוועסטער דבורה איז געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון געטאָ וואַרקאָוויטש פאַרן ליקווידירן אים, אָבער די אוקראַינער האָבן זי געכאַפּט אין וואַלד צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע מיידלעך און אויף אַ גרויזאַמען אופן זיי דערהרגעט.

מען האָט אונדז שפּעטער דערציילט וועגן די שווערעליידן, וואָס מיינע עלטערן האָבן דורכגעמאַכט אין געטאָ, הונגער און יסורים. זיי האָבן אַלץ אויס־פאַרקויפט, ביזן לעצטן מלבוש פאַר אַ שטיקל ברויט. מיין פאָטער האָט באַזונדערס געליטן דערפאַר, וואָס ער האָט נישט געקענט צוקוקן ווי אַנדערע הונגערן און ער קען זיי מיט גאָרנישט העלפן.

פון מיין מאַמעס צד זענען אומגעקומען: איר שוועסטער בלומע מיט איר מאַן יצחק בריקמאַן און זייער טאָכטער דבורה. זייער צווייטע טאָכטער שרה איז אומגעקומען אין לודמיר. צוזאַמען מיט מיינע עלטערן איז אויך אומגעקומען גיטל מנדל אין וואַרקאָוויטש.


פייוול האסטיק און זיין פרוי

פון טאַטנס צד זענען אומגעקומען: זיין שוועסטער שרה מיט חיים־יאָסל און זון איטשע; זיין שוועסטער חנהטשעלע מיט אירע קינדער — חוץ לייזערן; זיין ברודער שלמה מיט דער פרוי רחל און זון פייוול. ביידע טעכטער: העניע און און אסתר — אומגעקומען אין זדאלבי־נאָוו; פייוול און זיין פרוי פריידע — אין וואַרקאָוויטש.

אַזוי זענען אויף אַ בעסטיאַלישן אופן אומגעבראַכט געוואָרן אונדזערע נאָענטסטע און טייערסטע. זיי האָבן אין קליינעם שטעטל באַשיידן געלעבט, געטראָגן אין האַרצן די פיינען פון דורות און אויסגעשמידט אין זיך די אמונה פון טויזנטער יאָרן, מיט דער גאָלדענער קייט פון אבות. נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט צרות אויף צרות, האָבן זיי נישט אויפגעהערט צו חלומען פון ליכטיקן מאָרגן, ווער ס'האָט געוואַרט, אַז משיח בן דוד זאָל קומען אויסלייזן ס'פאָלק; ווער עס האָט אין גאַרעניש נאָך גאולה געוואָלט מיט אייגענער אַרבעט אויפבויען יידיש מלכות. כ'זע זיי כאַר זיך די שיינע, די לויטערע יידן פון גראַבאָוויץ און כ'טובל זיך היי־ליק אין די דערינערונגען פון זייער דערהויבנקייט און ס'ווערט מיין נשמה צעריסן פון פיין איבערן פאַרשניטענעם שטעטל.

* * *

אַ שווערן יסורימפולן וועג איז מיר אויסגעקומען דורכצומאַכן אין משך פון די מלחמה־יאָרן. דאָס איז אַ רייך קאַפיטל פון אוממענטשלעכע ליידן, מיט וועלכע נישט איינער פון אונדז איז געפרווווט געוואָרן, ביז עס האָט זיך געענדיקט די מלחמה און איך האָב זוכה געווען עולה צו זיין קיין ישראל אין יאָר 1947.

דאָס איז אַ קליינער טייל פון אַ סך, וואָס מיר דאַרפן פאַרצייכענען וועגן לעבן און אומקום פון אונדזער אַמאָליקן שטעטל גראַבאָוויץ. יעדער פון אונדז האָט פאַרצייכנט נאָר אַ טייל פון זיינע איבערלעבענישן. מיר, וואָס זענען על פי נס ניצול געוואָרן דאַרפן אויף זיך נעמען דעם חוב, אַז דורך דעם געשריבענעם און פאַרצייכנטן אין אונדזער יזכור־בוך, זאָל דאָס פאַרבלייבן אויסגעבערענט ווי מיט פייער אין אונדזער גאַנץ וועזן און מיר זאָלן מיטהעלפן צו דעם, אַז מער זאָל זיך שוין קיינמאָל נישט איבערחזרן קיין געטאָס און סאַביבארס, נאָר מיר זאָלן מיטהעלפן דער בויאונג און קיום פון אונדזער פאָלק און פון אונדזער לאַנד ישראל.



ישראל האַסטיק

# גראַבאָוויץ, מיין טייער שטעטל

נישט נאָר היינט גראָד
געדענק איך מיין געבוירן־שטאָט.
נאָך צענדליקער יאָרן
לעבט אַלץ אין מיין זכרון
מיין שטעטל און זיין עבר,
באַרג, טייך און וואַלד סאָסנאָווער.

קיין שטורעמס וועלן פאַרשווענקען
און נישט פאַרלעשן דאָס בענקען
און פון דורות דאָס באַגערן,
אַז מענטש זאָל בעסער ווערן.

אַ שטיל און צניעותדיק וועלטל
ביזטו, גראַבאָוויץ, מיין שטעטל,
מיט דיין עדה גרויסע יידן,
אין זייערע פריידן און ליידן.

פיר הונדערט יידישע משפחות,
אפילו אין נויט און חשכות,
אָפּגעהיטן תורה, חסידות, תפילות
געלערנט, געזאַמלט ספרים, מגילות.
פשוטע יידן, חסידים, חכמים,
געהאָפט אויף גאולה ביזן קץ הימים.

געהילטע אין אייביקן טרויער
נאָך קדושים, פאַרברענטע אין פייער,
אַנטפּלעקט זיך טרייסט אין פרייד
פון בויען, קאַמף און קרבנות־גרייט
פאַר אָפּהיטן ס׳לאַנד פון גורל שוואַרצן,
און מתפלל זיין אין האַרצן
מיט ווערטער פון הלל און שירה,
מיט האָפענונג און גבורה.

# אין יענע יאָרן



ענדליקער יאָרן זענען פאַרביי זינט יענער צייט, ווען מיר האָבן געלעבט אין גראַבאָוויץ. היינט, ווען איך שרייב די דאָזיקע ווערטער, האָב איך דאָס געפיל, ווי די נשמות פון אונדזערע עלטערן, זיידעס און באָבעס, פון אַלע אונדזערע נאָענטע און טייערע, וואָלטן זיך פאַרקליבן און באַזעצט אין אונדז. זיי מאָנען אַ תיקון כאָטש אין געציילטע ווערטער, דערמאָנען און דערציילן וועגן זייער לעבן, וועגן זייער פּראָוואָרצלטקייט און צעצווייגטקייט אין גרויסע משפחות, וועגן זייערע טעג און נעכט אין גרויס בענקעניש נאָך דער גאולה שלימה, וועגן דער גאַנצער שיינקייט פון זייער פאַרהאָרעוועט לעבן. אָ, ווי שווער זענען געווען די פּרנסות פון די יידן אין אונדזער שטעטל, פון די קרעמער און דאָרפסגייער, פון די בעלי־מלאכות און כלערליי האָרעפּאַשניקעס, וואָס האָבן געלעבט פון יגיעת־כפּים; שטילע נשמות, וואָס האָבן נישט פאַרפעלט קיין מנחה און מעריב און נישט געקוקט אויף די גזירות און רדיפות נישט אויפגעהערט צו האָפן אויף בעסערע צייטן.

אַזעלכער איז אויך געווען מיין פאָטער ר׳ ישראל דוד, אַ ראַדזינער חסיד. אין ראַדזינער שטיבל איז ער געווען בעל־תפילה און בעל־קורא. אין זיין דאַווענען פאַרן עמוד איז דער עיקר געווען די השתפכות הנפש און ער האָט אפשר אַליין נישט אָפּגעגעבן זיך קיין חשבון פון דער לירישקייט, וואָס זיין שטים האָט פאַרמאָגט, אָבער די מתפללים האָבן געפילט דעם איידעלן און זיסן קלאַנג פון זיין שטים, וואָס האָט זיך דורכגעריסן די ווענט פון בית המדרש און איז זיך צעגאַנגען איבער די געסלעך פון גראַבאָוויץ, וואָס זענען אין די שבתים און ימים־טובים געווען פאַרשטילט, ווי זיי וואָלטן זיך צוגעהערט צו די תפילות.

ביז היינט גייען מיר נאָך די ניגונים פון מיין טאַטן, באַזונדערס די, וואָס ער האָט געזונגען ביי שלוש־סעודות, ווען דאָס ראַדזינער שטיבל איז געווען איינגעהילט אין שאָטנס און אויפן געמיט האָט געדרוקט דאָס אַוועקגיין פונעם שבת. אין טאַטנס געזאַנג איז געווען דער אומעט פון דער אָנקומענדיקער וואָך און דערביי האָט דאָס געזאַנג פאַרמאָגט אויך טיפע התעוררות.



ר' ישראל דוד בוים מיט זיין משפחה

דער טאַטע איז געווען דער טיפּ פון אַ חסיד אין די גאָר פאַרצייטישע יאָרן, אַ ירא שמים און אַ ירא חטא. זיין טאָג האָט זיך אָנגעהויבן אין באַגין און גלייך ווי ער איז אַריינ־געקומען אין בית המדרש און ביי דער שוואַכער שיין פון אַ ליכטל האָט ער מעיין געווען אין אַ ספר, ביז עס איז זיך צונויפגעקומען אַ מנין און מען האָט זיך גע־שטעלט דאַווענען, לאַנג מתפלל געווען, נישט נאָר פאַר זיך און זיין משפחה, נאָר פאַר דער גאַנצער יידישער קהילה, פאַר כלל ישראל. נאָכן דאַווענען האָבן יידן זיך מיט אים געעצהט אין פאַרשידענע ענינים, פריוואַטע און קהלשע. דער טאַטע האָט איבערדערציילט תורה־ווערטער און מעשיות פונעם ראדזינער רבין און האָט געהאַלטן, אַז מען פאָרט נישט צום רבין איז מען נישט קיין חסיד. אונדז, די קינדער, האָט ער תמיד געזאָגט מוסר, רק געוואָלט אונדז זען לערנען, געוואָלט, אַז מיר זאָלן זיין ערלעכע יידישע קינדער.

שטענדיק הער איך אין זיך יענע ניגונים. אַמאָל ווייזט זיך מיר אויס, אַז זיי ברומען ערגעץ פאַרהוילן אין מיר. אַמאָל שווימען זיי ערגעץ ווייט און קומען נאָך דעם צוריק, ווי די קלאַנגען און ריחות אין אַ זומערדיקן פאַרנאַכט אין שטעטל. זיי קומען צוזאַמען מיט די קולות פון די פאַרשניטענע גראַבאָוויצער יידן, און די, אויף וועלכע מען האָט געזאָגט, אַז דורך דער מתיקות פון זייערע שטימען קענען זיי אָראָפּברענגען משיחן.

אין די שבתים, צו שחרית, פלעגט מיין טאַטע גיין דאַווענען אין שניידער־מנין, וואָס איז געווען ביי נטע רייכמאַן און דער טאַטע האָט געדאַוונט פאַרן עמוד, געליינט פאַר זיי אין דער תורה די סידרה פון דער וואָך. די מתפללים האָבן באַוואונדערט זיין דאַווענען און לייענען מיט די טעמי הנגינה און נישט געקענט זיך געבנוג אָנלויבן דעם טאַטנס שטים. מיין קינדעריש האַרץ איז געוואַקסן פון שטאָלץ.

פורים פלעגן זיך בילדן פאַרשידענע גרופעס צונויפקומען זיך ביי איינעם פון די שכנים, ווו מיין טאַטע איז געקומען און געליינענט פאַר זיי די מגילה, כדי דער יום־טוב זאָל זיך פילן אין גאַנצן שטעטל.

עס פלעגט טרעפן, אַז עמעץ אין שטעטל איז קראַנק געוואָרן פונקט צו די ימים נוראים און נישט געקענט קומען צום דאַווענען אין שיל אַריין. מיין טאַטע איז דאַן געגאַנגען איבער די שטובן און געבלאָזן פאַר זיי שופר. ער האָט דאָס געהאַלטן פאַר אַ גרויסער מצווה און די קראַנקע זענען אים דערפאַר געווען זייער דאַנקבאַר.

ווונדערלעך און הייליק זענען געווען די ימים־נוראים אין גראַבאָוויץ, אַ לעבנסשטייגער, וואָס איז איינגעשטעלט געוואָרן אין משך פון דורות און איז געהייליקט געוואָרן דורך קדושים, דורך שווערע יסורים און פיין, דורך איבער־געלעבטע רדיפות און גזירות. יאָ, איצט ערשט באַנעמען מיר פיל שטאַרקער די שיינקייט פון די דאָזיקע יידן אין אונדזער שטעטל, זייער גרויסן גלויבן אין העכערע כוחות. ווען אַ מאַמע פלעגט קומען צו מיין טאַטן מיט איר קראַנק קינד, ער זאָל אים אָפּשפּרעכן אַן עין־הרע, איז דער טאַטע געווען הייליק איבערצייגט אינעם כוח פונעם פסוק, וואָס ער האָט שטיל געמורמלט און אויך די מאַמע איז געווען זיכער, אַז דערמיט קומט די ישועה פאַר איר קראַנק קינד. קיין דאָקטאָר איז אין יענע צייט נישט געווען אין גראַבאָוויץ, בלויז צוויי פעלדשערס, וועלכע מען האָט גערופן: שמעון רופא און מעכל רופא. זיי זענען ווירקלעך געווען פעאיקע מענטשן, מיט אַן אויסגעאַרבעטן חוש צו פאַרשטיין אַ קראַנקהייט, אָבער דאָך זענען גאָר אַ סך געווען די פאַלן, ווען זיי האָבן נישט געקענט שטעלן קיין דיאַגנאָז. וואַרשיינלעך האָבן זיי אַליין אָפּט געגלייבט אין אַן עין־הרע, באַזונדערס ביי קליינע קינדער, ביי וועלכע עס איז געווען שווער פעסטצושטעלן וואָס עס טוט זיי וויי. דאַן האָט דער וועג געפירט צום ר׳ ישראל־דודן.

אָפּטמאָל בין איך, אַלס קליין יינגל, געווען אָנוועזנדיק ווען אַ מאַמע איז געקומען צו אונדז מיט איר קראַנק קינד און מיט טרערן אין די אויגן געבעטן זיך ביים טאַטן, ער זאָל ראַטעווען איר קינד. פון טאַטנס פנים האָט געשטראַלט אַ הייליקע פייערלעכקייט. ער האָט זיך אויפגעשטעלט, געפרעגט ביי דער מוטער דעם נאָמען פונעם קינד. דער טאַטע האָט שטיל געזאָגט דעם יהי רצון און די פסוקים, וואָס איך האָב נישט פאַרשטאַנען זייער באַדייטונג, אָבער דאָך געוואָרן דורכגענומען מיט אימה, ווי כ׳וואָלט געהערט דאָס גערויש פון די נישט־גוטע, וואָס דער טאַטע פאַרטרייבט מיטן כוח פון די הייליקע ווערטער.

ימען בלוט און טרערן זענען אָפּגעפלאָסן און איצט, ווען מיר שטעלן דעם

דענקמאָל פאַר אונדזערע קדושים, אַנטפּלעקן זיך פאַר אונדז די אוצרות אין די טראַדיציעס, דינים, הלכות און מנהגים. וואָס מער מיר טראַכטן זיך אַריין אין זיי, אַלץ מער געפינען מיר אין זיי שיינע מענטשלעכע מידות און דעם גייסט פון אַ הויכער מאָראַל, וואָס האָט באַווירקט די גייסטיקע אַטמאָספער אין אונדזער שטעטל.

***

אַ וועלט אַ שיינע, אַ הייליקע איז אונטערגעגאַנגען, איז טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן און מיר זענען געבליבן די איינציקע צו באַוויינען דעם שוידערלעכן חורבן, דערציילן וועגן לעבן און אומקום פון אונדזערע נאָענטע און טייערע. מיר דערציילן סיי וועגן זייער לעבן אין ריינקייט און קדושה און סיי וועגן זייער גרויליקן טויט אויף קידוש השם. דאָרט, אויף דער טרויעריקער גראַבאָוויצער ערד, זענען מיר געוואַקסן צווישן גויים, וואָס האָבן געגאָסן פון אונדזער ערלעכקייט און ווען עס איז געקומען דער היטלעריסטישער צורר האָבן זיי אים געהאָלפן יאָגן זיך נאָך די לעצטע יידן און חרוב־מאַכן אונדזערע היימען.

אויף די חורבות פון אונדזערע אַמאָליקע היימען זאָגן מיר די אַלטע יידישע קינה:

איכה ישבה בדד...



# מענטשן
# און געשעענישן

ווי צענדליקער יאָרן ווי איך בין אַוועק פון גראַבאָוויץ און נישט געקוקט דערויף וואָס יענע יאָרן זענען מיר אויס ווי אַ ווייטער חלום, זעט איך דאָך אַלץ אַזוי קלאָר, כ׳זע פאַר זיך די מענטשן, די געסלעך און שטובן פון אונדזער אַלטער היים, ווו יעדער פון אונדז טראָגט איך אויך אין האַרצן די גאָלדענע פעדעם, וואָס האָבן אונדז צוגעבונדן צו דער אַלטער היים. אין יעדן פון אונדז טליען, ווי פּייערן, וואָס קיין ווינט און רעגן קענען נישט אויסלעשן, נאָיענדיקע בענקענישן נאָכן היימישן שטעטל, נאָך די שטילע געסלעך, נאָכן בית המדרש און נאָך די אַלע געשטאַלטן, וואָס האָבן דאָרט געדאַוונט און געלערנט.

די ליבע, טייערע בית המדרש יידן, אַלע לעבן זיי אין מיין זכרון. אָפּט האָב איך דאָס געפיל ווי איך וואָלט זיי ערשט נעכטן פאַרלאָזט. איך געדענק מיינע מלמדים, מיינע חברים און אַלע די, מיט וועלכע איך האָב זיך געפילט פאַרבונדן ווי מיט איין משפחה.

## חזנים

כ׳זע פאַר זיך די צוויי חזנים, דעם ווייסן איטשע און משה זינגער, דעם בעל־תפילה שיע העשעלעס, וועלכער איז אפשר נישט געווען אַזאַ גרויסער זינגער, האָט אָבער מחיהדיק געדאַוונט פאַרן עמוד.

דער ווייסער איטשע איז געווען אַ ייד הדרת פנים, אַ שיינער ייד און זיין דאַווענען פאַרן עמוד, זיין געזאַנג איז זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים. גאָר באַזונדערס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון זיין ״כל נדרי״, ווען אַלע מתפללים האָבן מיטגעוויינט. אויך איך, אַ קליין יינגל, האָב דערפילט די גרויסקייט פון דער שעה, בין געוואָרן דורכגענומען פון זיין מיטרייסנדיקן ניגון און די טרערן האָבן זיך גענומען גיסן פון מיינע אויגן.

זינט יענער צייט האָב איך שוין געהערט אַ סך חזנים, גרויסע קינסטלער אין געזאַנג און מיר דאַכט זיך, אַז דאָס געזאַנג כּזן ווייסן איטשע איז נישט אָפּגעשטאַנען פון די אַלע חזנים און זינגער, וואָס איך האָב געהערט אין דער גרויסער וועלט אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

עס איז ביי אים געווען אַנטוויקלט אַ זינגעוודיק געמיט און ער האָט געדאַוונט פאַרן עמוד מיט אַ מתיקות, אַז דאָס האַרץ איז אויסגעגאַנגען.

כ׳וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן זיינע האַרציקע ניגונים און ווי זיינע אויגן האָבן געלויכטן מיט גלייטערטן אומעט, מיט אַזאַ פאַרטיפטן בליק, ווי ער וואָלט געזען פאַר זיך נישט בלויז די גאַנצע עדה יידן פון שטעטל, נאָר ווי ער וואָלט אין דער רגע אויך אויסגעזוען אומעטום ווו יידן געפינען זיך אין אַ צרה אָדער אין געפאַנגעניש, אייפן ים און אויף דער יבשה.

אָט זע איך זיין פּנים נאָכן אויסזינגען אַ תפילה און ער איז נאָכדעם געבליבן לאַנג שטיין אַ פאַרטראַכטער און געשוויגן. מיט פאַרגליווערטער שטוינונג אין די שוואַרצאפּלען, ווי ער וואָלט נאָך נישט באַוויזן צוריקצוקומען פון בלאָנדזשען איבער דער וועלט אינאיינעם מיט די פאַרוואָגלטע יידן. די געשפּאַנטע שטילקייט אין בית המדרש און די בליקן פון די מתפללים, וואָס זענען געווען געוואָנדן צו אים, האָבן אים לסוף אויפגעוועקט פון זיינע פאַרטיפטע מחשבות, וואָס זענען געקומען פונעם געפיל פון גרויס אחריות פאַר דער עדה, וועמענס שליח ציבור ער איז געווען צום מתפלל זיין און ברענגען זייערע געבעטן ביז צום כסא הכבוד.

פונעם ווייסן איטשעס זינגען, אפילו טרויעריקע ניגונים, איז מיר תמיד געווען זיס און לויטער אויפן געביט. דאָס איז געווען אַ געזאַנג, וואָס דערהויבט די נשמה, פאַנגט אַרויס די טיפערע מחשבה און איידלט אויס דעם מענטש.

## מיין וועלטלעכע בילדונג

איך געדענק ווען עס איז אַראָפּגעקומען קיין גראַבאָוויץ אַ לערער און אַלע יינגלעך און מיידלעך זענען געגאַנגען צו אים לערנען זיך שרייבן פויליש. עס זאָגט זיך נאָר אַזוי אַלע. שווער מיר צו געדענקען די צאָל, אָבער מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי זענען אין די צענדליקער און איך האָב זיך אויך געוואָלט לערנען, אָבער מיין פאָטער האָט געזאָגט:

”דו וועסט זיך נישט לערנען קיין פויליש, וועסט מיר נישט ווערן קיין גוי״...

מיין טאַטנס חלום איז געווען, אַז איך זאָל ווערן אַ רב. אפשר וואָלט עס אים אויך געלונגען. מען האָט געזאָגט אויף מיר, אַז איך האָב אַ גוט קעפּל און איך האָב געהאַט חשק צו לערנען. די מאַמע האָט געזען מיין שטאַרקן חשק צו קענען אויך פויליש האָט זי מיר אונטערגעשטופּט אַ פּאָר גראָשן, הינטער דעם טאַטנס

פלייצעס, און איך האָב זיך דאַן איינגעקויפט אַ העפט מיט אַ שרייבפעדל און אַן דעם טאַטנס וויסן בין איך געגאַנגען זיך לערנען ביי יענעם לערער לייענען און שרייבן פויליש.

דאָס האָט אָבער געדויערט נישט מער ווי אַ קורצע צייט, ביז מיין פאָטער האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט און איז אַריינגעפאַלן אין כעס. ער האָט שטאַרק מורא געהאַט אַז דאָס לערנען פויליש וועט מיך אָפּפירן אויף שלעכטע וועגן.

דערמיט האָט זיך געענדיקט מיין וועלטלעכע בילדונג, וועלכע איך האָב מער קיינמאָל נישט געקענט דעריאָגן.

## ר׳ אשר־בער

ווי שיין זענען געווען די פאַרטאָגן אין אונדזער שטעטל.

עס האָט קוים געגומען טאָגן, אַרום פינף אַזייגער איז דער שמש, ר׳ אשר־בער שוין אַרומגעגאַנגען איבערן שטעטל, געקלאַפּט אין די פאַרמאַכטע לאָדנס און גערופן אויפצושטיין לעבודת הבורא, דאַווענען און זאָגן תהילים. אין די דאָנערשטיקס האָט אים פאַרטרעטן זיין זון אבטשע, איז אַרומגעגאַנגען איבער די פאַרשלאָפענע געסלעך און מיט אַ הויך קול אויסגעזונגען:

״שטייט אויף. שטייט אויף לעבודת הבורא!״.

די ווערטער, דער ניגון מיט וועלכן ער האָט זיי אויסגעזונגען, האָבן אין זיך געהאַט אַ קדושה, וואָס האָט דורכגעדרונגען די הערצער, נישט געלאָזט צוריקגיין שלאָפן, געמונטערט צום אויפשטיין, אפילו אין די קאַלטע פראָסטיקע באַגינענס.

איך געדענק ווי שטאַרק איך בין געוואָרן דורכגענומען פונעם דאָזיקן רופן. עטלעכע מאָל האָב איך זיך אויפגעכאַפּט נאָך זיין ערשטן רוף, האָב זיך גיך אָנגעטון און בין אַרויס באַגלייטן אים אויף זיין וועג איבער די געסלעך, געהאָלפן אים אויסזינגען אויפן קול דעם בעטנדיקן רוף אויפצושטיין צום דאַווענען און תהילים־זאָגן. אויך מיך האָבן נישט אָפּגעהאַלטן קיין רעגנס און שנייען, קיין בלאָטעס, קיין פרעסט.

מיינע עלטערן האָבן אָנגעקוואָלן פון מיין יראת שמים און רייסן זיך צו אַזאַ הייליקער אַרבעט. גאָר באַזונדערס האָט זיך דערמיט איבערגענומען די מאַמע און ווען איך בין צוריק אַריינגעקומען אין שטוב האָט זי שוין געהאַט צוגעגרייט פאַר מיר די בילאַבישקעס און הייסע פלעצלעך מיט ציבעלעס און פוטער.

שפּעטער, ווען איך בין געוואָרן עלטער, האָט מיך דער זעלבער, אַבטשע, אשר־בערס זון, מיטגענומען קיין וואַרשע, לערנען אין אַ ישיבה. דער געלער רב האָט מיר דעמאָלט מיטגעגעבן אַ בריוו צום ראש ישיבה, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן ווייל עס איז נישט געווען קיין אָרט פאַר אונדז. דער בריוו איז אייגנטלעך

געווען צו דער ישיבה אין נאָוואָמינסק, אָבער אומעטום האָבן מיר געקראָגן דעם זעלבן ענטפער: נישטאָ קיין אָרט. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט אויך אין לובלין און אויך אין וואַרשע.

## שמעון רופא

צווישן די געשטאַלטן, וועלכע זענען מיר געבליבן אין זכרון פון מיינע קינדער־יאָרן אין גראַבאָוויץ פאַרנעמען אויך אַ גרויס אָרט שמעון רופא, מעכל רופא און חנה מאָטעלס, וועלכע האָט זיך אָפּגעגעבן מערסטנס מיט קימפּעטאָרינס. אמת, מיין באָבע איז אויך געווען אַ הייבאַם, אָבער נאָר אין אַ נויט פּאַל.

שמעון רופא האָט צום גרעסטן טייל חולאתן געהאַט איין רפואה, שטעלן באַנקעס און פּיאַווקעס. עטוואָס רייכער אין חכמת הרפואה איז געווען מעכל רופא, וועלכן מען האָט גערופן ווען דער חולה איז געווען אין אַ שווערערן מצב. ווען עס איז שוין געווען גאָר שלעכט, האָט מען גערופן דעם אַלטן פּוילישן דאָקטאָר.

ווען דער קראַנקער איז שוין האַלב טויט האָט מען אים געפירט קיין זאַמאָשטש, אָדער קיין הרוביעשאָוו.

אַזוי איז טאַקע געשען מיט מיינס אַ ברודער ווען ער האָט זיך צעשטאָכן אַן אויג און מען האָט אים גיך אַוועקגעכאַפּט קיין הרוביעשאָוו. אָבער ביז מען איז מיט אים אַהינגעקומען האָט דער דאָקטאָר שוין פעסטגעשטעלט דעם טויט.

ווען עס איז ווער געשטאָרבן אין שטעטל האָט דער שמש געגעבן צוויי קלעפּ אין די לאָדנס און דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז עס איז דאָ אַ טויטער אין שטאָט.

אַזוי האָט גאַנץ אָפט געטראָפן מיט די קראַנקע אין שטעטל, אָבער מערסטנס זענען די פּאַציענטן פון די "רופאים" געווען אַזעלכע וואָס האָבן געליטן פון שטעכענישן אין די זייטן, פון אַ מאָגן־פאַרשטאָפּונג אָדער סתם אַ שטאַרקן קאַטאַר. דאָס זענען געווען די פּאַציענטן פון שמעון רופא, וועלכער האָט גלייך ביים אַריינקומען אַ נעם געטון זיך צום קראַנקן, ווי אַן אמתער דאָקטאָר, צוגעלייגט דאָס אויער צום האַרץ און צוגעהערט זיך ווי דאָס האַרץ קלאַפּט, געהייסן ציען לאַנג דעם אָטעם, שטאַרק אָפּהוסטן און באַלד געשטעלט דיאַגנאָז און אַרויסגעגעבן באַפעלן: שטעלן באַנקעס, אויסשמירן מיט פראַנצויזקע טערפּענטין און... שוין. ווען עמיץ איז געלעגן מיט אַ פאַרשטאָפּטן מאָגן, האָט שמעון רופא זיך געהייסן ווייזן די צונג, וואָס איז ווי דער שטייגער געווען ווייס ווי מילך, און פאַראָרדנט צו מאַכן דעם קראַנקן אַ קאַנע, איינגעמען ריצינאָייל און טרינקען זויערמילך. אויב דער קראַנקער האָט זיך באַקלאָגט אויף אַ צוגעקילטן האַלדז און האָט געדאַרפט אַז מען זאָל אים "לאַפּיסירן", האָט שמעון רופא שטענדיק געהאַט מיט זיך גרייט

אַ שטיקל וואַטע, אויפגעוויקלט עס אויף אַ שטעקעלע, איינגעטונקען אין יאָד און דער קראַנקער איז גלייך געהאָלפן געוואָרן. ערגער איז געווען ווען די לאַגע פון חולה איז געווען ערנסט און מען האָט געדאַרפט שלעפן דעם קראַנקן קיין זאַמאָשטש אָדער גאָר קיין לובלין. נישט איינמאָל האָט מען אין שטעטל געדאַרפט צונויפנעמען אַביסל געלט כדי די משפחה זאָל האָבן פאַר וואָס אַריבערצופירן אים צו אַ דאָקטאָר.

## געבורט־צייגעניש

געווען אין גראַבאָוויץ אַ ייד, וואָס האָט געהייסן איטשע יאקלס, אַ קליינ־געוויקסיקער און אַ גאַנצער מאַכער אין קאָנצעלאַריע־ענינים, געהאַט די אויפ־זיכט איבער די געבורטן און טויטן. ער האָט געדאַרפט איינשרייבן דאָס ניי־געבוירענע קינד, ווי אויך ווען עמיץ איז געשטאָרבן און מעלדן אין דער קאַנצע־לאַריע פון דער שטאָטישער גמינע. פאַר דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער געקריגן צוויי רובל. עס האָט אָבער אויך געטראָפן, אַז ער האָט פאַרגעסן איבערצוגעבן די מעלדונג, מערסטנס נאָכדעם ווי ער האָט געמאַכט אַן איבעריקע כוסה. עס זענען אַזוי פאַרביי עטלעכע יאָר און דער ניי־געבוירענער האָט זיך נאָך אַלץ אַרומגעדרייט אַ נישט פאַרשריבענער, נישט רעגיסטרירט אין די ביכער און במילא נישט געקענט קריגן קיין געבורט־צייגעניש. נישט איינמאָל האָבן דערפון זיך צונויפגעקנוילט אַזעלכע פלאָנטערנישן, פון וועלכע עס איז שווער געווען זיך אַרויסצופלאָנטערן.

איטשע יאקלס האָט אויך געהאַט די אויפגאַבע צו ציען ביים גלעקל, וואָס איז געווען אינמיטן מאַרק נעבן פלומפּ, איינמאָל ווען עס איז פאָרגעקומען עפּעס אַ געשעעניש עס איז פאַרלוירנגעגאַנגען אַ קינד אָדער מען האָט עמיצן באַגנבעט. דאַן האָט ער געדאַרפט נעמען ציען ביים גלעקל און צו די פאַרזאַמלטע איינוווינער אויסרופן און דערציילן, וואָס עס איז געשען.

## די שריפה

אַזאַ ציען ביים גלעקל האָט אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל. פון אַלע שטובן און געסלעך איז מען אַרויס אויפן מאַרק הערן וואָס אַזעלכעס עס איז געשען. עס האָט אויך געקענט טרעפן ביים אויסברעכן פון אַ שריפה. דעמאָלט איז דאָס ציען ביים גלאָק געווען באַזונדערס אַלאַרמירנדיק, קליין און גרויס זענען זיך צונויפגעקומען אין מאַרק, ווו עס איז געשטאַנען אַן אַלטע כאַלופּע, אין וועלכער עס האָט זיך געפונען דאָס גאַנצע קלאַפּערגעצייג צום לעשן דאָס פייער. דאָס זענען געווען צוויי וועגעלעך מיט פולע פעסער וואַסער. די פּאָזשאַרנע

קאָמאַנדע האָט אַרויסגעשלעפּט די וועגעלעך פון דער כאַלופּע. אַנדערע זענען געלאָפן צום טייך מיטן וועג פאַרביי מאָטל גאַרבערס הויז און מיט עמערס געשעפּט וואַסער און אויך געלאָפן לעשן דאָס פייער.

איידער וואָס־ווען האָט זיך דאָס פייער פונאַנדערגעשפּרייט, אָנגעצונדן די דעכער פון די דערבייאיקע הייזער, אָנגעכאַפּט אויך אַנדערע געסלעך ביז אַ האַלב שטעטל איז אַוועק מיטן פייער.

אַ באַזונדער מזל האָט געהאַט אונדזער הויז. דאָס מזל איז באַשטאַנען אינעם בלעכערנעם דאַך, וואָס האָט אויסגעהאַלטן אַלע פייערן און געבליבן גאַנץ בלויז איינמאַל, ווען די שריפה איז געווען אַ באַזונדערס גרויסע און אויך אונדזער שטוב איז אַוועק מיטן פייער.

אונדזער משפּחה האָט זיך דעמאָלט איבערגעקליבן אין אַ קעלער. אויף מיין טאַטן האָט עס זייער שטאַרק געווירקט און ער איז קראַנק געוואָרן. ער איז שוין מער צו זיך נישט געקומען.

דאָס דאָזיקע געשעעניש איז אַ טרויעריק קאַפּיטל אין מיין לעבן.

עס איז אַ מאָל געשען, אַז אין וואַיסלאָוויץ האָט אויפגעהערט צו אַרבעטן די מקווה מיטן באָד. אַזאַ פאַל איז באַזונדערס שווער געווען פאַר די פרויען, ווען זיי האָבן געדאַרפט גיין צו טבילה. עס האָט טאַקע געטראָפן, אַז אַ פרוי פון וואַיסלאָוויץ איז געקומען קיין גראַבאָוויץ. אויפן וועג האָט זי אָנגעטראָפן אויף יצחק שלום שמעלקעס אַ פריילעכער לץ און ווען זי האָט אים געפרעגט אויפן וועג צו דער מקווה, האָט ער זי צוגעפירט צו דער דירה פונעם געלן רב, האָט געהייסן, אַז זי זאָל זיך אויסטון אין פאָדערהויז און דאַן געוויזן איר די טיר פונעם רבס שטוב, אַז דאָרט איז די מקווה פאַר פרויען.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און פונעם רבס שטוב האָבן זיך דערהערט געשרייען: "שרהלע, טרייב אַרויס די חצופה פון שטוב!..."

פרייטיק האָט יאנקל בעדער גוט אויסגעהייצט דאָס באָד און איז אַרויס איבערן שטעטל מיט אַ קאַסע, מיט וועלכער ער האָט געקלאַפּט איבערן ברוק אין דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז מען קען שוין גיין אין באָד אַריין, אַז עס איז שוין גוט הייס.

תמיד זענען געווען אַזעלכע, וואָס זענען געזעסן לאַנגע שעהן אינעם באָד.

אַרויסגייענדיק פון באָד האָט מען זיך געפילט געלייטערט, ווי מ׳וואָלט אַראָפּגעוואַשן פון זיך אַלע זאָרגן פון אַ גאַנצער וואָך, גרייט אויפצונעמען בקדושה ובטהרה דעם שבת, וואָס איז שוין געשטאַנען פאַר דער טיר.

דער אָנקום פון שבת אין שטעטל האָט געענדערט דאָס אויסזען פון געסלעך, פון די מענטשן, די פּנימער האָבן זיך אויסגעלייטערט, מען איז געגאַנגען אין

שיל אַריין ווי עס זענען שוין געווען אָנגעצונדן אַלע לעמפּ און עס האָט געפּלייצט מיט ליכט.

דאָס בית המדרש, די צוויי קליינע שטיבלעך זענען אַלעמאָל געווען פול מיט מתפללים, אָבער עס האָט אויך געטראָפן, אַז עס זענען אויסגעבראָכן מחלוקותן, באזונדערס היציק איז געווען די קריגערייי צווישן די אָנהענגער פונעם געלן רב און צווישן די, וואָס האָבן אַראָפּגעבערענגט דעם שוואַרצן רב.

עס איז געווען דאָס יאָר 1905. אין זכרון איז מיר געבליבן דער פאַל ווען 45 מענטשן זענען אַוועק פון שטאָט אין וואַלד אַריין, קיין שווידניק. דאָס איז געווען אַ געהיים אָרט פאַר די, וואָס האָבן זיך געדאַרפט שטעלן צום פּריזיוו, האָבן אָבער נישט געוואָלט גיין אויפן פראָנט. אין וואַלד איז געווען אַ ספּעציאַ־ליסט, וואָס האָט די יונגעלייט געמאַכט פאַר קאַלעקעס. אָפּגעהאַקט די פינגער פון די פיס, קילעס, טויבע אויערן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין פאָטער, וואָס איז אַהיימגעקומען מיט אַ שווערער קילע, כדי ער זאָל נישט דאַרפן גיין אין דער מלחמה, אויפן יאַפּאַנישן פראָנט.

מיין טאַטע האָט געהייסן טוביה דעם פאַרבערס, און מיך האָט מען דערפאַר גערופן אפרים־זלמן טוביהס.

ליב און טייער זענען מיר די אַלע יידן מיט זייערע צונעמען: יאַנקל בעדער, זישע וואַסערטרעגער, הענעך פּאַרקע, שלום שמעלקעס, מאַנקע מלמד, בערל מלמד און נאָך און נאָך, וועלכע זענען ביי אַלע זייערע שוואַכקייטן געווען גוטע און האַרציקע מענטשן און האָבן זיך פאַרדינט פאַראייביקט צו ווערן אין אונדזער יזכור־בוך.

## דער ערשטער סאַמאָכאָד

דאָס איז געווען אין יאָר 1907.

צוערשט האָט מען וועגן דעם אָנגעהויבן רעדן אין שיל. עס האָט געקלונגען אומגלויבלעך, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט דורכפאָרן אונדזער שטעטל אַ סאַמאָכאָד. אין די שטובן און אין גאַס איז עס געווען די טעמע פון טאָג. יעדער האָט שוין געוואָלט זען דעם סאַמאָכאָד מיט די אייגענע אויגן און זיין זיכער, אַז דאָס איז אַן אמתדיקע זאַך: אַ וואָגן פאָרט אַליין, אָן פערד און נאָך שנעלער פון אַ באַן.

אין אַ שבת, אַרום צען אַזייגער אינדערפרי, ווען די יידן זענען נאָך געווען ביים דאַוונען, איז עמיץ געקומען צו לויפן אין בית המדרש און אָנגעזאָגט די בשורה, אַז אין אַ שעה אַרום וועט עס געשען און אַלע וועלן קענען זען, ווי דער טייוול וועט פאַרבייפאָרן דאָס שטעטל.

אַזוי איז טאַקע געשען. עלף אַזייגער זענען אַלע געווען אין גאַס. פון אומעטום, פון בית המדרש, פון די קוזמער און טריסקער שטיבלעך, איז מען געלאָפן אין מאַרק אַריין און אַלע האָבן מיר טאַקע געזען מיט די אייגענע אויגן דעם "שוואַרצן טייוול". אַזוי האָט מען אַ נאָמען געגעבן אין שטעטל דעם שוואַרצן אויטאָ, וואָס איז פאַרבייגעפאָרן צום ערשטן מאָל אין גראַבאָוויץ. מיר יונגוואַרג, זענען נאָכגעלאָפן דעם אויטאָ, זען ווי ער לאָזט זיך באַרג אַרויף, צום באַרג־שלאָס, אויפן וועג קיין הרוביעשאָוו.

די עלטערע יידן זענען געשטאַנען ווי פאַרגליווערט און פאַרגאַפטע אויף דעם גרויסן ווונדער, נישט געקענט קומען צו זיך, נישט געקענט אַרויסגעבן פון זיך קיין וואָרט, נישט געוווּסט ווי אַזוי צו פאַרטייטשן דאָס ווונדערלעכע געשעעניש.

לאַנג דערנאָך האָט מען נאָך אין בית המדרש גערעדט וועגן דעם ווונדער. דאָס האָט זיך אַזוי געצויגן וואָכן און חדשים. די פאַנטאַזיע האָט געאַרבעט מעשים. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן פאַרויסגעזאָגט נאָך ווונדערלעכע זאַכן, ווי אַ שטייגער, צו פאָרן אין משך פון עטלעכע שעה קיין וואַרשע און אין איין טאָג דורכמאַכן דעם וועג ביז קיעוו. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז פשוט כישוף. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז אין אַמעריקע איז געלונגען צו כאַפּן שדים און מען האָט זיי איינגעשפּאַנט אינעם וואָגן, וועלכן זיי וועלכן דאַרפן שלעפן דאָס גאַנצע לעבן. מען האָט געברענגט ראיות פון זהר, פון קבלה־ספרים, אַז עס וועט קומען אַ צייט ווען שדים וועלן לאָזן טון מיט זיך אַלץ, וואָס דער מענטש וועט פאַרלאַנגען.

דער איינציקער, וואָס האָט נישט געגלויבט אין די שדים און נישט אין כישוף, איז געווען נח דעם בלינדן שלמהס. ער האָט געזאָגט, אַז ער ווייסט גענוי ווי אַזוי מען מאַכט דאָס. מען שטעלט צונויף אַ מאַשין, מען גיסט אין איר אַריין נאַפט און פון דעם שאַפט זיך קראַפט.

יצחקל שלום שמואלקעס איז געווען אַ גרויסער לץ, האָט אויף אַלעם געהאַט גרייט אַ גלייכווערטל, אַ וויץ און געפלעגט אויך אָפּטון מענטשן פאַרשידענע שפּיצלעך, פון וועלכע דאָס שטעטל האָט געהאַט צו לאַכן אַ גאַנץ יאָר.

## פייערלעשער

אין מאַרק נעבן פּלומפּ איז געשטאַנען אַ גלאָק, וועלכער האָט געדינט צו אַלאַרמירן דאָס שטעטל אין פאַל ווען עס האָט פּאַסירט עפּעס אויסער געוויינלעכעס. ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, אָדער עס איז געקומען עפּעס אַ בייער פריקאַז פון פּעטערבורג, צי גאָר ווען עס איז פאַרלוירנגעגאַנגען אַ פערד אָדער אַ חזיר.

האָט אַמאָל פּאַסירט, אַז איטשע יוקלס, וועלכער איז געווען אַ גאַנצער מאַכער אין דער קאַנצעלאַריע ביי נאַטשעלסטווא, איז צוגעגאַנגען צום גלאָק און גענומען קלינגען, ווען דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך שוין געהאַט צונויפגעזאַמלט, האָט ער אויסגערופן:

״ווער עס האָט געפונען אָדער געזען אַ פּאַרלוירנגעגאַנגען פערד, אָדער אַ חזיר, זאָל עס גלייך לאָזן צו וויסן״.

זינט דעמאָלט האָט מען אין שטעטל געוווסט, אַז דאָס איז די אויפגאַבע פון איטשע יוקלס. בלויז ווען עס איז אויסגעבראָכן אַ שריפה האָט מען נישט געדאַרפט וואַרטן ביז איטשע יוקלס וועט קומען און ציעןביים גלאָק. יעדער וואָס האָט זיך געפונען נאָענט צום גלאָק האָט געמעגט קלינגען.

דעמאָלט האָבן זיך אַלע פאַרוואַנדלט אין פייערלעשער. ווער עס האָט נאָר געוואָלט און געקאָנט האָט געעפנט די שאַפע, וואָס איז געשטאַנען אינמיטן מאַרק און דאָרט זענען אַלעמאָל געווען צוגעגרייט צוויי פעסער מיט וואַסער אויף אַ וואָגן, אין וועלכן די מענטשן האָבן זיך איינגעשפּאַנט, געשלעפּט און געשטופּט. ווען דאָס וואַסער האָט זיך אויסגעשעפּט האָט מען געדאַרפט אַראָפּלויפן מיטן וואָגן צום טייך, נעבן די גאַרבערס, צוריק אָנפילן די פעסלעך מיט וואַסער און ווידער לויפן צוריק צום אָרט פון דער שריפה.

אין יענער צייט האָט זיך די שריפה אָנגעהויבן ביי פייוול דודטשעס און ס׳האָט זיך שנעל איבערגעוואָרפן אויפן הויז פון בערל קצב און איידער מען האָט אויסגעגאָסן די צוויי פעסלעך וואַסער, האָט דאָס פייער זיך פונאַנדער־געשפּרייט איבער די אַנדערע הייזלעך און אַזוי איז כמעט האַלב גראַבאָוויץ אַוועק מיטן פייער.

פאַר מיינע צייטן געדענק איך צוויי אַזעלכע שריפות, ביי וועלכע אַ האַלב שטעטל איז אַוועק מיטן פייער. דערנאָך איז געקומען אַ פּריקאַז פון לובלין, אַז אַלע הייזער אין שטעטל דאַרפן די דעכער געדעקט ווערן מיט בלעך און נישט מיט קיין שינדלען און אַוודאי נישט מיט קיין שטרוי.

זינט דעמאָלט איז אַ לענגערע צייט געווען רואיק און עס זענען נישט אויס־געבראָכן קיין שריפות. מיין טאַטע איז געווען דער ערשטער וואָס האָט אין שטעטל געדעקט דעם דאַך פון אונדזער הויז מיט בלעך און ביזן היינטיקן טאָג שטייט עס טאַקע גאַנץ, בלויז איינוווינער זענען אַנדערע, פרעמדע, שונאים.

## דער הקדש

אין בית המדרש איז אויך געווען אַ הקדש. געווען דאָרט אַ פרוי מיט 2 קינדער. מען האָט זי גערופן די מענדל יאַניקעס. זי האָט געלעבט פון דעם, וואָס מענטשן

פלעגן איר אַריינברענגען עפּעס צו עסן. די קינדער זענען שטענדיק אַרומגעגאַנגען הונגעריקע און אָפּגעריסענע.

געווען דאָרט אויך אַ בלינדער גוי, וועלכן מען האָט גערופן דער בלינדער יענדראַנע. ער איז געזעסן אינמיטן מאַרק, געזונגען לידלעך און צוגעשפּילט זיך מיט אַ האַרמאָשקע. די לידלעך האָט ער אַליין פאַרפאַסט און ווען עס איז געווען אַ יאַריד אין שטעטל האָט ער ווי צובאַקומען כוחות און זיין געזאַנג האָט אָפּגע־הילכט איבערן גאַנצן מאַרק. פויערים האָבן אים צוגעוואָרפן אַ פּאָר גראָשן, אַ פּאָר קאַרטאָפל אָדער בעבעלעך. ס׳פלעגט אָבער טרעפן, אַז מען האָט אים פאַר־געסן עפּעס צו געבן, האָט ער גענומען שעלטן מיט ביטערע קללות.

## וואַסערטרעגער

צוויי וואַסערטרעגער זענען געווען אין שטעטל: זושע און אהרון שמעונס. אַחוץ וואַסער האָבן זיי אויך געפירט ליים אין די שטובן, ווו מען האָט געדאַרפט עפּעס פאַריכטן, אַ וואַנט, אַן אויוון, אָבער ביי דעם אַלעם זענען זיי געווען גרויסע אָרעמעלייט.

## קוימענקערער

ס׳איז געווען אין גראַבאָוויץ אַ קוימענקערער, וועמענס טאָכטער האָט זיך געשמדט און חתונה געהאַט מיט אַ שייגעץ פון באַרג. אין שטעטל האָט זיך דעמאָלט געקאָכט. אירס אַ ברודער האָט נישט געקענט אויסהאַלטן די חרפה און האָט זיך דערטרונקען אין טייך.

דאָס מיידל האָט נאָכן שמד געטוישט דעם נאָמען פון אסתר אויף שטעפקאַ. נאָך אַ קורצער צייט האָט זי צוזאַמען מיט איר מאַן פאַרלאָזט גראַבאָוויץ. אין שטעטל האָט מען זיך גלייך דערוווּסט וועגן דעם און אַלע זענען געלאָפן קוקן, כדי צו זיין זיכער, אַז זי פאָרט טאַקע אויף אַן אמת אַוועק.

***

דעם ערשטן גראַמאָפאָן אין שטעטל האָט אַראָפּגעבראַכט לייבעלע, וועלכע איז דעמאָלט געקומען צו פאָרן פון וואַרשע אָדער גאָר פון אַמעריקע. דאָס גאַנצע שטעטל איז זיך צונויפגעלאָפן הערן ווי פון גראַמאָפאָן זינגט אַרויס אַ מענשלעך קול. ווידער זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז כישוף. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז גאָר אַ דיבוק, איינער פון די דיבוקים וואָס באַזעצן זיך אָפט אין אַ מענטש, נאָר אין דעם פאַל האָט ער זיך פאַרהאַלטן אין דער כלה.

## בעדער

יאנקל בעדער פלעגט יעדן פרייטיק, נאָך צוועלף אַזייגער, אַרומגיין איבערן שטעטל און קלינגען אין אַ קאָסע, צווזינגענדיק זיך דערביי: "יידן, גייט אין באָד אַריין, אין באָד אַריין!"

פאַרנאַכט, ווען אין באָד זענען נאָך געווען אַ סך יידן, וואָס האָט זיך זיי נישט געגלוסט אַרויסצוגיין, איז ער אַריינגעקומען און געשריגן:

"יידן, גייט אַרויס פון באָד, איר דאַרפט גיין דאַווענען!"

געהאַנדלט האָט זיך אָבער אין דעם, וואָס זיין ווייב חוה די בעדערין, האָט געדאַרפט אַריינלאָזן די פרויען, וואָס האָבן געמוזט גיין אויף טבילה...

## מלקות

שיין זענען געווען די ימים־טובים אין אונדזער שטעטל. צום שטאַרקסטן האָט זיך אין מיין זכרון איינגעקריצט יום־כיפור, ווען איך האָב געדאַווענט מיטן טאַטן אין קוזמער שטיבל. נעבן דער גריבע איז אויף דער פאָדלאָגע געווען אויסגעשפּרייט שטרוי אָדער היי. פאַרנאַכט, פאַרן דאַווענען האָבן די יידן זיך דאָרט אַוועקגעלייגט און געלאָזט זיך שמייסן פון דעם שמש מיט אַ קאַנטשיק. דאָס זענען געווען די מלקות, מיט וועלכע מען האָט געוואָלט אָפּקומען פאַר די חטאים.

דאָס איז געווען אין יאָר 1908 ווען פון דער קאַנצעלאַריע איז געקומען דער פּריקאַז, אַז יעדעס יינגל אָדער מיידל, וואָס ווערט אַלט זעקס יאָר, מוז גיין אין שקאָלע, לערנען זיך שרייבן און לייענען פויליש. מיין טאַטע האָט זיך נישט גערעכנט מיטן פּריקאַז און מיט דער גאַנצער אַנטשלאָסנקייט געזאָגט:

"מיינע קינדער וועלן נישט גיין אין קיין גויאישער שקאָלע!"

דער סוף איז געווען, אַז ער האָט אויסגעפירט און ביזן היינטיקן טאָג פיל איך דאָס פעלן פון אַ שול. קיין רב בין איך אויך נישט געוואָרן און מיין טאַטע האָט זיך אַנטוישט אין מיר. אויך איך וואָלט געטראָגן אַ בייז האַרץ אויפן טאַטן, ווען נישט דאָס, וואָס איך האָב געוווּסט, אַז דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פון זיין ערלעכער פרומקייט. איך אַליין האָב לגבי מיינע קינדער פאַראַכטן די עוולה, וואָס איז מיר געטון געוואָרן און געטון אַלץ, אַז מיינע קינדער זאָלן לערנען.





אביש גאלדפארב

# געזאַנג פון דורות

אין אונדזער שטעטל זענען געווען אַ סך חסידישע יידן, פינף חסידים־שטיבלעך פון פאַרשידענע רביים. אין אַלע זענען געזעסן יונגעלייט, בחורים און עלטערע יידן און געלערנט יומם ולילה. די גמרא־נגונים האָבן זיך אַרויסגעריסן דורך די פענצטער און אָפּגעהילכט איבער די אַרומיקע געסלעך. בחורים זענען געזעסן אַרום די טישן, פאַרטיפט אין לערנען, געזונגען, ווער שטיל, ווער אויפן קול. אינדרויסן פלעגן אָפט בלייבן שטיין מאַמעס, וועלכע האָבן געוווסט, אַז זייערע זין לערנען עס אין דאָזיקן שטיבל, זענען זיי געבליבן ווי צוגעשמידט און זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. עס האָט זיי געצויגן צום בית המדרש און זייער האַרץ איז פול געוואָרן מיט נחת פון זייערע קינדער, וואָס לערנען תורה.

שטענדיק ווען איך דערמאָן זיך אין מיין געבורט־שטעטל גראַבאָוויץ קלינגען אין מיינע אויערן, יענע ניגונים, פאַרבענקטע ניגונים, און איך דערמאָן זיך אויך אין פאַרשידענע מעשיות, וואָס מען האָט דערציילט, וועגן דער שיל און בית המדרש, וועגן נשמות פון הייליקע צדיקים, וואָס קומען אַהין אין די נעכט, ברענגען מיט זיך אַ פייערדיקע ספר־תורה. עס זאַמלען זיך מלאכים און שרפים. די צדיקים דאַווענען, די מלאכים זאָגן שירה, די שרפים זאָגן: קדוש, קדוש...

גראַבאָוויץ, דאָס קליינע שטעטלע, וואָס האָט געהאַט נישט מער ווי אַ מאַרק און עטלעכע געסלעך אַרום, זעט זיך מיר אויס, ווי עס וואָלט געווען געהייליקט אין תורה און מעשים טובים. די לופט איז דאָך דאָרט געווען פול

מיטן געזאַנג פון די חסידישע נגונים. אויך די פייגעלעך האָבן דאָרט מיטגעזונגען די פאַרבענקטע גמרא־נגונים פון די פאַרדבקהטע בחורים.

אין אַזעלכע מינוטן באַדויער איך, וואָס איך בין נישט איינער פון די דאָזיקע התלהבותדיקע בחורים, וואָס זענען געווען מיט אַלע זייערע רמ״ח איברים אין די העכערע עולמות, אין דער שיינער וועלט פון געזאַנג און הויכער מאָראַל.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה, זענען אַ סך יידן אַנטלאָפן פון אונדזער שטעטל, ווייל ביי אונדז האָט מען שטאַרק געפילט דעם מלחמה־פחד. מען האָט געגראָבן אָקאָפּעס. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די רוסישע אַרמײ האָט זיך צוריקגעצויגן. עס זענען אַריין די עסטרייכער און דאָס שטעטל האָט דורכגעמאַכט די אַלע צרות פון אַ פאַרצויגענער מלחמה.

אין שטעטל זענען שוין געווען טעטיק ציוניסטישע אַקטיוויסטן, מערסטנס פון די לערנערס, בעכערס און הענעכס. אַקטיוו זענען אויך געווען : יוסף פונק, דוד שוואַרצנבערג, מאָטל געלבערג, משה שרויט, מאָטל פינק, מאיר שעק, משה וויינשטאַרק, גרשון באַרנשטיין, פון די פרויען : נעכע גאָלדפאַרב, חנה רייז, פייגע זינגער, האדעס פינק, צביה שוואַרצנבערג, חנה בראנדל און איר שוועסטער העפקעל, בראנדל חנה בלאנק א. א.

דאָס זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געשאַפן די ציוניסטישע פאַרטיי אין אונדזער שטעטל און האָבן גלייך אָנגעהויבן פירן אַ לעבהאַפטיקע קולטור־טעטיקייט. מיר האָבן אַראָפּגעברענגט דעם לערער שטערן, וואָס האָט געגעבן לעקציעס עברית. עס זענען געווען קינדער, וואָס די עלטערן האָבן נישט געהאַט די מעגלעכקייט צו צאָלן שכר לימוד, האָבן מיר באַצאָלט פאַר זייערטוועגן.

נאָכן סוף פון דער מלחמה ווען עס האָט זיך געשאַפן אַ פוילישע רעגירונג זענען אַ סך פון אונדזערע חברים אַוועק דינען אין פוילישן מיליטער. די וואָס זענען געבליבן האָבן ווייטער געפירט די ציוניסטישע טעטיקייט.

## אויף די וועגן פון עליה

עס זענען פאַרביי צוויי יאָר זענען די אַנדערע אויך צוריקגעקומען פון מיליטער דינסט און האָבן זיך מיט זייער גאַנצן ברען אַריינגעוואָרפן אין דער פאַרטײ־אַרבעט און עס האָט זיך אָנגעהויבן ביי אונדז די באַוועגונג פאַר עולה זיין קיין ארץ־ישראל.

דער ערשטער איז געפאָרן ישראל מיטלער, וועלכער איז גראָד נישט געווען פון די פאַרטײ־אַקטיוויסטן, איז אָבער געווען איבערגענומען מיט דער שטרעבונג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און האָט זיך אַליין אַוועקגעלאָזט איבער דער

גרענעץ קיין רומעניע און פון דאָרט איז ער מיט אַ שיף אָפּגעשוווּמען קיין ארץ־ישראל.

יוסף פינק איז אַרויסגעפאָרן קיין וואַרשע, ווו ער האָט אין דער צענטראַלע געקריגן אַ סערטיפיקאַט און גלייך עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

דוד שוואַרצנבערג, איינער פון אונדזערע ערשטע אַקטיוויסטן, האָט אָבער נישט געזען פאַר זיך קיין מעגלעכקייט צו פאָרן אויפן לעגאַלן וועג קיין ארץ־ישראל, האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט שוואַרצן די גרענעץ קיין רומעניע און איז דערשאָסן געוואָרן דורך דער גרענעץ־וואַך. ער איז געקומען צו קבורה אין שניאַטין.

דערנאָך זענען געפאָרן אויף פאַרשידענע וועגן נאָך עטלעכע יונגעלייט, וועלכע האָבן מיטגעצויגן מיט זיך אויך אַנדערע און זיי זענען מיט גרויס התלהבות געקומען אין לאַנד אַריין, מיטגעמאַכט אַלערליי שוועריקייטן און סכנות ביים בויען דאָס לאַנד.

* * *

אַזוי האָט געלעבט און געפירט אַ וואַרעם יידיש קולטור־געזעלשאַפט לעבן אונדזער קליין שטעטעלע גראַבאָוויץ, ביז עס איז געקומען די צווייטע וועלט־מלחמה און די היטלעריסטן האָבן דאָרט דורכגעפירט די מוראדיקע שחיטה. דעמאָלט איז אויך אומגעקומען מיין פאָטער אלחנן דוד גאָלדפאַרב, מיין ברודער שלמה מיט זיין פרוי און קינדער.

ווען איך בין אַוועק פון שטעטל האָב איך דאָרט איבערגעלאָזט מיין פרוי שרה און מיינע צוויי קינדער משה און חנה, וועלכע זענען אומגעקומען אין לודמיר.





חיה לערנער

# אין די יאָרן פון דער ערשטער וועלט־מלחמה



לײַן איז געווען אונדזער קהילה, אָבער פאַרמאָגט אַ סך שיינע געשטאַלטן פון יידישע מענטשן און אפילו מיט גרויסע מעשים. געציילט אינגאַנצן 400 משפחות, האָט אָבער דאָך דער קליינער יידישער ישוב געפירט אַ לעבהאַפטע יידיש קולטור־און געזעלשאַפטלעך לעבן.

פאַראייביקנדיק דעם אָנדענק פון אונדזער שטעטל פיל איך אַ חוב צו דערמאָנען אויך דעם אָנדענק פון מײַן פאָטער, וועלכן מען האָט גערופן אברהם שבתיס און איז געווען באַקאַנט ווי אַ גוטער און האַרציקער ייד, מיט אַ גרויס מענטשלעך האַרץ, וואָס איז גרייט געווען זיך מקריב צו זײַן ביים העלפן אַ ייד, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ נויט און מען האָט אים געדאַרפט שטעלן אויף די פיס.

איך בין נאָך געווען גענוג יונג, ווען איך האָב דערזען מײַן פאָטער נישט בלויז ווי אַ געטרייען טאַטן, נאָר אויך ווי אַ געזעלשאַפטלעכן טוער, וואָס איז געווען באַליבט ביי אַלע יידן אין שטעטל.

אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, צווישן די יאָרן 1914—1916 איז געשאַפן געוואָרן אין גראַבאָוויץ אַ הילפס־קאָמיטעט פאַר נויטבאַדערפטיקע, וואָס האָבן געליטן פון דער מלחמה. אינעם קאָמיטעט זענען אַריין חוץ מײַן פאָטער אויך מעכל רופא, די בעכערס, משה און וואָלוויש זוסמאַן, ירחמיאל בארנשטיין א. א. אין יענער צייט האָט דער קאָמיטעט אויסגעפילט אַ גרויסע און פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע, געטון אַלץ צו ברענגען הילף פאַר די יידן, וואָס האָבן אין דער מלחמה פאַרלוירן דעם באָדן אונטער די פיס.

מיין פאָטער האָט אָפּגעגעבן פון אונדזער דירה אַ גרויס צימער פאַר די זיצונגען פון די קהילה־דאזוערעס. אין יענער צייט זענען געווען דאזוערעס: דוד פאפּיר, מרדכי פּרימערמאַן און מיין פאָטער אברהם שעק. בוכהאַלטער איז געווען יאָסל זינגער.

אין יענער צייט האָב איך זיך פאַרנומען מיט פאַרקויפן פאַר די קצבים די קאַרטן צום שעכטן די בהמות.

מיין פאָטער איז געווען פון נידעריקן וווּקס, אָבער מיט גרויס ענערגיע און איניציאַטיוו ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן העלפן אַנדערע. ער איז בכלל געווען זייער אַ גוטער מענטש מיט אַ וואַרעם יידיש האַרץ און אַ ברייטער האַנט אויף צו געבן אַ נדבה, אַ הלוואה, אַ גמילת־חסד.

אונדזער שטוב איז געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן און האָט געהערט צו די הייזער, וועגן וועלכע מען זאָגט: ווער עס קומט אַריין אַ הונגעריקער, גייט אַרויס אַ זאַטער!

פאַרשטייט זיך, אַז אין דעם האָט געהאָט אַ גרויסן חלק אויך די באַלעבאָסטע, וועלכע איז געווען אַ געטרייע פרוי און אַ גוטע מאַמע אויך צו די שטיפקינדער.

אין יאָר 1925 איז אין שטעטל געוואָרן לעבעדיק, עס האָט זיך גערודערט אויף טיש און אויף בענק, אַמאָל האָט מען זיך געקריגט צוליבן רב, וואָס האָט געהאַלטן, אַז ער קריגט אַ צו קליינעם לוין, און האָט געבעטן, אַז מען זאָל אים העכערן דעם חודשלעכן פאַרדינסט, אַ צווייט מאָל האָט מען זיך געקריגט צוליב די שוחטים, וועלכע האָבן אויך געהאַלטן, אַז זיי פאַרדינען ווייניק. לסוף האָט מען אַראָפּגעברענגט אַ נייעם רב און אַ נייעם שוחט. דער נייער רב ר׳ הילל שעק איז געווען מיין טאַטנס אַ קוזין און האָט די ערשטע צייט געוווינט אין בעכעווער שטיבל.

דעם נייעם שוחט האָט מען אָפּגעגעבן אַ צימער אין ראדזינער שטיבל.



מיין ברודער שבתי שעק איז געווען איינער פון די יוגנטלעכע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן אין גראַבאָוויץ, איז געווען די נשמה פון דראַמקרייז. חוץ זיין אַקטיאַ־רישן טאַלאַנט, האָט ער פאַרמאָגט אַן אַ שיעור איבערגעגעבנקייט און ליבשאַפט צו די מענטשן, צו דער קינסטלערישער זעלבסטעטיקייט אין שטעטל.

## די מגיפה

עס זענען פאַרביי עטלעכע יאָר און אין שטעטל איז פּלוצים אויסגעבראָכן אַ מגיפה. עס איז פּלוצלינג געשטאָרבן דעם רבס ווייב. עס איז געווען ביי אונדז אַ דאָקטאר סטאַנקאָוו, וועלכער האָט יעדן קראַנקן געזאָגט, אַז ער האָט טובערקולאָז. דאָס זעלבע האָט ער אויך געזאָגט דעם רבס ווייב, אָבער אין דער אמתן איז זי גאָר קראַנק געווען אויף טיפוס. און זי איז נאָך אַ קורצער צייט געשטאָרבן. נאָך אַ געוויסער צייט איז געשטאָרבן דוד פּאפּיר. באַלד נאָך אים איז אַוועק פון דער וועלט דוד בוים און מרדכי פּרימערמאַן, וועלכער האָט זיך אַ שטאָך געגעבן און באַקומען אַ בלוטפאַרגיפטונג.

אַ קורצע צייט דערנאָך איז געשטאָרבן לייביש שוחט. נאָך אים איז נסתלק געוואָרן דער רב, ר' אהרן־יוסף. דאָס איז געווען אין יאָר 1938.

## דער שטורעם

ווידער האָט זיך גענומען רודערן ביים אויפנעמען אַ נייעם רב אָבער אין יאָר 1939 איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און יידן האָבן גענומען אַנטלויפן פון גראַבאָוויץ. מיין טאַטע איז געווען צווישן די, וואָס זענען געבליבן אויפן אָרט, נישט געוואָלט פאַרלאָזן די אַלט־איינגעזעסענע היים.

מיר האָבן פאַרויסגעזען, אַז עס גייט אַ שווערע צייט אויף יידן אין פּוילן אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע און האָבן געבעטן דעם טאַטן, ער זאָל צוזאַמען מיט אונדז אַוועק פון גראַבאָוויץ. עס האָט אונדז געקאָסט אַ סך מי ביז אונדז איז געלונגען אים איבערצוצייגן, ער זאָל פאָרן צוזאַמען מיט אונדז.

צוזאַמען האָבן מיר דורכגעשוואַרצט די גרענעץ, אָבער ווען מען האָט אונדז פאַרשיקט קיין סיביר האָט מען אונדז צעטיילט און מיר האָבן אַ לענגערע צייט נישט געוווּסט פון זיך. ער האָט דורכגעמאַכט שווערע און ביטערע יאָרן, געליטן הונגער און עלנט.

די גאַנצע צייט האָט ער געבענקט נאָך זיינע זין, וואָס זענען געבליבן אין פּוילן. ווען מיר האָבן זיך שפּעטער באַגעגנט, האָט ער געזאָגט, אַז זיין איינציקער פאַרלאַנג איז צו באַגעגענען זיך מיט די קינדער און דאַן וועט ער שוין קענען רואיק שטאַרבן.

## צוריק אין פּוילן

קומענדיק צוריק קיין פּוילן האָט ער זיך דערוווּסט, אַז ביידע זין און זיינע זיבן אייניקלעך זענען שוין נישטאָ צווישן די לעבעדיקע, אַז זיי זענען אויף אַ מוראדיקן אופן אומגעבראַכט געוואָרן.

דער זון אין פראַנקרייך האָט געהאַט דריי קינדער און אַלע זענען זיי דעפּאָר־טירט געוואָרן אין די לאַגערן און דאָרט אומגעקומען.

דער זון, וואָס איז געבליבן אין פּוילן איז שוין אַלט געווען פערציק יאָר, האָט געהאַט אַ פרוי מיט פיר קינדער. וועגן זייער טויט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז זייער קריסטלעכע דינסט האָט פאַר זיי איינגעאָרדנט אַ בונקער, אין וועלכן זיי זענען געווען באַהאַלטן עטלעכע יאָר. ערשט דריי וואָכן פאַר דער באַפרייאונג זענען זיי דערמאָרדעט געוואָרן דורך די היטלעריסטן. אויפן הויף פון דער דינסט ליגט באַגראָבן די 17־יאָריקע טאָכטער. זי איז דערשאָסן געוואָרן ביים אַנטלויפן פון בונקער. די אַנדערע האָט מען אַוועקגעפירט אין לאַגער, ווו זיי זענען אומ־געקומען אויפן זעלבן אופן ווי אַלע יידן אין פּוילן, פאַרגאַזעוועט, פאַרברענט אין די קרעמאַטאָריעס, פאַרפייניקט צום טויט.

דער אַנדערער זון מאיר, האָט געפּרוווט אַנטלויפן אין וואַלד אַריין, אָבער עס איז אים נישט געלונגען. די מערדער האָבן אים געכאַפּט און דערשאָסן.

מיין פאָטער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט פון גלות רוסלאַנד באַמיט זיך צו האַלטן פעסט, געוואָלט דערלעבן צו זען זיינע קינדער און אייניקלעך, איז ביים דערהערן די פינצטערע בשׂורות, מיטאַמאָל געוואָרן שטאַרק פאַרעלטערט און צעבראָכן.

זיין איינציקע שטרעבונג איז איצט געוואָרן עולה צו זיין צוזאַמען מיט אונדז קיין ארץ־ישראל און ער האָט געהאַלטן פאַר אַ גרויסן זכות צו קומען צו קבורה אינעם הייליקן לאַנד.

די גאַנצע צייט האָט ער געטראָגן אין זיין האַרץ דעם גרויסן ווייטיק, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו פייניקן אים ווי אַן אייטערדיקע ווונד.

אַ דערשלאָגענער און צעבראָכענער פון די שווערע אבידות האָט ער נאָך געפּרוּווט זיך טרייסטן מיט די איבערגעבליבענע, לעבנגעבליבענע קינדער און אייניקלעך. דער ווייטיק איז אָבער געווען אַזוי גרויס, אַז ער איז געוואָרן וואָס אַמאָל שוואַכער און נאָך אַ קורצער קראַנקהייט איז ער מער נישט אויפגעשטאַנען. איז געשטאָרבן אין עלטער פון 85 יאָר.



יוסף נאדל

# מיין טאטנס שטוב

דעם אמת געזאָגט פלעג איך זיך שעמען, ווען כ'האָב געזען ווי מיין טאַטע האָט שבת אינדערפרי, ווען אַנדערע יידן זענען געגאַנגען אין בית המדרש לערנען אָדער זאָגן תהילים און ער האָט גאָר גענומען זיינע קאָזעס און געפירט זיי פאַשען אויפן שלאָסבאַרג. עס פלעגט זיך מיר אויסווייזן, אַז עס פאַסט נישט פאַר אַ ייד, אַ שיינעם באַלעבאָס, מיט אַ ווייסער באָרד, צו פאַרנעמען זיך מיט אַזאַ מלאכה, וואָס פאַסט זיך גיכער פאַר אַ גוי און נישט פאַר קיין באַלעבאַטישן ייד.



מיט דער צייט, ווען איך בין אונטערגעוואַקסן, האָב איך זיך דער־קענט אויך אויף דער שיינקייט פונעם טאַטנס פשטות און ליבשאַפט צו יעדן באַשעפעניש און ווען כ'דערמאָן זיך איצט אין דעם אַלעם, גייען מיר איבער די אויגן. טייער זענען מיר די זכרונות פון יענער צייט און אפילו יענע קינדערשע בושה.

מיין טאַטע איז טאַקע געווען אַ בעל־מלאכה און אין בית המדרש האָט ער נישט געהאַט קיין אָרט אויף דער מזרח־וואַנט, אָבער געווען איז ער אַן ערלעכער און פרומער ייד. יעדן פרייטיק, ווען ער פלעגט אַהיימקומען פון דער אַרבעט האָבן אים שוין אָפגעוואַרט עטלעכע שכנים, וואָס זענען געקומען באָרגן עטלעכע קערבלעך אויף צו ברענגען זונטיק אין געוועלב אַריין אַביסל סחורה. זיי האָבן שוין געהאַט אַ חזקה דערויף און דער טאַטע האָט זיי קיינמאָל נישט אָפגעזאָגט, געבאָרגט, נישט, חלילה, אויף פראָצענט. נישט אַלעמאָל זענען זיי אומשטאַנד געווען אָפצוגעבן דעם חוב צו דער צייט, האָבן אַריינגעוואָרפן אַביסל געלט

פונעם טעגלעכן פדיון און אַביסל האָט די מאַמע גענומען ביי זיי פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן געדאַרפט אין שטוב אַריין.

עס האָט געטראָפן, אַז איך האָב אים געזאָגט: „טאַטע, גענוג, אַז דו פּאַרנעמסט זיך אַ גאַנצע וואָך מיט די קאָזעס, אָבער שבת, ווען אַנדערע יידן גייען אין בית המדרש, דאַרפסטו גאָר פירן די קאָזעס אויפן שלאָסבאַרג?"

דער טאַטע האָט מיר געענטפערט:

„דוד המלך איז געווען אַ פּאַסטוך און אונדזערע אבות זענען אויך געווען פּאַסטוכער... ס'איז כמעט אַן עונג שבת צו פירן די קאָזעס פּאַשען אויפן שלאָסבאַרג און אַליין אָוועקזעצן זיך דערביי און זאָגן תהילים. עס איז אפשר מער מצווה ווי בלויז זאָגן תהילים אין בית המדרש".

דער טאַטע איז געווען שטאָלץ, וואָס די קאָזעס זענען זיינע אייגענע און ער גייט חלילה נישט פּאַשען פרעמדע קאָזעס.

עס איז געווען קינדיש מיין שעמען זיך און ווען איך דערמאָן זיך היינט מיט וואָס פאַראַ ליבשאַפט דער טאַטע פלעגט זיך דערמיט אָפּגעבן, ווערט מיין האַרץ אָנגעפילט מיט בענקשאַפט און ליבע.

די קאָזעס האָבן אויך אַרויסגעפילט דעם טאַטנס ליבשאַפט. איינמאָל אין אַ פאַרנאַכט, ווען איך בין געגאַנגען מיטן טאַטן אין שטיבל אַריין צו מנחה דאַוונען, זענען מיר דורכגעגאַנגען דעם פּלאַץ, ווו די קאָזעס זענען ביינאַכט געשלאָפן. זיי האָבן פונדערווייטנס דערקענט דעם טאַטנס טריט און האָבן גענומען מעקען צו אים. דער טאַטע האָט זיי געגעבן אַ רוף און אין דער סעקונדע זענען זיי שוין געווען נעבן אים.

די יידן אין שטעטל האָבן געוווּסט וועגן דעם, האָבן געקענט דעם טאַטנס ליבשאַפט צו בעלי־חיים און נישט איינער פלעגט זיך פרעגן, ווי קומט עס צו אַ ייד צו זיין אַזוי צוגעבונדן צו חיות?

מיין טאַטע איז געבוירן אין סעלץ, אַ גרויס דאָרף, ווו עס האָבן געוווינט עטלעכע צענדליק יידישע משפּחות. דאָס דאָרף איז געווען אויפן וועג פון גראַבאָוויץ קיין כעלם, אַן ערך צוועלף קילאָמעטער פון כעלם. מיין זיידע, דעם טאַטנס פאָטער, איז געווען אַ רייכער ייד, האָט געהאַט אַ סך פעלדער און בהמות, אַ גרויסע דאָרפישע ווירטשאַפט, אַן אייגענע וואַסער־מיל. פון קינדווייז אָן האָט מיין טאַטע איינגעזאַפּט אין זיך די לופט פון דאָרף, פון פרייע פעלדער און דעם טעם פון אַן אייגענער ווירטשאַפט. שוין אַלס קינד האָט ער ליב געהאַט די בעלי־חיים און אויך שפּעטער, ווען ער האָט געוווינט אין שטעטל, ווייט פון אַן אייגענער ווירטשאַפט, האָט אין אים נאָך אַלץ געלעבט די איינגעוואָרצלטע ליבשאַפט צו בעלי־חיים, וואָס ער האָט איינגעזאַפּט אין זיך פון די קינדער־יאָרן.

אין יענע צייטן זענען געווען גאָר ווייניק יידישע יינגלעך, וואָס האָבן געקענט שווימען. מיין טאַטע האָט זיך אין דער הינזיכט אויסגעצייכנט. אין סעלץ האָבן זיי געהאַט אַ וואַסער־מיל און אויך געוווינט ביים טייך. אין די זומערדיקע טעג האָט ער זיך אַ סך געבאָדן און געשווימען ווי אַ פיש אין וואַסער. דער חשק צו שווימען איז ביי אים געבליבן ביזן טיפן עלטער. ווען ער איז פרייטיק פאַרנאַכט געגאַנגען זיך באָדן אין וועלדל, פלעגט מען פון אַלע זייטן קומען קוקן אויפן ווונדער, ווי אַ ייד ביי די זעכציקער שווימט אַזוי שיין און מאַכט נאָך דערצו קונצן אין וואַסער.

מיין טאַטן האָט מען גערופן דוד מענדעלעס. דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס מיין טאַטע האָט גענומען די טאָכטער פון מענדעלע שמש, אַן ערלעכער און פרומער ייד, וואָס פלעגט יעדן פרייטיק פאַרטאָג וועקן די יידן צו עבודת הבורא.

דעמאָלט האָבן זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף נישט בלויז די מענער, וואָס זענען געלאָפן אין בית המדרש אַריין, נאָר אויך די באַלעבאָסטעס, וואָס האָבן זיך געפּעדערט איינצוהייצן דעם אויוון, אָפּצובאַקן ברויט און חלות און צוגרייטן אויף שבת.

ווינטער, ווען אינדרויסן האָט געקנאַקט דער פראָסט און עס האָט געשיט אַ שניי, איז עס פאַר אונדז, קינדער, געווען די בעסטע צייט איבערצודעקן זיך מיטן איבערבעט, איינשלאָפן מיטן זיסן געדאַנק, אַז באַלד וועלן זיין פרישע לאַטקעס און וואַרעמע פּלעצלעך צום איבערבייסן.

יאָרן זענען געלאָפן און פון קינדער זענען געוואָרן דערוואַקסענע בחורים און אָנגעהויבן אַראָפּגיין פון דרך הישר. קלאָר, אַז דעם טאַטן האָט עס ווי געטון, אָבער ביסלעכווייז האָט ער שלום געמאַכט מיטן געדאַנק, אַז עס קען אַנדערש נישט זיין, אַז די וועלט ענדערט זיך. ער פלעגט זאָגן:

„איך האָב געטון אַלץ וואָס איך בין נאָר געווען בכוח, אַוועקגענומען זיך דעם ביסן פון מויל און געצאָלט שכר לימוד די בעסטע מלמדים. איצט, ווען זיי זענען שוין עלטער געוואָרן, טראָגן זיי אַליין די אחריות פאַר זיך".

דאָס איז געווען אין הושענא רבא. מען האָט שוין געדאַרפט שלאָגן הושענות און מיר זענען נאָך אַלץ נישט געווען ביים דאַווענען. דאָס האָט דעם טאַטן געקאָסט געזונט. דערצו האָט זיך נאָך געפונען עמיץ, וואָס האָט אים אַביסל אונטער־געהעצט: „ר' דוד, הושענא רבה קומען שוין אייערע זין אויך נישט צום דאַווענען ?"

דער טאַטע האָט זיך אויפגעהויבן און געקומען אַהיים, געטראָפן אונדז אין די בעטן, איז ער געוואָרן אין כעס און גענומען שרייען אויף אונדז, פאַרוואָס מיר טוען אים אָן אַזעלכע בושות, היינט אין הושענא רבה?

מיר האָבן זיך אָנגעברוגזט און אַוועק פון שטוב.

און דער טאַטע? כאָטש לויט זיין שכל און געפיל איז ער געווען גערעכט, דאָך האָט אונדזער אַוועקגיין אים פאַרשאַפט גרויס צער און ער האָט אַ גאַנצן טאָג נישט צוגערירט זיך צום עסן, נישט געוואָלט זיך אַוועקזעצן ביים טיש אָן אונדז. ערשט שמיני עצרת ביינאַכט, נאָך די הקפות, ווען מיר זענען געקומען אַהיים, האָט ער זיך צוזאַמען מיט אונדז אַוועקגעזעצט ביים טיש עסן און נישט דערמאָנט קיין וואָרט וועגן דעם געשעעניש.

שוין אַריבער פערציק יאָר, אָבער די בילדער וועל איך קיינמאָל נישט פאַר־געסן. תמיד, ווען איך טראַכט פון מיין היים, זע איך פאַר מיינע אויגן די טיפע ליבשאַפט פונעם טאַטן צו זיינע קינדער, צו דער שטוב.

דעם ערשטן פונט, וואָס איך האָב פאַרדינט אין ישראל, האָב איך גלייך געשיקט אַהיים און איך האָב נישט אויפגעהערט צו שטרעבן אַריבערצונעמען מיינע עלטערן אַהער, אָבער ווען עס האָט זיך מיר שוין אויסגעוויזן אַזוי נאָענט, איז אויסגעבראָכן די מלחמה און געמאַכט אַ סוף צו אַלע מיינע שיינע האָפענונגען.

ווען דאָס שטעטל האָט אָפּגעברענט זענען מיינע טאַטע־מאַמע אַריבער וווינען אין שטיבל. אין יאָר 1942 זענען זיי ביידע אַוועק פון דער וועלט אין איין חודש און האָבן נאָך זוכה געווען צו קומען צו קבר ישראל.

זאָל זיין געבענטשט זייער אָנדענק.



משה וואלד

# דער מאנעס הארץ



רי בין איך פאַריתומט געוואָרן פון מיין טאַטן. אינגאַנצן 37 יאָר איז ער אַלט געווען ווען ער איז פּלוצלינג געשטאָרבן און די מאַמע איז געבליבן אַליין מיט פיר פּיצעלעך קינדער. דער עלטסטער איז אַלט געווען זיבן יאָר און די יינגסטע — 4 חדשים. נאָך גאָר אַ קינד האָט איך דערפילט דער מאַמעס גרויסע ליבשאַפט, וואָס האָט איר געגעבן כוח

אין יענע ביטערע טעג איבערצוהאַלטן די שווערע קלעפּ, וואָס האָבן זיך איבער איר אַראָפּגעלאָזט. שטיל און צניעותדיק האָט זי ווייטער געפירט איר לעבן, טאָג און נאַכט פאַרהאָרעוועט, כדי צו דערנערן די קינדער. פאַר איר שניט־קראָם האָט זי געמוזט אָפּט פאָרן קיין זאַמאָשטש קויפן סחורה. אין רעגנס און שנייען האָט זיך דער וואָגן קוים געשלעפּט און זי פלעגט פון דער לאַנגער רייזע אָנקומען אַהיים שפּעט נאָך האַלבער נאַכט און דאַן ערשט געדאַרפט נעמען אָנקאָרמען דאָס פיר־חדשימדיקע קינד.

אין לויטערע שעהן פון גרויסער בענקשאַפט זע איך פאַר זיך די געשטאַלט פון מיין גוטער מאַמען, וואָס האָט פול געמאַכט די שטוב מיט איר גוטסקייט, מיט אירע האַרציקע רייד און נישט בלויז צו אירע קינדער, נאָר אויך צו פרעמדע. אַזויפיל זאָרגן און צער פון דערנערן און דערציען די קינדער, דאָך איז זי שטענדיק גרייט געווען אָפּצושפּאָרן פון מויל אויף צדקה. עס איז גענוג געווען, מ׳זאָל איר זאָגן אַ וואָרט, אַז עמעץ דאַרף האָבן אויף שבת און שוין האָט זי אַרויסגענומען געלט און געגעבן.

ליבע און טייערע מאַמע, ביזן היינטיקן טאָג האָב איך דיך נישט פאַרגעסן און מיין גאַנץ לעבן טובל איך זיך אין דיין שטראַלנדיקער גוטסקייט און די דערמאָנונג וועגן דיר גליט אין מיין האַרצן אין אַלע צייטן פון יאָר און איך היט אַלע דיינע ווערטער און מעשים ווי קמיעות אָפּגעראַטעוועטע פון שריפות.

פון מיין פריסטער קינדהייט האָב איך זיך אָנגעזען אָן אַ שיעור גוטס אין אונדזער שטוב. מיין מאַמע האָט יעדן מענטש אויפגענומען מיט האַרציקער וואַרעמקייט און כבוד און די קינדער האָט זי זיך באַמיט צו געבן די בעסטע דערציאונג.

אין יענער צייט האָט מען אין גראַבאָוויץ נאָך נישט געשיקט די קינדער לערנען אין דער פּוילישער שול, אָבער מיין מאַמע האָט אַלץ געטון, אַז חוץ איז חדר זאָל איך לערנען אויך ביי די לערער פון דער פּוילישער שול, נישט געקוקט דערויף וואָס דאָס צאָלן דעם שכר־לימוד איז געווען איבער אירע מעגלעכקייטן. ווייניק האָבן זיך אויף דעם דערלויבט. פון מיינע חברים, וואָס האָבן מיט מיר געלערנט ביי די לערער, געדענק איך אליהו קוטשער און שמאי שטערן.

גוטע טייערע מאַמע, וויפל כוח און אָנשטרענג האָט עס דיך געקאָסט צו קענען צאָלן די מלמדים און לערער. דו האָסט זיך נישט באַגנוגנט מיט מיין לערנען חומש, רש״י און גמרא. האָסט געוואָלט, כ׳זאָל לערנען לייענען און שרייבן יידיש, פּויליש און עברית.

אַ וועלט אַ גאַנצע איז אונטערגעגאַנגען, אָבער אין האַרצן לעבט דער הייליקער

אָנדענק פון דער ווונדערלעכער שיינקייט פון דיין גרויסער נשמה, דאָס ווונדער־לעכע ליכט, וואָס האָט געשטראַלט פון דיר און פול געמאַכט אונדזער שטוב.

* * *

אַזױפּיל איז נאָך פאַראַן צו דערציילן, אויסוויינען און פאַראייביקן, ברודער און שוועסטער, חברים, פון חדר און פון הוישיאַטינער שטיבל; הערשל קאהאן, משה אליקימס, אבֿרהם און נחמיה בארנשטיין, און די יונגערע: חיים קאהאן, שמאי שטערן, אליהו קוטשער, משה גרא, מעכל שטיין, דוד שימלער און אַ סך אַנדערע, וועלכע זענען אַזוי אכזריותדיק פאַרשניטן געוואָרן. קיינמאָל וועלן די טרערן נישט אויפהערן צו בריען אין מיינע אויגן און דער ווייטאג וועט קיינמאָל נישט אויפהערן צו דריקן מיין האַרץ.

קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן די עלטערע בחורים, וועלכע האָבן מיר געהאָלפן שווימען אינעם ים התלמוד, באַמיט זיך צו פאַרגרינגערן דאָס באַנעמען און פאַרשטיין די שווערע סוגיות, פאַרענטפערן האַרבע קשיות און עקבערנדיקע שאלות.

אומפאַרגעסלעך בלייבן מיינע חברים אין זעלבן עלטער, מיט וועלכע איך האָב צוזאַמען געלערנט און געחלומט פון אַ בעסער לעבן און צוזאַמען גרייט געווען מקריב צו זיין זיך פאַר גאולת העם און גאולת הארץ.

וויפל בענקשאַפט האָבן אין זיך געהאַט די גמרא־ניגונים, אין וועלכע מיר האָבן מיט אמתער השתפכות הנפש אויסגעזונגען אונדזער צוגעבונדנקייט צו דער דורותדיקער ירושה און אונדזערע שטרעבונגען צו באַנייאונג, צו באַנייען יידיש לעבן אויף די הייליקע יסודות פון תורה ועבודה. דאָס שטיבל אין וועלכן מיר האָבן געלערנט, איז געווען דער המשך פון אונדזערע היימען און די לופט איז געווען דורכגעזאַפּט מיט דער זעלבער געטרייקייט און מסירות נפשדיקער איבער־געגעבנקייט צו הויכע עטישע מידות.

דאָס אַלץ איז אַזוי מוראדיק פאַרשניטן געוואָרן און נישטאָ קיין טרייסט צום גרויסן ווייטאג איבערן גרויזאַמען חורבן.



**צום בילד אויף זייט 288 — פון רעכטס:** משה וואַלד, חנה ביטער, דוד שיסלער, מלכה, די שוועסטער פון משה וואַלד, חנה שיסלער און ישראל בוים.

אברהם שטאַרקער

# די מחלוקת


י יידישע קהילה האָט זיך געפונען אין שטוב פון מיין פאָטער און איך געדענק ווי עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצושיקן בריוו צו פאַרשידענע יידישע קהילות, אַז אונדזער שטעטל נויטיקט זיך אין אַ רב.

אויף אַ געוויסן שבת איז באַשטימט געוואָרן די דרשה, וואָס דער ניי־געקומענער רב האָט געדאַרפט האַלטן אין בית המדרש. פון אַלע שטיבלעך איז מען געקומען הערן דעם רבס דרשה.

דאָס האָט זיך איבערגעחזרט עטלעכע שבתים, ווייל מען קען דאָך נישט אויפנעמען דעם ערשטן־בעסטן רב כאַפּ־לאַפּ. ביי יעדן קאַנדידאַט אויף רב איז דער זעלבער עולם געקומען הערן דעם רב דאַוונען און די דרשה. ביז עס איז געקומען איינער, אויף וועלכן מען האָט געזאָגט, אַז "ער איז תורה און סחורה אין זייד און אין אַטלאַס". דער דאָזיקער רב האָט שטאַרק אויסגענומען אין שטעטל, באַזונדערס ביי די יונגעלייט. נאָכן דאַוונען איז אָנגעזאָגט געוואָרן די דרשה, וואָס דער רב וועט האַלטן 4 אַזייגער נאָכמיטאָג.

דער אינטערעס איז געווען אַ גרויסער. צוויי אַזייגער זענען שוין די מענטשן געקומען פאַרנעמען פלעצער. דאָס בית המדרש איז געווען פול, מען איז געשטאַנען קאָפּ־אויף־קאָפּ.

פינקטלעך פיר אַזייגער איז דערשינען דער רב און ער האָט גענומען האַלטן זיין דרשה. ער האָט גערעדט אין אַ שיינער און זאַפטיקער שפּראַך, דורכגעפלאָכטן מיט תורה־ווערטער. דער עולם האָט אים אויסגעהערט מיט אינטערעס און געשפּאַנטקייט. צוו. אַנד. האָט דער רב אַרויסגעזאָגט דעם געדאַנק, אַז מען דאַרף האָבן פאַרשטענדעניש פאַר אונדזערע קינדער אויך ווען זיי גייען אין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. זיי טראָגן זיך אַרום מיט גרויסע אידעאַלן פון גאולה און שיבת־ציון...

צווישן עולם איז דורכגעלאָפן אַ שושקעריי. מען האָט דייטלעך דערפילט די

אומצופרידנקייט פון עלטערן דור און פון דער צווייטער זייט — דעם ענטוזיאזם פון די יונגע.

עס איז אויסגעבראָכן אַ מחלוקת. די עלטערע יידן האָבן זיך געהיצט:

"הערט נאָר רייד פון אַ רב... ער זאָגט דאָך, אַז מען דאַרף נישט שטערן די ציוניסטישע גאָלעבראָדניקעס, וואָס ווילן אונדז פירן קיין ארץ־ישראל... אַזאַ רב איז נישט פאַר אונדז..."

אויף צומאָרגנס איז אויסגעפאַלן דער 3־טער מאַי און עס איז שוין געווען איינגעפירט אין שטעטל, אַז די יידישע קינדער קומען מיט זייערע פוילישע לערער אין בית המדרש, ווו עס איז פאָרגעקומען אַן אָפיציעלע פייערונג און דער רב האָט זיי געדאַרפט באַגריסן. מען האָט דערפאַר געבעטן דעם רב, ער זאָל בלייבן צו דער דאָזיקער פייערונג.

אויף צומאָרגנס 8 אַזייגער אינדערפרי זענען געקומען די לערער פון דער שול מיט די קינדער, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען מיינע קינדער און איך ווי אַ סך אַנדערע יידן פון שטעטל זענען אויך געגאַנגען אין בית־המדרש הערן ווי דער רב וועט זיי באַגריסן.

דעם רבס האַלטונג האָט אויף אַלע געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער האָט גערעדט אַ שיינעם פויליש, באַקאַנט זיך מיט די לערער און מען האָט גלייך אַרויסגעזען זיין וועלטלעכקייט, בילדונג צוזאַמען מיט יידיש וויסן. דערנאָך איז דער רב אַרויפגעגאַנגען אויפן בעלעמער און געמאַכט אַ "מי שברך" דעם פוילישן מלוכה־פרעזידענט.

דער איינדרוק איז געווען אַן איבעראַשנדיקער. די פוילישע לערער האָבן זיך איבערגעקוקט און אָפן אַרויסגעוויזן זייער באַגייסטערונג פאַרן נייעם רב.

דאָס האָט אָבער נישט געהאָלפן איבערצייגן די עלטערע יידן, וועלכע האָבן אין אים געזען אַ געפאַר פאַר דער פרומקייט פון זייערע קינדער, האָבן פשוט מורא געהאַט פאַר זיין אינטעליגענץ און וועלטלעכער האַלטונג. זיי האָבן זיך דערפאַר איינגעשפאַרט אויסצווויילן דעם פריערדיקן קאַנדידאַט, אַ ייד אַ בטלן, וועלכער איז אויפגעטרעטן מיט אַ שבת פריער.

אין רעזולטאַט פון די מיינונגס־פאַרשידנהייטן צווישן די צוויי לאַגערן האָט מען געמאַכט צוויי ליסטעס און געווינען האָט דער צד, וואָס האָט געשטימט פאַרן צווייטן רב און ער איז טאַקע אויסגעוויילט געוואָרן אַלס מרא דאתרא אין אונדזער שטעטל.

אים איז אָבער נישט באַשערט געווען לאַנג צו האָבן נחת און ער איז אומגעקומען אויף קידוש השם מיט אַלע יידן אין גראַבאָוויץ.

זעלדע מילער־דאבזשינסקי

# אינדרוואכנס אין שבת

קליין און פֿאַרוואָרפֿן איז געווען אונדזער שטעטל, צען קילאָמעטער פֿון דער באַן־סטאַציע קיין מיאַנטשין. דער צענטער פֿון שטעטל איז געווען אַ יידישער, די פּאָלאַקן האָבן געוווינט אין די אָרומיקע פֿאָרשטעט, אויף די שפּועים פֿון די בערג, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דאָס שטעטל. דער העכסטער איז געווען דער שלאָסבאַרג. שטייענדיק אויפֿן שפּיץ באַרג, האָט דאָס שטעטל אויסגעזען ווי די הייזלעך וואָלטן געווען צונויפֿגעקוועטשט, קליין און אָרעם. דאָס איינציקע געמויערטע הויז איז געווען קאַפּראַווסקיס.

זייער תּיונה האָבן די יידן געצויגן פֿון קרעמעריי און מלאָכות, געווען סאַדאָווניקעס, מלמדים און שוחטים. זייער קליין איז געווען די צאָל יידן, וואָס האָבן געהאַט פּרנסה ברווח. אַלע האָבן אויסגעקוקט אויפֿן מאָנטיקדיקן יאַריד און מתפּלל געווען, אַז עס זאָל זיין אַ שיינער טאָג און די פּויערים זאָלן קומען וואָס מער. דער יאַריד האָט געדאַרפֿט אַריינברענגען די פּרנסה אויף אַ גאַנצע וואָך און בעיקר איז עס געגאַנגען אינעם שבת, דער איינציקער טאָג אין דער וואָך, אויף וועלכן מען האָט געדאַרפֿט צוגרייטן בעסערע מאכלים, פֿיש, פֿלייש און בעיקר, וויין אויף קידוש.

פֿרייטיק פֿאַרנאַכט איז דער שמש, יחיאל מענדעלעס געגאַנגען איבער די געסלעך און גערופֿן אויפֿן הויכן קול: ״אין שיל אַריין!״

דעמאָלט האָבן אַלע קראָמען זיך פֿאַרמאַכט און באַלד איז אין די פֿענצטער געוואָרן ליכטיק. דאָס שטעטל האָט געקריגן אַן אַנדערן אויסזען. די טאַטעס מיט די זין זענען געגאַנגען אין שיל אַריין.

מיין טאַטן געדענק איך אַ גייענדיקן יעדן פֿאַרנאַכט פֿייערלעך מקבל־שבת זיין, שבת אינדערפֿרי איז ער אויפֿגעשטאַנען באַגינען און איז געגאַנגען צו תּהילים־זאָגן אין שיל.

נאָכן שבתדיקן מיטאָג, ווען גראַבאָוויצער יידן האָבן גערוט זייער שבתדיקן דרימל, וואָס האָט צו זיך נישט געהאַט קיין גלייכן מיט זיין גרויסן פֿאַרגעניגן, איז דעמאָלט די יוגנט אַוועק שפּאַצירן צום שלאָסבאַרג, זומער צייט האָט מען

אַרומשפּאַצירט צווישן דיביימלעך, מיטגענומען ביכער צום לייענען, געפירט דיסקוסיעס.

## דורשט נאָך וויסן

עס איז שווער נאָך אַזויפיל יאָרן פון וואַנדערן אַרויסצובאַקומען פון זכרון די ווייטע אָפּגעלאָפענע קינדער־און יוגנט־יאָרן, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אינעם רואיקן שטעטל. עס איז געווען אַ שטיל און רואיק לעבן, אָבער דאָך האָט אין גראַבאָוויץ פולסירט דאָס קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן מיט אַ מיטרייסנדיקן שטראָם.

געווען צווישן אונדז יוגנטלעכע מיט אַ העכערן ניוואָ פון אינטעליגענץ. פון יידיש און וועלטלעך וויסן. עס איז גענוג געווען אַריינצוגיין אין אַ יידישער שטוב און באַלד האָבן זיך אייך געוואָרפן אין די אויגן: קאָנצענטרירטע פנימער איבערגעבויגן איבער ספרים און ביכער. יידישע בחורים זענען געווען עילויים און לומדים און עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן ביז שפּעט אין דער נאַכט געלייענט ביכער, געמאַכט זיך נאָטיצן. פון הינטער פאַרמאַכטע לאָדנס האָבן זיך אַרויסגעריסן שוואַכע ליכט־שטראַלן, וואָס האָבן באַלויכטן די פינצטערע געסלעך. דאָס האָט די גראַבאָוויצער יידישע יוגנט זיך אָפּגעגעבן אַ דין וחשבון, אַז נאָר דאָס לערנען און וויסן וועט זיי געבן די מעגלעכקייט אַרויסצורייסן זיך פון דער ענגשאַפט אין דעם קליינשטעטלדיקן לעבן.

יידישע יוגנט אין גראַבאָוויץ האָט זיך פאַרנומען נישט בלויז מיט לייענען ביכער האָט אויך געפינען צייט איינצואָרדענען קולטור־אימפּרעזעס. פאָרלעזונגען און דיסקוסיעס האָבן געהערט צו די פאַרוויילונגען פון דער יידישער יוגנט. איך זע זיי איצט פאַר די אויגן די יוגנטלעכע מיט די שמייכלענדיקע פנימער, ווי זיי היצן זיך בעת די וויכוחים איבער יידישע און וועלט־פּראָבלעמען, ווי זיי טאַנצן און זינגען.

די לאַנגע ווינטער־נעכט זענען נישט אַוועק מיט ליידיקן. יידישע יוגנטלעכע זענען געווען דורשטיק נאָך וויסן און געזעטיקט זייער דורשט אין די ביכער, מיט וועלכע עס איז רייך געווען אונדזער ביבליאָטעק. אין די לאָקאַלן פון די יוגנט־באַוועגונגען איז געווען וואַרעם, די שטימען האָבן געקלונגען ענטוזיאַסטיש ביז שפּעט אין דער נאַכט. אַרויסגייענדיק אינעם פּראָסטיקן דרויסן האָבן אונדזערע טריט ריטמיש געסקריפּעט איבערן פאַרפרוירענעם שניי.

דאָס אַלץ איז ווי עס וואָלט מיטאַמאָל עמיץ אָפּגערוקט אַ פאָרהאַנג, וואָס איז אַזוי לאַנג געווען פאַרצויגן איבער אַ פאַרהוילענער וועלט, אַ וועלט, וואָס איז אַמאָל געווען און פאַרשוווּנדן, דאַכט זיך, אויף אייביק.

אברהם נאדל

# איבערלעבענישן ביים וויילן א נייעם רב

בַּאַך דער פּטירה פֿונעם גראַבאָוויצער רב, ר׳ אהרון יוסף, האָט די קהילה באַשטימט צו וויילן אַ נייעם רב און עס האָבן זיך טאַקע גלייך אָנגעהויבן צו מעלדן קאַנדידאַטן אויף רבנים. יעדער אַזאַ קאַנדידאַט איז געקומען אין שטעטל, געמאָלדן זיך אין דער קהילה און אין אָוונט האָט מען צו וויסן געטון אין בית המדרש, אַז עס וועט געהאַלטן ווערן אַ דרשה. דער עולם איז זיך צונויפגעקומען און אויסגעהערט די דרשה פֿונעם קאַנדידאַט אויף רב. דערנאָך איז דער קאַנדידאַט אָוועקגעפאָרן און געוואַרט אויף אַן ענטפֿער פֿון דער קהילה.

יענע טעג זענען פֿאַר מיר געווען פֿול מיט איבערלעבענישן. איך פֿלעג ליב האָבן צו אָבסערווירן די דאָזיקע קאַנדידאַטן אויף רבנים. ביי יעדער דרשה אין בית המדרש בין איך געווען, צוגעהערט זיך צו די רייד פֿון דער לומדישער דרשה און דערנאָך האָב איך זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס די גראַבאָוויצער יידן האָבן געזאָגט וועגן דער דרשה, זייער באַאיינדרוקט ווערן, פֿון וועלכן איך האָב געקענט טרעפֿן דעם אויסגאַנג פֿון דער אָפּשטימונג.

נאָך יעדער אַזאַ דרשה האָט זיך געקאָכט אין בית המדרש. יעדער האָט געזאָגט זיין מיינונג און פֿאַרערער האָבן זיך פֿאַרטיידיקט קעגן די קעגנער, וואָס האָבן געפֿונען אַ פֿעלער אָדער גאָר אַ מעלה. אָפּגעשטעלט האָט מען זיך ביי צוויי קאַנדידאַטן, וועלכע האָבן זיך גערופֿן: דער פּאַרצעוווער און דער יאַנאָווער.

דער פּאַרצעוווער, געדענק איך, איז געווען אַביסל בלאָנד, שיין אָנגעטון, געטראָגן לעדערנע הענטשקעס און אנשטאָט אַ שטעקעלע האָט ער געהאַט אין האַנט אַ שיינעם שירם.

דער יאַנאָווער איז נאָך געווען זייער יונג, פֿון מיטעלן וווקס, געהאַט אַן אויסערגעוויינלעכן כוח הדיבור. ער איז געקומען קיין גראַבאָוויץ אויף אַ שבת און נאָך דער צווייטער סעודה איז ער געקומען אין שיל אַריין האַלטן זיין דרשה, וואָס האָט געדויערט עטלעכע שעה און האָט ממש עלעקטריזירט זיין עולם.

אין גראַבאָוויץ זענען געווען גרויסע לומדים און זיי האָבן געזאָגט, אַז זיי האָבן נאָך אַזעלכעס נישט געהערט.

באַלד נאָך שבת איז אין גראַבאָוויץ פֿאָרגעקומען אַ פֿייערונג לכבוד דעם 3־טן מאַי. ווי דער שטייגער איז געווען, האָט מען אין שיל געמאַכט אַ "מי שברך", צו וועלכן עס זענען געקומען אויך פֿאָרשטייער פֿון דער פּוילישער מאַכט מיטן וואָיט בראש.

צום דאָזיקן מי שברך איז אויך געקומען דער יאַנאָווער קאַנדידאַט אויף רב און געהאַלטן אַ רעדע אין פּויליש וועגן דער 3־טער מאַי־קאָנסטיטוציע און איר באַדייטונג פֿאַר דער יידישער באַפֿעלקערונג.

די יידן אין גראַבאָוויץ זענען געווען באַגייסטערט. די פּוילישע מאַכט־פֿאָרשטייער האָבן געזאָגט, אַז זיין פּויליש האָט זיך נישט וואָס צו שעמען מיט די בעסטע פּויליש־רעדער.

פֿאַרשטייט זיך, אַז ער איז דערפֿאַר נאָכמער געפֿעלן און עס האָט אויסגעזען, אַז ער האָט אַלע שאַנסן אויסגעוויילט צו ווערן אַלס רב פֿון גראַבאָוויץ. אָבער מיטאַמאָל האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז פֿאַראַן אַן אָפּאָזיציע, וואָס האָט זיך געשאַפֿן בראש מיט אפרים לערנער קעגן אויסוויילן דעם יאַנאָווער אַלס רב. דער מאָטיוו איז געווען, אַז דער רב איז... צו קלוג. האַלב ערנסט האַלב אין וויץ האָבן זיי געזאָגט, אַז ער וועט פֿאַרקויפֿן גראַבאָוויץ און קיינער וועט גאָרנישט באַמערקן.

די לאַגע האָט אָנגעהויבן ווערן ערנסט. דער רב האָט באַמערקט, אַז זיינע קעגנער זענען גרויסע עקשנים. אים איז אָבער דווקא גראַבאָוויץ זייער געפֿעלן און ער האָט באַמערקט, אַז די מערהייט פֿון דער יידישער באַפֿעלקערונג זענען פּשוטע עמך יידן, עס איז אויך געווען אַ האַנטווערקער־פֿאַראיין, איז ער טאַקע אַהין אַוועק, גערעדט מיט די אָנפֿירער פֿונעם פֿאַראיין, צוגעזאָגט זיי אונטער־צושטיצן. דאָס האָט געווירקט און אַרויסגערופֿן די סימפּאַטיע פֿון אַלע פּשוטע יידן אין גראַבאָוויץ, וועלכע האָבן טאַקע געשטימט פֿאַר אים און ער איז מיט אַ מערהייט אויסגעוויילט געוואָרן אַלס רב אין גראַבאָוויץ. נאָכן אויסוויילן אים אויפֿן כסא הרבנות האָט ער זיך ווירקלעך אַרויסגעוויזן נישט בלויז אַלס למדן, נאָר אויך אַלס פּעאיקער מרא דאתרא.

איך האָב נאָך באַוויזן צו זיין אַ קורצע צייט מיט דעם רב, געווען אפֿילו אַן עדות, ווען יעקב רייכמאַן האָט געדאַרפֿט מאַכן חתונה־אַקטן. באַלד דערנאָך איז אויסגעבראָכן די מלחמה און איך האָב געמוזט אַוועק פֿון גראַבאָוויץ.

## מאניע האוז־ווילדער

# דער יידישער פארשטייער אין דער פוילישער גמינע

לויז איינצלנע פראגמענטן פון די זכרונות פון מיין אַלטער היים וויל איך דאָ דערמאָנען, די היים וועלכע איז אַזוי טיף איינגעבאַקן אין האַרצן, מיינע טייערע עלטערן, שוועסטער, ברידער, קרובים, שכנים און די יוגנטלעכע, מיט וועלכע עס פאַרבינדן מיך אַזויפיל וואַרעמע דערינערונגען.

מיין פאָטער, שמעון רופא האָט זיין גאַנץ לעבן געטראָגן הילף יעדן נויט־באַדערפטיקן אין אונדזער קליינעם שטעטל. אַלס אַזעלכן האָבן אים געקענט אַלע הונדערטער איינוווינער, וועלכע ווייזן זיך מיר איצט אויס ווי זיי וואָלטן געווען איין גרויסע משפחה.

אַ גאַנצע וואָך איז דאָס לעבן אין אונדזער שטעטל געווען אַ פאַריאָגטס און אַ פאַרהאָרעוועטס. יעדער איז געווען פאַרנומען מיט זיין שווערער פרנסה, אין וועלכער מען האָט איינגעשפאַנט אויך די יוגנט און זי האָט דערפאַר נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו אַנטוויקלען זיך, בילדן און שטודירן, נאָר געמוזט טראַכטן וועגן לערנען אַ פאַך, כדי נישט צו פאַלן צו לאַסט אויף די אָרעמע עלטערן, נאָר פאַרקערט, העלפן און לינדערן די נויט אין זייערע שטובן.

נישט געקוקט אויף דער שווערער מאַטעריעלער לאַגע האָט דאָס לעבן אין שטעטל פאַרמאָגט אָן אַשיעור שיינקייט. אַ קליין אָרעם שטעטעלע, אָבער וויפל קולטור און חוש פאַר עסטעטישע און מאָראַלישע ווערטן עס האָבן פאַרמאָגט די יידן אין גראַבאָוויץ.

נאָך אַ גאַנצן טאָג האָראָוואַניע האָבן די יוגנטלעכע זיך צונויפגעטראָפן אין די אָוונטן, אין די באַזונדערע לאָקאַלן, קולטור־קלובן, ביבליאָטעקן און לייען־זאַלן, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן דורך די אַקטיוויסטן אין די פאַרשידענע באַוועגונגען. אין די לאָקאַלן האָט מען גערעדט וועגן אַקטועלע פּראָבלעמען, פּאָליטישע, געזעלשאַפטלעכע און ליטעראַרישע. מען האָט זיך געטיילט מיט גאָר באַזונדערס האָט זיך דערפילט די קולטור־אַטמאָספער מיטן אָנקום פונעם

שבת. שוין אָפּגערעדט פֿון די פֿרומע יידן, וואָס האָבן מיטאַמאָל אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך דעם עול פֿון דער וואָך און דערפֿילט די נשמה יתירה פֿונעם שבת. אויך די וועלטלעכע יוגנט האָט דערפֿילט דעם שבת איז זיין גאַנצער שיינקייט. די זעלבע מיידלעך און בחורים פֿון די פֿאַרשידענע באַוועגונגען האָבן זיך אַוועקגעלאָזט אויף זייערע שפּאַצירן צום שלאָסבארג, ווו עס איז געווען דער זאַמל־פּונקט, אויף וועלכן עס האָבן זיך צונויפגעטראָפֿן די יוגנטלעכע פֿון די פֿאַרשידענע באַוועגונגען. דאָרט האָט מען געפֿירט וויכּוחים, דיסקוטירט איבער פֿאַרשידענע פֿראַגן און פּראָבלעמען און נישט געקוקט דערויף, וואָס די לופֿט איז נישט איינמאָל אָנגעלאָדן געוואָרן מיטן דינאַמיט פֿון גרויסע אידעאַלן, ווייזט זיך מיר אויס, אַז עס האָט דעמאָלט געהערשט אַן אויסערגעוויינלעכע פֿריינד־שאַפֿט פֿון איינער צום צווייטן, אַן אמתע און ריינע.

עס איז אַזוי שווער שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דאָס אַלץ איז אַוועק מיטן רויך און עס איז פֿון דעם אַלעם נישט געבליבן קיין שפּור.

## די ערשטע איניציאַטאָרן צו בויען דעם שאָסיי

אָרעם איז געווען אונדזער שטעטל, נישט געווען דאָרט קיין געפֿלאַסטערטע שאָסייען און טראָטואַרן. ווען עס איז געקומען דער האַרבסט אָדער פֿרילינג, זענען די געסלעך געזונקען אין טיפֿע בלאָטעס, און עס האָט געטראָפֿן אַמאָל, אַז מיין פֿאָטער מיט נאָך אייניקע מענטשן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען דער וואָיט פֿון דער גמינע און זיין סעקרעטאַר. צווישן זיי זענען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן אויף זיך גענומען די איניציאַטיוו צו פֿלאַסטערן אַ שאָסיי. דער וועג האָט זיך געצויגן פֿון גראַבאָוויצער באַרג ביז צו דער גמינע און דאָס האָט געדאַרפֿט אָפּקאָסטן אַ פֿאַרמעגן. ביז היינט ווייס איך נישט פֿון וואַנען זיי האָבן גענומען דעם פֿאָנד אויף צו בויען אַזאַ שאָסיי. איך געדענק בלויז אַז נעבן איטשע האַרשעוווער האָט מען געמאַכט אַ פּירעקעק גריבל, אויסגעבויט פֿון רויטע ציגעלעך און דאָרט האָט מען אַריינגעלייגט דעם אַקט, וועלכן עס האָבן אונטערגעשריבן די איניציאַטאָרן און צווישן זיי איז אויך געווען מיין פֿאָטער, שמעון רופֿא.

דעם דאָקומענט האָט מען אַריינגעלייגט אין אַ פֿלאַש, וועלכע מען האָט פֿאַרגאָסן מיט לאַק און די פֿלאַש אַוועקגעלייגט אינעם אויסגעמויערטן גריבל, פֿון וואַנען עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס פֿלאַסטערן דעם שאָסיי.

אַזאַ זעלבע פּראָצעדור איז דורכגעפֿירט געוואָרן נעבן קאַפּראָווסקין.

איך בין דעמאָלט געווען זייער נייגעריק צוליב וואָס מען פֿירט דורך אַזאַ פּראָצעדור און איך האָט עס געפֿרעגט מיין טאַטן. פֿאַרשטייט זיך, אַז מיין

פאָטער האָט דעמאָלט נישט געטראַכט אַז עס וועט קומען אַ צייט פון אַזאַ שווידערלעכן חורבן איבער פוילישן יידנטום, וואָס וועט אויך טרעפן אונדזער שטעטל. דאַקעגן האָט ער געטראַכט, אַז עס וועט קומען אַ צייט, ווען ער וועט אַלט ווערן און דאַרפן אַוועקגיין פון דער וועלט. דאָס האָט זיך אַרויסגעפילט אין דעם ענטפער, וואָס ער האָט מיר געגעבן אויף מיין פראַגע :

"הער, מיין קינד, די יאָרן לויפן און איך ווייס נישט ווי אַזוי עס וועט אויסזען אין יאָרן אַרום, אפשר וועט עס זיין אין הונדערט יאָר אַרום, אפשר מער, ווען מען וועט אַמאָל איבערבויען דעם שאָסיי און מען וועט געפינען די פלאַש. וועט מען דאַן אַרויסנעמען דעם דאָקומענט, לייענען פון אים ווער און ווען עס זענען געווען די ערשטע איניציאַטאָרן, וואָס האָבן זיך אונטערגענומען צו בויען דעם שאָסיי פאַרן שטעטל, טראַכטנדיק, אַז דאָס לעבן גייט פאָרויס און יעדער איינוווינער פונעם שטעטל דאַרף צוהעלפן דעם פאָרויסגאַנג..."

מיר ווייזט זיך אויס, אַז ביי אונדז אין שטעטל זענען די מענטשן געווען אַזוי פאַרהאָרעוועט, איין איבערלעבעניש האָט געיאָגט די אַנדערע און מען האָט זיכער מיט דער צייט פאַרגעסן אין יענע ערשטע איניציאַטאָרן פון אַ געפלאַסטערטן וועג אין אונדזער שטעטל. דאָס יידישע לעבן איז פאַרשניטן געוואָרן און מיר האָלטן פאַר אַ חוב עס צו פאַראייביקן, דערציילן ווי טיף פאַרוואָרצלט אונדזערע עלטערן זענען געווען אין די אַלטע היימען.

מיין פאָטער איז געווען אין משך פון דרייצן יאָר דער יידישער פאָרשטייער אין דער פוילישער גמינע און אַלס אַזעלכער האָט ער אַ סך געטון צו העלפן אָרעמע יידן, ווען עס האָט געדראָט מען זאָל ביי זיי צונעמען דאָס קישן פון אונטערן קאָפּ פאַר די נישט באַצאָלטע שטייערן. עס האָבן נישט געפעלט קיין צרות, וואָס האָבן זיך געשיט איבער יידישע קעפּ אין גראַבאָוויץ. מיין פאָטער איז שטענדיק גרייט געווען צו קומען און ראַטעווען וואָס עס לאָזט זיך.

אַזוי האָט זיך אויך געפירט מיין מוטער, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר איידלקייט און גרויסן האַרץ. זי פלעגט גיין איבער די אָרעמע שטובן, וועלכע האָבן זיך געניטיקט אין מאַטעריעלער הילף, זען מיט וואָס מען קען זיי אַרויסהעלפן. קיינמאָל איז איר נישט געווען שווער עפּעס צו טון פאַר בויט־באַדערפטיקע. עס זענען געווען פאַלן, ווען זי איז געווען ממש קראַנק און געדאַרפט ליגן אין בעט, האָט זי זיך אויפגעהויבן און געגאַנגען קראַנקערהייט טראָגן איר הילף אין אָרעמע שטובן.

דאָס זענען נאָר איינצלנע פאַקטן פון די זכרונות, וואָס פאַרפלייצן מיך ווען איך נעם טראַכטן וועגן מיין אַלטער היים. די טרערן שטיקן און עס ציטערט די האַנט פונעם געדאַנק, אַז דאָס אַלץ איז אַזוי גרויזאַם פאַרשניטן געוואָרן.



# ר׳ יקותיאל פריינד

איינער פון די חשובע יידן, וואָס האָט געוווינט זיבן ק״מ פון גראַבאָוויץ, אינעם דאָרף מאָלדאָטשיטש, אין וועלכן עס האָבן געוווינט 25 יידישע משפחות און אַלע האָבן געשעצט זיין חכמה און ערלעכקייט און שטענדיק געקומען זיך מיט אים מייעץ־זיין. ווער עס האָט נאָר געהאַט עפּעס אַ שווער האַרץ, איז געקומען צו ר׳ יקותיאלן. ער איז געווען געשעצט אויך ביי נישט־יידן, אפילו דער סטאַראָסטע האָט זיך מיט אים גערעכנט און דערפאַר האָט ער געהאַט די מעגלעכקייט אַרויסצוהעלפן יידן אין אַן עת צרה.

עס פלעגן קומען צו אים אויך גראַבאָוויצער יידן און יעדער האָט ביי אים געפונען אַ וואַרעם וואָרט, אַ טרייסט און טובה.

ווען מען איז אַריינגעקומען צו אים אין שטוב, האָט מען אים געטראָפן זיצן איב;ער דער גמרא. צו זיין הדרת פנים, שניי־ווייסע באָרד און הויכער שטערן, איז ער אויך געווען אַ תלמיד־חכם און עס איז געווען אַ נחת צו שמועסן מיט אים אין לערנען.

אַ קורצע צייט האָט ער געוווינט אין לאָדזש, אָבער ווייזט אויס, אַז עס האָט אים געצויגן צו זיין אַלטער היים און ער איז צוריקגעקומען וווינען אין מאלדאטישטש און אין מוראדיקן חורבן איז ער אויך אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע גראַבאָוויצער קדושים.



# ר' קלמן דוד ליבט

געבוירן איז ער אין לובלין און האָט חתונה־געהאַט קיין סקערבישאוו, פונוואַנען ער איז געקומען קיין גראבאָוויץ און איז געווען פון די אָנגעזעענסטע יידן אין שטאָט, אַ הוישאטינער חסיד, אַ למדן און אַן ערלעכער סוחר, וואָס האָט אָבער געקענט אַוועקגעבן אַ סך צייט אויף אַ צדקה־ענין, אַ גמילות־חסד אָדער אַנדערע קהלשע ענינים.

בשותפות מיט ר' שלום וויינבוים האָט ער אויפגעשטעלט אין גראַבאָוויץ אַ גרויסע מיל. ביידע זענען געווען הוישאטינער חסידים, געוווינט אין איין הויז, וואָס איז טאַקע געווען אַ בית־ועד לחסידים. אין די ימים־טובים איז מען זיך ביי זיי אין הויז צונויפגעקומען און געפראַוועט חסידישע שמחה מיט גרויס התלהבות.

דאָס זענען געווען יידן, וואָס זענען געווען אַרומגערינגלט מיט ליבשאַפט און פאַרערונג. זייערע שטובן זענען געווען פול מיט פריילעכע חסידישע געזאַנגען. זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער יושרדיקן צוגאַנג צו מענטשן און געשעענישן און האָבן פאַרמאָגט וואַרעמע יידישע הערצער.



# חיהלה לערנער

איר גאַנץ לעבן איז זי געבליבן צוגעבונדן צו אַלדאס שיינע פון אונדזער שטעטל גראַבאָוויץ און דאָס אַמאָליקע לעבן אין שטעטל איז געווען פאַר איר אַ קוואַל פון וואַרעמקייט און ליבשאַפט, וואָס איז געקומען צום אויסדרוק אין איר צוגעבונדנקייט צו יעדן לאַנדסמאַן. די שטוב פון די לערנערס אין תל־אביב איז ביזן היינטיקן טאָג די אַדרעס פאַר יעדן גראַבאָוויצער, וואָס קומט צופאָרן אויף אַ באַזוך אין ישראל. חיה האָט פאַר יעדן געהאַט אַ גוט וואָרט און איז יעדן אַקעגנגעקומען מיט אַ שמייכלענדיק פנים און יעדער האָט זיך גלייך דערפילט אַן אַנגעלייגטער גאַסט, האָט נישט געטאָרט אָפּזאָגן מיטצוהאַלטן טיש. נישט איינמאָל האָב איך זיך ביי איר געבעטן: ״חיהלע, כ׳האָב ערשט אָפּגעגעסן״. עס האָט נישט געהאָלפן. זי איז גרייט געווען זיך צו באַליידיקן: ״וואָס הייסט, איר וועט נישט טועם־זיין פון כיבוד? פאַרזוכט אַ גראַבאָוויצער מאכל, מלא טעם״.

אַ וואַרעמקייט האָט אַרומגענומען יעדן גראַבאָוויצער לאַנדסמאַן, וואָס איז אַרויפגעקומען צו די לערנערס און יעדער פון אונדז האָט אַ סך צו דערציילן פון חיהלעס האַרציקע אויפנאַמעס און גאַסטפריינדלעכקייט. יעדער באַזוך פון אַ גראַבאָוויצער איז פאַר איר געווען אַ פרייד און עס האָט געשטראַלט פון איר מיט גוטסקייט און טיפער מענטשלעכקייט.

אויף באַגעגענישן מיט פריינד און חברים פון ישראל וועט חיהלע שטענדיק דערמאָנט אַלס די פאַרקערפערונג פון אויפריכטיקער פריינדשאַפט און גוטן געמיט. אַ פריינד פון גראַבאָוויצער לאַנדסלייט איז אַ פריינד פון מענטשן בכלל. דאָס ווערט באַשטעטיקט דורך אַלע, וואָס זענען געקומען אין קאָנטאַקט מיט חיהלען, סתם באַקאַנטע און שכנים, וועלכע רעדן וועגן איר ווי וועגן אַ גוטינקער און געטרייער מאַמען און אַזוי באַווייזנען אַלע דעם פאַרלוסט.

אַן אַ שיעור זאָרג און מי האָט חיהלע אַריינגעלייגט אין דער אַרבעט ביים זאַמלען מאַטעריאַל פאַרן גראַבאָוויצער יזכור־בוך, האָט אַליין געשריבן און געמונטערט אויך אַנדערע, זיי זאָלן געבן זייער צושטייער, פאַרצייכענען, פאַר־אייביקן די קדושים פון אונדזער שטעטל, דאָס דורותדיקע לעבן, דעם צער און דעם נחת, די שיינע מידות פון אונדזערע עלטערן און אור־עלטערן, און אין אַלעם, וואָס זי האָט געטון איז געווען האַרץ און נשמה.

דער טויט האָט זי אַוועקגעריסן פון אונדז אינמיטן דער הייליקער אַרבעט.

חבל על דאבדין!

חיים־פנחס בלאָף

# העולם שנחרב

— — — מה רב הכוח הדרוש להעיז ולחרוש בכאב, בדם, בקברה של גרבוביץ. שיווינו נגדנו את המוות, את היסורים וקריאת "שמע ישראל" שיצא בקדושה מפי אבות־אמהות, מפי כל קדושי גרבוביץ. כולם קדשו בדמם את שם עיירתנו, לאסוננו, למרבה הזוועה הטראגית בתולדותינו. עוד הרבה לספר לנו, לבנינו ולדורות הבאים, על תקופת דמים זו, שהתרגשה עלינו ושאין לה אחות ודוגמא בתולדות ישראל הארוכות ועקובות מדם. חרבנה של קהילת גרבוביץ מהווה דף בלבד בתולדות המרטירולוגיה היהודית בדורנו אנו, אולם המדפדף בספר זה, על כל פרקיו, וכוללם יחד, ההווי והדמויות, חיי החברה, החומרי והרוחני, נפתוליה ופרפוריה בשנות השואה, כפי שמתוארים ע"י פינק ורוזנצווייג, קפלן־שיסלה, רוזנפלד־בוים ועוד — ישחזר הווי יהודי מקורי ותקום לפני עיניו תקופת השואה, שנות החיסול ההדרגתי של הקהילה, הרדיפות והרציחות שבוצעו בדם קר ובשיטות טכניות משוכללות ומחושבות עד כדי פרטי־פרטים.

הייפלא שקשה היה לניצולי השאה לכתוב, ואכן אנו רואים בחוש שכל מלה יצאה כדם הנשפך, כי לא בדיו ייכתבו המלים, אך בדם, ולכן הדברים שנכתבו בספר מעט־מן־המעט הם ממה שהיה, טיפה מן הים, ים של צרות ושל עינויים, מהם סבלו ובהם עונו יהודי גרבוביץ. באכזריות איומה עונו ובגבורה עצומה נשאו את סבלם, סבל יהודי בעד היותו יהודי, ובמסירות נפש עילאית של קידוש השם צעדו את צעדיהם האחרונים, כשמלות "שמע ישראל" נישאות על שפתותיהם.

בלבנו נישא את קדושי־עיירתנו.

כל עוד נשמתנו בנו...

השם ינקום דמם!

העורך

## בן־ציון פינק (בענטשע)

# תחת שלטון הדמים

השבועות והימים האחרונים לפני פרוץ המלחמה בין גרמניה ופולין, בשנת 1939, היוו סיוט ליהודי גרבוביץ. לכולם היה ברור כי בראש וראשונה יסבול מהמלחמה, אם תפרוץ, העם שהיטלר קם עליו להשמידו. מעשיהם של הגרמנים נגד היהודים בגרמניה עצמה — די היה בהם שיטילו פחד על כל יהודי בעיירה. אין, איפוא, כל פלא אם בהלה אחזה בבני־ישראל, בהלה שהקיפה את כל הישובים היהודים בפולין, וכמובן — גם את עיירתנו גרבוביץ. אולם נגד אלה שהביעו דאגתם היו גם יהודים שביטלו אותה. כבר היו דברים מעולם — אמרו.

מיום ליום הלך המצב המדיני והחמיר וסכנת המלחמה גדלה. בבית־המדרש ברחובות ובבתים התנהלו שיחות קודרות לנוכח תחושת האסון המתקרב ובא.

זמנים קשים ממשמשים ובאים — היו היהודים נאנחים.

האסון בא כמעט לפתע פתאום. בבוקר של ראשית ספטמבר התקיפה גרמניה את פולין. מטוסיה הפציצו את עריה ועיירותיה. אותה עת חצו צבאותיה את הגבולות. כמעט ללא הפרעה הם נעו על פני הכבישים הפולניים, כבשו עיר אחרי עיר.

כבר בימים הראשונים למלחמה הגיעו לגרבוביץ ידיעות על התאכזרותם של הגרמנים באוכלוסיה היהודית במקומות שנכבשו על ידיהם. נזכרנו גם ברדיפות החוקיות והגופניות של יהודי אוסטריה לאחר הסיפוח ושל יהודי צ׳כוסלובקיה לאחר הכיבוש — ואימה נפלה על כל אחד בפני השטן החום. אותה שעה לא ראתה עדיין עיירתנו חייל גרמני. האוכלוסיה הפולנית המשיכה בקשריה הרגילים עם יהודי המקום, שכניהם מדורי־דורות. בימים ראשונים אלה למלחמה שפרצה לא הורגש מחסור במצרכי־מזון משום שנמשכו המגעים עם האוכלוסיה הכפרית. אולם למן הרגע הראשון של ההתקפה הגרמנית קמה הדאגה בלבות היהודים והעיקה עליהם במשנה נטל. ידענו גם שהאנטישמים האוקראיניים והפולניים לא ישבו בחיבוק־ידים.

לעיירה החלו מגיעים פליטים יהודים ממקומות סמוכים ורחוקים וסיפוריהם על מעשי הזוועה של הגרמנים מילאו אנשים פחד מפני העלול לקרות בימים

װעגן דער אַכזריות פֿון די דײַטשן האָט מען אין גראַבאָװיץ זיך דערװוּסט פֿון די פּליטים, װאָס זענען זיך אַנגעלאָפֿן פֿון אַנדערע שטעטלעך. דערפֿאַר האָט מען זיך אַזוי געפֿרײט װען די רוסן זענען אַרײַן, אָבער װען זײ זענען צוריק אַרויס און אָפּגעגעבן די דײַטשן די גאַנצע געגנט, זענען ייִדן אַרומגעגאַנגען װי צעמישטע, נישט װיסנדיק װוּ זיך אַהינצוטאָן און װי אַזוי זיך צו שיצן קעגן דער װילדער חיה, װאָס רוקט זיך אָן אויף אונדז. אַ סך זענען מיטגעגאַנגען מיט דער רויטער אַרמײ, אָבער נישט אַלע האָבן געהאַט דעם כּוח איבערצולאָזן אַלץ און לויפֿן אין דער אומבאַװוּסטקײט.

## מיט די אײגענע אויגן געזען
## דאָס דערשיסן חיה גלאַמב

אין אײנעם אַ טאָג, װען כ׳האָב זיך געקליבן גײן אין דאָרף, האָב איך געזען װי אַ דײַטשער זעלנער האָט דערשאָסן דאָס מײדל חיה גלאַמב. װען ער האָט מיך דערזען, האָט ער מיך גערופֿן. כ׳האָב אָבער זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז ער װיל מיך אויך דערשיסן, האָב איך נישט געהאַט װאָס צו פֿאַרלירן און האָב גענומען אַנטלויפֿן. כ׳בין אַרײַן צו אַ גלח אין סאָד, געפּרוּװט באַהאַלטן זיך צװישן די בײמער, אָבער כ׳האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דער דײַטש, װאָס האָט מיך נאָכגעיאָגט, קען מיך דאָ לײכט געפֿינען. כ׳בין דערפֿאַר גיך אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט, אַרויס אויף דער אַנדערער זײַט און װײַטער געלאָפֿן, ביז דער דײַטש האָט מיך פֿאַרלוירן און איך האָב גרינגער אָפּגעאָטעמט, געטראַכט, אַז דאָס מאָל איז מיר געלונגען זיך אָפּצוראַטעװען אָבער װאָס װעט זײַן װײַטער? װעלן דען כּסדר געשען נסים?

## דײַטשע מיטהעלפֿער

אין שטעטל איז מיט יעדן טאָג געװאָרן שװערער. װי אומעטום האָבן די דײַטשן געפֿונען אויך בײַ אונדז צװישן די פּאָליאַקן און אוקראַאינער אַזעלכע, װאָס האָבן זיך געשטעלט צו זײער דינסט. מערסטנס זענען עס געװען גוײם, װאָס האָבן תּמיד געלעבט פֿון ייִדן, אָבער אין זײער נײער פֿעל האָבן זײ אַלץ פֿאַרגעסן און, פּונקט װי זײערע באַלעבאַטים גענומען זיך אָן רחמנות באַפֿאַלן און פּײניקן ייִדן מיטן זעלבן סאַדיזם װי די דײַטשע הערשער.

ייִדן האָבן זיך געפּרוּװט אײַנרעדן, אַז די דײַטשן װעלן שאַנעװען אַרבעטס־מענטשן און יעדער האָט געזוכט עפּעס אַן אָרט, װוּ אײַנצואָרדענען זיך אויף אַרבעט. איך בין דאַן אַװעק אינעם דערפֿל בראַניסלאַװוּקי, װוּ כ׳בין געװאָרן אַ פּאַסטוך.

איך בין נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָב געזוכט צו ראַטעווען זיך אין דאָרף. אויך אַנדערע גראַבאָוויצער יידן זענען אַוועק אַרבעטן ביי פּויערים אָדער אין פּאָלוואַרקן. זעלטן ווער עס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט. מיר האָט צוגעהאָלפן מיין אַרישער אויסזען. די פּויערים, וואָס האָבן מיך נישט געקענט, האָבן מיך אָנגענומען פאַר אַ גוי.

אין גראַבאָוויץ איז נישט געווען קיין געטאָ אין פולן זין פון דאָזיקן באַגריף. אמת, מ׳האָט אַלע יידן אַריינגעטריבן אין עטלעכע געסלעך, עטלעכע משפחות אין אַ שטוב, אָבער עס איז נישט געווען קיין ספּעציעלע וואַך אָפּצוהיטן, אַז קיינער זאָל נישט אַרויסגיין מחוץ די אָפּגעגרענעצטע געסלעך. מען האָט געקענט אַריין און אַרויס, אָבער אינדרויסן, מחוצן שטעטל, איז מען געווען אויסגעשטעלט אויף געפאַרן, וואָס האָבן געלויערט אויף טריט און שריט.

## אויף אַרבעט ביי פּריצים

די לעצטע אַקציע איז פאָרגעקומען אין מאַי 1942. עס זענען געבליבן רעשטלעך, וועלכע מען האָט אַוועקגעפירט אין יוני. דאָס איז געווען דער סוף.

בעת דער לעצטער אַקציע אין מאַי האָבן די דייטשן דערלויבט די פּריצים פון די אַרומיקע דערפער, זיי זאָלן זיך אַרויסנעמען פון די רייען די יידן, וועלכע זענען זיי נויטיק צו דער אַרבעט. דעמאָלט בין איך אויך געווען איינער פון די אויסגעקליבענע, אָבער אויפן פּלאַץ איז געבליבן מיין פרוי מיטביידע קינדער. אַלע מיינע בקשות ביים פּוילישן לערער, וואָס האָט געדינט די דייטשן אַלס איבערזעצער, ער זאָל מיר העלפן אַרויסנעמען מיין פרוי און קינדער, האָבן נישט געהאָלפן. אַ פאַרצווייפלטער האָב איך זיך דעצידירט זיי אַרויסצוגנבענען פון די רייען און זיך דורך הינטערוועגן אַרויסשאַרן פון שטעטל.

אַזוי זענען מיר אַלע צוזאַמען אָנגעקומען אין פּריצישן הויף און זיך גלייך גענומען צו דער אַרבעט. אויך די קינדער האָבן זיך באַמיט און שווער געהאָרעוועט, אין פעלד, אין שטאַל. אין פּריצישן הויף האָט נישט געפעלט קיין עסן און מיר זענען געווען זאַט, אָבער די שרעק פאַרן מאָרגנדיקן טאָג האָט אונדז נישט אָפּגעלאָזט.

דער מאָרגנדיקער טאָג איז געקומען גיכער ווי מיר האָבן זיך גערעכנט. ביים פאַרענדיקן דעם אַרבעטס־טאָג איז צו מיר צוגעקומען דער פּריץ און געזאָגט, אַז ער האָט באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן אונדז אַלע צו דער דיספּאָזיציע פון דער גמינע. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז דער סוף. מען גיט אונדז איבער צו די דייטשן.

## אין וואַלד מיט ווייב און קינדער

אין יענעם הויף האָבן געאַרבעט איבער פערציק יידן. ווען איך האָב זיי איבערגעגעבן דאָס וואָס דער פריץ האָט מיר דערציילט, איז געוואָרן אַ צעמישעניש. טייל האָבן געטראַכט, אַז מען דאַרף אַנטלויפן. אַנדערע זענען געוואָרן דורכ־גענומען מיט יאוש, גרייט אויפצונעמען דעם ביטערן גורל, האַלטנדיק, אַז עס איז נישט געבליבן קיין שום וועג צו ראַטעווען זיך.

אין מיר האָט זיך אַלץ געבונטעוועט, כ'האָב זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן און לאָזן זיך פירן צום טויט. כ'האָב גענומען די פרוי מיטביידע קינדער און מיר זענען אַוועק אין וואַלד אַריין, נישט ווייט פון גראַבאָוויץ.

אין וואַלד האָב איך געטראָפן אַ סך גראַבאָוויצער. צווישן זיי איז געווען חיים קצב, שרהלע מאַטיסעס, דודל מאַטיסעס, נטעלע מאַטיסעס, שפרה ווערטהיים, עס זענען געווען ביי אַ דרייסיק מענטשן, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון. די שטימונג איז נישט געווען קיין געהויבענע, ס'איז נישט געווען וואָס צו עסן און די מענטשן זענען געווען דערשלאָגן, נישט געוווּסט, וואָס אָנצוהייבן צו טאָן.

נעבן מיר איז געזעסן דודל אַ דערשלאָגענער, אָבער ווען איך האָב אים פאָרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן צוגיין אין נאָענטן דאָרף, ווו איך האָב אַ באַקאַנטן פויער און נעמען ביי אים עפּעס צו עסן, האָט ער גערן אָנגענומען מיין פאָרשלאַג און מיר זענען צוזאַמען אַוועק צו יענעם פויער.

די טיר האָט אונדז געעפנט זיין ווייב און הערנדיק אין וואָס אונדז גייט, האָט זי אונדז בייז אָפּגעענטפערט און נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין שטוב אַריין.

נישט האָבנדיק קיין ברירה זענען מיר צוריקגעקומען אין וואַלד אַריין. אָבער איידער מיר האָבן באַוויזן צו קומען צו זיך פונעם דורכפאַל, זענען צוגעקומען צוויי באַוואָפנטע שקצים מיט דראָענדיקע מינעס. אַ פחד איז אָנגעפאַלן אויף אַלע. די האָפענונג אַרויסצוראַטעווען זיך פון זייערע הענט איז געווען זייער אַ שוואַכע. פון זייער האַלטונג האָט געיאָגט מיט רציחה און רויב.

איך האָב באַמערקט ווי זיי קוקן זיך אַרום און זייער בליק פאַלט אויף מיר. מיר האָבן זיך קעגנזייטיק געקוקט אין די אויגן. ענדלעך האָבן זיי מיך צוגערופן און פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז זיי האָבן מיך אויסגעקליבן פאַרן ערשטן קרבן. איך האָב זיך געזעגנט מיט דער פרוי און איר געזאָגט, אַז ווען איך וועל נעמען גיין מיט זיי, זאָל זי מיר נאָכשיקן די קינדער, זיי זאָלן וויינען און נישט לאָזן מיך גיין.

עס איז אַזוי געווען. איך האָב קוים געשטעלט די ערשטע טריט מיט זיי, האָבן די קינדער אָנגעהויבן וויינען און שרייען און נישט געלאָזט מיך גיין. די

שקצים זענען געבליבן שטיין אַ מינוט אין פאַרלעגנהייט. אויסנוצנדיק דעם מאָמענט האָב איך זיך צו זיי געוואָנדן מיט אַ פאָרשלאַג, וואָס איך האָב געהאַלטן, אַז עס דאַרף זיי לאַקן.

איך האָב זיי פאָרגעשלאָגן אַ גרויסע סומע געלט, זיי זאָלן אונדז ברענגען עפּעס צו עסן און דאַן וועלן די קינדער זיך באַרואיקן און איך וועל קענען מיט זיי מיטגיין.

דער פאָרשלאַג איז זיי געפעלן. איך האָב צונויפגענומען ביי די מענטשן אַ געוויסע סומע געלט און זיי געגעבן, אָבער גלייך נאָך זייער אָוועקגיין האָב איך זיך געוואָנדן צו די יידן און געוואָרנט, אַז מען מוז פון דאַנען אַנטלויפן. איך האָב זיי אויפגעקלערט די כוונות פון די שקצים, וואָס מיינען אַרויסצוציען ביי אונדז דאָס גאַנצע געלט און דערנאָך אונדז אויסשיסן.

## אין טראַנספּאָרט קיין סאַביבאָר

דער גרעסטער טייל פון אונדז האָט אויסגעקליבן די ריכטונג פון וואָיסלאָוויץ, ווו איך האָב געהאַט שוועגערינס און אַנדערע קרובים. דאָרט זענען נאָך די יידן געווען אויפן אָרט. עס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אַריינצולאָזן פרעמדע יידן, אָבער אונדז איז געלונגען זיך אַריינצוקריגן אויף אַ בוידעם, ווו מיר זענען געווען באַהאַלטן עטלעכע טעג, ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן די אַקציע אויך אין וואָיסלאָוויץ.

עס האָבן געהייסן, אַז מען פירט די יידן אַרויס קיין וולאָדאַווע. מיר האָבן נישט געהאַט קיין ברירה און צוזאַמען מיט די וואָיסלאָוויצער יידן געלאָזט זיך אָוועקפירן.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין כעלם, האָב איך באַמערקט ווי די געסטאַפּאָ־לייט אָבסערווירן מיך און רעדן צווישן זיך מיט פאַרוווּנדערונג. כ'האָב פאַרשטאַנען, אַז זיי נעמען מיך אָן פאַר אַ פּאָליאַק און וווּנדערן זיך ווי אַזוי איך קום דאָ אַהער.

אין וולאָדאַווע האָט מען אונדז אויפגעלאָדן אין די וואַגאָנען, צוגענומען ביי אונדז די קינדער און אַריינגעשטופּט אין באַזונדערע וואַגאָנען. אויך די פרויען האָט מען אין דער ערשטער ריי אַריינגעשטופּט אין די וואַגאָנען. דאָס איז געווען אַ טראַנספּאָרט קיין סאַביבאָר.

די גאַנצע צייט, וואָס מען האָט אונדז געפירט, האָב איך געטראַכט פון אַנטלויפן, אָבער דאָס איז געווען אומגעהויער שווער דורכצופירן צוזאַמען מיט דער פרוי און קינדער, וועלכע זענען געווען שטאַרק אָפּגעשוואַכט. איצט, אַז איך בין געבליבן אַליין, האָט מיך ווידער גענומען עקבערן דער געדאַנק צו אַנטלויפן. כ'האָב נישט געהאַט מיט וואָס צו ריזיקירן און האָב אויפגעהערט מורא צו האָבן,

אַז די דייטשן װעלן מיך דערשיסן ביים אַנטלויפן. זאָלן זיי שיסן, זאָל שוין גיכער קומען דער סוף.

## דער שפרונג פון צוג

ענדלעך האָט דער צוג גענומען רירן און װען ער איז צוגעקומען נאָענט צו אַ װאַלד, באַרג אַרויף, האָט ער גענומען גיין פּאַװאָליע. איך האָב זיך דאַן דעצידירט און בין אַראָפּגעשפּרונגען. די דייטשן האָבן נאָכגעשאָסן, אָבער מיר איז געלונגען צוצושאַרן זיך צו די קוסטעס און פון דאָרט בין איך אַריינגעלאָפן טיפער אין װאַלד. איך האָב נאָך געהערט די אָפּהילכן פון די שאָסן, די דייטשן האָבן געשאָסן אויף בלינד, אָבער איך האָב זיך דערפילט באַשיצט אין דער געדיכטעניש פונעם װאַלד און בין געגאַנגען אַלץ טיפער און טיפער, צו זיין װאָס װייטער פון די מערדער.

כ׳װייס נישט װי לאַנג כ׳בין אַזוי געלאָפן אָן אָטעם, ביז די קני האָבן זיך מיר אונטערגעבראָכן און כ׳בין צוגעלאָפן צו אַ פּניאַק נעבן אַ געדיכטן נאָדל־בוים מיט ברייטע צווייגן װאָס האָבן מיך צוגעדעקט װי אַ שירם. אַלע גלידער האָבן מיר װיי געטון און איך האָב אַזוי שטאַרק געװאָלט פאַרמאַכן די אויגן און איינשלאָפן, רוען, רוען...

בלויז געציילטע מינוטן בין איך געזעסן אונטערן בוים. באַלד האָט דער געדאַנק גענומען אַרבעטן, װאָרענען, אַז פאַר יעדער װיילע רו קען איך באַצאָלן מיטן לעבן. כ׳טאָר נישט רוען, כ׳מוז לויפן, לויפן...

עס איז געװען אינמיטן טאָג, אַזייגער צװיי. אין װאַלד איז געװען שטיל און שלוּוהדיק. װי גוט װאָלט געװען װען כ׳קען דאָ בלייבן, כאָטש אַ שעה, אַ האַלבע, נאָך עטלעכע מינוטן, אָבער איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז איך טאָר דאָ נישט בלייבן, אַז יעדע רגע קען דער װאַלד װערן איבערגעפאַלן פון די דייטשן און נישט געקוקט אויף דער מידקייט און פּחד בין איך געגאַנגען אָן איבעררייס אַ גאַנצן טאָג, ביז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט.

כ׳האָב קוים געשלעפּט די פיס, הונגעריק און דורשטיק, אָבער איך האָב נישט געװאַגט אָפּצושטעלן זיך אָפּרוען. כ׳האָב געװאָלט זיין װאָס װייטער פונעם אָרט, װוּ איך בין געשפּרונגען פונעם צוג. און כאָטש איך האָב נישט געװוּסט װוּ איך געפין זיך, די געגנט איז געװען פאַר מיר פולשטענדיק אומבאַקאַנט און איך האָב נישט געװוּסט אין װעלכער ריכטונג צו גיין, דאָך האָב איך זיך נישט אָפּ־געשטעלט און בין אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען.

עס איז צוגעפאַלן די נאַכט און איך האָב אַלץ נישט געװאַגט אָפּצושטעלן זיך אָפּרוען. אַ גאַנצע נאַכט בין איך געגאַנגען אין דער פינצטערניש און נישט געװוּסט,

צי כ׳גיי פאָרויס אָדער צוריק. ערשט אויף צומאָרגנס פרי האָב איך באַמערקט אַ בלאָנדזשנדיקן הונט. דאָס איז פאַר מיר געווען דער ערשטער אָנזאָג, אַז איך געפין זיך נישט ווייט פון עפּעס אַ ישוב. דאָס האָט מיך אי דערפרייט און אי דערשראָקן.

נאָכגייענדיק די שפּורן פונעם הונט, בין איך אָנגעקומען צו אַ נידעריק הייזל און אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. איך האָב דערהערט אַ שטים פון אַ פרוי, וואָס האָט געפרעגט:

״ווער איז?״.

באַלד דערויף האָט זיך דערהערט אַ גראָבער געבייזער פון אַ מאַן:

״זיכער אַ ייד, וואָס שלעפּט זיך אַרום אין וואַלד, כ׳גיי אַרויס און וועל אים דערהרגענען״.

מיין ערשטער געדאַנק איז געווען צו אַנטלויפן, אָבער באַלד האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דאָס וועט מיר נישט העלפן און מיר איז איינגעפאַלן צו שפּילן די ראָל פון אַ פּוילישן פּאַרטיזאַן. כ׳האָב אַ געשריי געטון שטרענג:

״עפן שויִן, שנעלער!״

און מכלומרשט אין דער זייט האָב איך אויסגערופן:

״חברה, איר וואַרט דאָ צו און איך וועל אַריינגיין...״

דער פּויער האָט באַלד געענדערט דעם טאָן, איז צוגעגאַנגען צום פענצטער און הכנעהדיק געפרעגט, וואָס איך וויל. איך האָב גערעדט שטרענג, געזאָגט, אַז איך דאַרף צען ברייטלעך און עטלעכע קילאָ שפּעק. די יינגלעך זענען הונגעריק, זיי קעמפן און דאַרפן עסן.

דער פּויער האָט זיך גענומען ביי מיר בעטן, אַז ער האָט קוים אַ האַלב ברייטל און דאָס קען ער מיר אָוועקגעבן. איך בין געוואָרן מילדער, געזאָגט, אַז איך גלויב אים, זאָל ער דערווייל אַרויסגעבן דאָס האַלבע ברייטל, ווייל מיר האָבן אַ פּאַרטיזאַן, וואָס שטייט אָפּ און מיר מוזן אים דערכאַפּן דאָס האַרץ, דערפאַר זאָל ער מיר זאָגן, ווו עס איז דאָ אַ רייכער פּויער, ביי וועלכן מען קען קאָנפיסקירן ברויט.

ער האָט מיר גלייך געגעבן דאָס ברויט און די אַדרעס, ווו איך קען באַקומען אַ גרעסערן טראַנספּאָרט שפּייז.

דערביי האָב איך זיך ביי אים דערוווּסט, ווו איך געפין זיך, אין וועלכער ריכטונג עס פירט דער וועג קיין כעלם און בין אָוועק צוריק טיפער אין וואַלד ביז איך בין אַרויסגעקומען אויפן שאָסיי, ווו עס איז אָנגעגאַנגען אַ געדיכטע באַוועגונג פון דייטשע מיליטערישע אויטאָס. די דייטשן האָבן מיך ווייניקער געשראָקן ווי די פּאָליאַקן. כ׳בין געווען זיכער מיט מיין אַרישן אויסזען און בין

דערפאַר געגאַנגען מיטן שאַסיי, דרייסט, ביז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. דאַן איז געווען די געפאַר, אַז די דורכפאָרנדיקע דייטשן וועלן מיך אָפּשטעלן און לעגיטימירן. ס׳איז דערפאַר נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג ווי אַריינצוגיין אין אַ דאָרף און איבערנעכטיקן.

## ביים סאלטיס אין סטאַדאלע

דאָס איז געווען אַ טעות פון מיין זייט, ווייל אַזוי ווי איך בין נאָר אַריין אין דאָרף האָבן מיך אָפּגעשטעלט די דזשעשיטעניקעס, וואָס האָבן געהאַלטן וואַך און דערזעענדיק אַ פרעמדן האָבן זיי געוואָלט וויסן ווער איך בין, פון וואַנען איך קום און וואָס איך זוך אין זייער דאָרף? איך האָב זיך פאַרטיידיקט, אַז איך זוך אַרבעט, אָבער זיי האָבן מיר אָפּגעפירט צום סאָלטיס, אַ דורכגעטריבענער שגץ, וועלכער האָט מיך גלייך גענומען אין דער אַרבעט אַריין און נאָך אַ קורצער אויספאָרשונג האָט ער מיר דערקלערט:

"דו ביסט נישט קיין פאָליאַק און זאָג בעסער דעם אמת, ווייל מיך וועסטו נישט נאַרן".

איך האָב נאָך געפּרוּווט זיין איינגעעקשנט, אָבער איינגעזען, אַז עס וועט מיר נישט העלפן און איך האָב זיך מודה געווען פאַר אים. דערציילט אים דעם גאַנצן אמת, ווער איך בין און פונוואַנען כ׳קום.

ער איז נישט געווען איבעראַשט, האָט געזאָגט דעם ווייב, אַז זי זאָל מיר געבן אַ שיסל וואַסער, כ׳זאָל זיך אַרומוואַשן און געבן עפּעס צו עסן. ביים עסן האָט ער מיך אויסגעפרעגט גענוי פון וואַנען איך בין און ווי אַזוי איך בין אַנטלאָפן.

איך האָב אים דערציילט און ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט מיך ראַטעווען.

דער זייגער איז שוין געווען אַרום צוועלף ווען ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ סטאַדאָלע און מיך פאַרשלאָסן פונדרויסן. כ׳בין אַוועקגעפאַלן אַ געהרגעטער, פאַרזונקען אין טיפן שלאָף.

אויפצומאָרגנס האָט ער מיר געגעבן אַן אַרבעט, אָבסערווירט ווי אַזוי איך אַרבעט און, ווייזט אויס, אַז ער איז געווען פון מיר צופרידן. איך האָב גוט געקענט די דאָרפישע אַרבעטן, פלינק אים צעהאַקט אַביסל האָלץ און געטון אַלע אַנדערע אַרבעטן, פון וועלכע ער האָט איינגעזען, אַז איך קען אים ברענגען אַ סך נוצן. שפּעטער האָט ער מיך אַריינגעפירט אין שטאַל און אָבסערווירט ווי אַזוי איך גיי זיך אום מיט די בהמות. בקיצור, כ׳בין אים געפעלן און ער האָט באַשלאָסן מיך איבערצולאָזן ביי זיך.

אויפדערנאַכט איז ער מיט מיר געזעסן און היימישלעך גערעדט וועגן דער לאַגע. אין אַ געוויסן מאָמענט פרעגט ער מיך, צי איך האָב אַ פאָטאָגראַפיע, איז ער גרייט מיר צו מאַכן אַ דאָקומענט. ליידער האָב איך נישט געהאַט, אָבער ער האָט זיך דערפון קיין סך נישט געמאַכט, געזאָגט, אַז ער וועט געפינען אַן אויסוועג און האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט. בייטאָג האָב איך געטון פאַרשידענע אַרבעטן און אויף בייַנאַכט האָט ער מיך פאַרשלאָסן אין דער סטאָדאָלע.

נאָך עטלעכע טעג זענען אין אַ באַגין צוגעפאָרן צו זיין הייזקע עטלעכע אויטאָס מיט געסטאַפּאָ־לייט. דאָס האַרץ האָט ביי מיר גענומען האַסטיקער קלאַפּן, אָבער איך האָב זיך באַלד באַקלערט און פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען זיי נישט געקומען נאָך מיר אַזוי פרי. זיי האָבן אָנגעקלאַפּט אין זיין טיר און ער האָט זיי אַריינגעלאָזט. נאָך עטלעכע מינוט האָט ער אויפגעשלאָסן די טיר פון דער סטאָדאָלע און האָט מיר געזאָגט, אַז היינט וועל איך נישט קענען אַרויסגיין אַ גאַנצן טאָג, ווייל עס וועט דאָ אַרבעטן אַ קאָמיסיע, וואָס וועט רעגיסטרירן די פערד פון דער גאַנצער גמינע. זיין ווייב האָט מיר אַריינגעברענגט צו עסן.

דעם גאַנצן טאָג האָט עס זיך אַרום מיר געטומלט און געליאַמערט. צו מיר אין דער סטאָדאָלע זענען דערגאַנגען שיכורע קולות, געלעכטערס און געזאַנגען. ווען עס איז אָנגעקומען די נאַכט איז געוואָרן שטיל. דער סאָלטיס איז, ווייזט אויס, אַוועקגעפאָרן מיט די געסטאַפּאָ־לייט. זיין ווייב האָט מיר אַריינגעברענגט צו עסן און ווידער געוואָלט מיך פאַרשליסן. מיר איז דאַן איינגעפאַלן צו בעטן ביי איר, אַז זי זאָל מיך נישט פאַרשליסן און צוגעגעבן אַ תירוץ, אַז כ׳האָב בויך־ווייטאָג און כ׳וועל מסתמא דאַרפן אַרויסגיין אינמיטן דער נאַכט.

זי האָט געאָרנישט פאַרדעכטיקט און געלאָזט אָפן די טיר. די שרעק פון אַ גאַנצן טאָג האָט מיך נישט געלאָזט רוען און געטריבן מיך צו אַנטלויפן פון דאָזיקן געפערלעכן אָרט.

ווידער בין איך אַוועק און גענומען וואַנדערן איבער זייטיקע וועגן און שטעגן, געמוזט אויסמיידן דייטשע וואַכן און פוילישע פּאָליציאַנטן, ביז איך בין אָנגעקומען אין אַ ווייטן דאָרף און נישט געזען פאַר זיך קיין אַנדערע עצה ווי צו נעמען זוכן אַרבעט.

אַן אָרעמער פויער האָט מיך גערן געוואָלט צונעמען צו דער אַרבעט, אָבער באַקלאָגט זיך, אַז ער האָט נישט מיט וואָס צו צאָלן, אָבער איך האָב באַשטאַנען צו בלייבן פאַרן בלויזן עסן. נאָך אַ געוויסער צייט, ווען ער איז שוין געווען פון מיר צופרידן, האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן, אַז איך זאָל אים געבן מיין דאָקומענט, וועט ער מיך רעגיסטרירן אָפיציעל. ער איז געווען זיכער, אַז איך בין אַ פּאָליאַק און איך האָב אים נישט געטאָרט אַרויסנעמען פון זיין טעות, האָב איך באַשלאָסן

צו פאָרן מיט אים אין שטאָט אַריין מיטן אויסרייד, אַז איך וויל זיך אַליין רעגיסטרירן.

אויפן וועג, ווען מיר זענען צוגעקומען נעענטער צו דער שטאָט און עס איז געווען די מורא, אַז אַ פּאַטרול וועט אונדז פאַרהאַלטן און פאָדערן פון מיר דאָקומענטן, האָב איך געזאָגט צום פויער, אַז ער זאָל מיר געבן די לייצעס און ער זאָל זיך אָפּרוען, אָנוועקלייגן זיך אויף דער פור און כאַפּן אַ דרימל.

מיר זענען קוים אָפּגעפאָרן אַ שטיקל וועג האָט אונדז פאַרהאַלטן אַ פּאַטרול. איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך בין דער אייגנטימער פון דער פור און זיי האָבן דערפאַר געפאָדערט בלויז דעם דאָקומענט פונעם פויער, וואָס האָט געדרימלט אויף דער פור. זיין דאָקומענט האָט זיי צופרידנגעשטעלט.

## אין כעלם מיט גראַבאָוויצער יידן

ענדלעך בין איך אָנגעקומען אין כעלם, ווו עס זענען נאָך געווען אַ סך יידן, בעיקר בעלי־מלאכות. דער פויער איז צוריקגעפאָרן און איך האָב אים צוגעזאָגט, אַז ווען איך וועל נאָר דערליידיקן די פאָרמאַליטעטן וועל איך שוין אַליין צוריק־קומען אין דאָרף אַריין.

אין כעלם האָב איך באַגעגנט מיינס אַ קוזינע, זי איז געווען אַליין, דעם מאַן האָט מען שוין געהאַט אַוועקגעטריבן מיטן מאַרש קיין סקאַל, ווו מען האָט אים דערהרגעט. זי האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל בלייבן אין כעלם און וווינען ביי איר. ווי אַ סך אַנדערע האָט זי זיך געוואָלט איינרעדן, אַז עס וועט דאָ געלונגען איבערצולעבן די מלחמה, אָבער איך בין שוין געווען אויסגעפרוווט אין אַ סך פייערן און האָב פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן וועלן דאָס ביסל יידן לאַנג נישט האַלטן, און איך האָב באַשלאָסן נישט צו וואַרטן ביז די דייטשן וועלן מיך ווידער אַוועקנעמען.

אין כעלם איז געווען יוסף זילבער, אַ גראַבאָוויצער, וואָס האָט חתונה געהאַט קיין כעלם, איז געווען אַ פּאָליציאַנט, איינער פון די, וואָס האָט אויף זיין פּאָסטן באַמיט זיך צו טון טובות יידן און ראַטעווען וואָס און ווו עס האָט זיך נאָר געלאָזט.

איך האָב אים דערציילט, וואָס איך האָב שוין דורך דער צייט דורכגעמאַכט און אַז איך האָב באַשלאָסן נישט צו בלייבן אין כעלם. ער האָט מיך געגומען צורעדן, אַז אַנטלויפן האָב איך שטענדיק צייט און איך זאָל דערווייל בלייבן מיט אים. ביי אים אין שטוב האָבן זיך אויפגעהאַלטן אַ סך אַנדערע יידן, וועלכע ער האָט געהאָלפן דורכמאַכן די שווערע צייט.

אין איינעם אַן אָוונט איז פּלוצלינג געוואָרן אַ טומל, אַז עס קומט פאָר אַן אַבלאַווע פון דייטשן. אַלע זענען גלייך אַראָפּ אין בונקער און איך בין געבליבן

איינער אַליין זיצן. עס זענען אַריינגעקומען עטלעכע פּאָליציאַנטן, געפרעגט, ווו עס זענען די יידן, מיך האָבן זיי נישט אָנגענומען פאַר קיין ייד. איך האָב זיי געזאָגט, אַז איך האָב געבראַנגט די יידן עפּעס צו עסן, אָבער פּלוצלינג האָבן זיי מיך געלאָזט זיצן און זענען אַנטלאָפן. זיי האָבן מיר געגלויבט און זענען שנעל אַוועק זוכן די אַנטלאָפענע יידן.

די גאַנצע צייט פלעגט חיים קצב קומען צו מיר און בעטן מיך, אַז מיר זאָלן זיך האַלטן צוזאַמען. נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אָנגעהויבן רעדן, אַז די דייטשן גרייטן ווידער צו אַן אַקציע אַרויסצופירן דאָס לעצטע ביסל יידן פון כעלם. דעמאָלט האָב איך געזאָגט חיימען, אַז ער זאָל זיין גרייט ביינאַכט אַוועקצוגיין.

אַזוי ווי עס איז פינצטער געוואָרן איז ער געקומען צו מיר און מיר האָבן גענומען אַרומרעדן ווי אַזוי זיך אַרויסצוקריגן פון דאַנען און וווהין צו גיין. פּלוצלינג, אַרום עלף אַזייגער, האָט מען גענומען קלאַפּן אין דער טיר. אין דער שטוב זענען געווען אַרום 25 יידן און אַלע זענען מיר גלייך אַרויף אויפן בוידעם, ווו מיר זענען געבליבן וואַרטן אין פּחד, דאָס קלאַפּן זאָל אויפהערן.

מען האָט אויפגעריסן די טיר און באַלד האָט זיך אויפן בוידעם באַוויזן אַ באַוואָפנטער דייטש און געשריגן, מיר זאָלן שנעל אַראָפּ. איך האָב איינגערוימט חיימען, אַז מיר זאָלן אַראָפּ די ערשטע. ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ שיקסע, וועלכע האָט אונדז נישט געלאָזט אַרויס. און מיר האָבן געמוזט מיט כוח זיך אַרויסרייסן.

אינדרויסן איז געווען אַ געדיכטע פינצטערניש. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. חיים האָט מיט זיך געהאַט זיין יינגל און מיר האָבן זיך צוגעקראָגן צום וואַלד. עס זאָגט זיך נאָר אַזוי גרינג. דאָס אַריינקריגן זיך אין וואַלד אַריין איז געווען פאַרבונדן מיט גרויסע געפאַרן. פון אַלע זייטן האָט געלויערט דער טויט. די דייטשן האָבן אויך געלויערטביים אַריינגאַנג פון וואַלד. זיי האָבן געוווסט, אַז יידן וועלן פרווון אַנטלויפן און זיך אַריינרייסן אין וואַלד אַריין. איך האָב ווירקלעך באַמערקט אַ גרופּע יידן שאַרן זיך צום וואַלד און האָב דערפאַר געזאָגט צו חיימען, אַז מיר זאָלן צוואַרטן און זען, צי די יידן וועט געלונגען זיך דורכצורייסן.

מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און דורכגעשטאָכן מיט די אויגן די פינצטערניש. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן געהערט אַ געדיכטע שיסעריי, וואָס האָט זיך געעפנט אויף די יידן, וועלכע האָבן זיך געפּרווט דורכצורייסן אין וואַלד אַריין. מיר זענען שוין אין יענער נאַכט נישט אַריין אין וואַלד.

ווידער זענען מיר צוריק אין שטאָט. חיים מיט זיין יינגל זענען אַוועק צו זיך

אַהיים און פון דאָרט האָט מען זיי אַוועקגענומען. מער האָב איך זיי שוין נישט געזען. איך בין אַ גאַנצע נאַכט געשטאַנען אין אַ פינצטער ווינקל, געוואַרט עס זאָל ווערן טאָג און דאַן האָב איך זיך פּאַרלאָזט אויף מיין אַרישן אויסזען, וואָס וועט מיר דערלויבן פריי אַרומצוגיין אין די גאַסן און איך האָב געטראַכט אַז דווקא בייטאָג, וועל איך זיך אַריינקריגן אין וואַלד אַריין.

פּאַרטאָגס האָב איך געהערט די שיסערייען פון די ס.ס.־לייט, וואָס האָבן אַרומגערינגלט די יידישע גאַסן. דאָס איז געווען די לעצטע אַקציע אין כעלם, אין וועלכער עס זענען אַרויסגעפירט געוואָרן אויך גראַבאָוויצער יידן, וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטרינען פון גראַבאָוויץ, אָבער נאָך חדשים מאַטערן זיך אין כעלם זענען זיי לסוף אַריינגעפאַלן אין דער אַקציע.

דעם גאַנצן פרימאָרגן האָב איך פאַרבראַכט אין דער שטאָט ביי אַ פּוילישן שוסטער, אונטער וועמענס טיר כ׳בין געשטאַנען די גאַנצע נאַכט און ווען ער האָט מיך באַמערקט, האָב איך אים איינגערעדט, אַז איך בין געקומען פון דאָרף אָפּגעבן מיין קאָנטיגענט. ער האָט מיך איינגעלאַדן צו זיך, זאָגנדיק, אַז עס לוינט זיך נישט צו דרייען זיך היינט אין גאַס, ווייל מען פירט אַרויס די יידן און די וואָס פרוּוון אַנטלויפן שיסט מען זיי נאָך. אַ קויל קען פאַרבלאָנדזשען און דערהרגענען אַן ״אומשולדיקן״ פּאָליאַק. אין שטוב האָט ער מיר מכבד געווען מיט כל־טוב. זיין זון האָט געוואָלט אַרויסגיין זען ווי מען טרייבט די יידן, האָט די מוטער געשריגן צו אים: ״גיי נישט אַרויס, דו האָסט אַ יידישן אויסזען, זיי וועלן דיך אָננעמען פאַר אַ ייד און דו וועסט ליידן אומזיסט״.

## ארום וואיסלאָוויץ

אַרום איינס אַזייגער איז אין שטאָט שוין געווען שטיל. די אַקציע איז געווען פאַרענדיקט, די יידישע גאַסן זענען געווען אָפּגערייניקט. איך בין דאַן אַרויס פון שטאָט און גייענדיק אויפן שאָסיי האָב איך זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ פּויעריש פורל און בין אָנגעקומען קיין וואָיסלאָוויץ, געמיינט, אַז אפשר איז נאָך עמיץ געבליבן.

אַריינקומענדיק אין שטעטל האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַן אימהדיקע פּוסטקייט, מען האָט נישט געזען קיין לעבעדיק נפש. עס איז געוואָרן נאַכט, פינצטער. כ׳האָב זיך דעצידירט אַריינצוגיין צו אַ באַקאַנטן גוי, באַראַווסקי, אָבער אַזוי ווי ער האָט מיך דערזען, האָט ער גענומען שרייען, איך זאָל אַוועק, ווייל ער האָט מורא.

כ׳האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין, אָבער אין דעם מאָמענט איז אָנגעקומען זיין זון און ער האָט זיך גענומען בעטן ביים פאָטער, ער זאָל מיך נישט אַרויסטרייבן.

ער האָט מיך אַריינגענומען אין שטוב, אַוועקגעשטעלט אויפֿן טיש אַ שיסל קאַרטאָפֿל מיט זויער־מילך. דערנאָך האָט ער מיך צוגעפֿירט צו אַ סטויג היי, ווו איך בין אַ טויט־מידער אַריינגעפֿאַלן ווי אין אַ הינער פּלעט, אַלע געדאַנקען זענען פֿולשטענדיק צערונען און פֿאַר די אויגן האָבן זיך געקנוילט געדיכטע נעפּלען.

נאָך עטלעכע מינוט ליגן האָט דער געדאַנק גענומען אַרבעטן און איך האָב זיך פֿאַרטראַכט איבער דער געפֿאַר, וואָס הענגט איבער מיר. איך האָב שוין דאַן געהערט פֿון אַ סך פֿאַלן, ווען פּויערים האָבן נאָכן געבן אָפּצועסן דעם ייִד אַרויס־געטריבן די זשאַנדאַרמעריע און זיי איבערגעגעבן ווו דער ייִד באַהאַלט זיך.

דער געדאַנק האָט מיך אויפֿגערודערט און נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין געווען אַזוי מיד, האָב איך דערפֿאַר באַשלאָסן נישט צו בלייבן אויף דעם סטויג היי און בין דורך הינטערוועגן אַוועק אין אַן אַנדער דאָרף, קיין טיטעוו, ווו איך האָב גוט געקענט אַלע פּויערים, געוווּסט ווער עס איז אַ גוטער און ווער אַ שלעכטער.

עס איז שוין געווען שפּעט ווען כ׳בין אָנגעקומען אין דאָרף. די הינט האָבן זיך צעבילט. כ׳האָב דערפֿאַר אָנגעקלאַפּט ביים ערשטן בעסטן, אָבער גלייך ווי ער האָט מיך דערזען, האָט ער גענומען שרייען:

”אַנטלויף, מאָשקע, כ׳האָב מורא״.

אין שטוב איז געווען זיין איידעם פֿון קאָמאַראָוו און ער האָט אים געבעטן, ער זאָל מיר כאָטש געבן אַ שטיקל ברויט, כ׳זאָל נישט פֿאַלן אויפֿן וועג. ווייזט אויס, ער האָט געזען, אַז עס ענדיקן זיך ביי מיר די כוחות.

ווידער בין איך אַוועק אין אַן אַנדער דאָרף, ווו איך האָב געהאַט צווישן די פּויערים גוטע פֿריינט, באַזונדערס אַדאַמסקי, געמיינט, אַז ער וועט מיר העלפֿן, אָבער ווען איך האָב געעפֿנט די טיר און אים געזאָגט גוטמאָרגן, האָט ער מיר נישט געענטפֿערט, נאָר גענומען די פֿרוי מיטן קינד און שווייגנדיק אַרויס פֿון שטוב, איבערלאָזנדיק מיך אַליין.

דאָס איז געווען איינער פֿון די פּויערים, וועלכער איז פֿאַר דער מלחמה געווען צוגעבונדן צו מיר, פֿלעגט קומען צו מיר זיך באַראַטן אין אַ שווערער סיטואַציע. איצט האָט ער מיט מיר אַפֿילו נישט געוואָלט רעדן, איז אַנטלאָפֿן פֿון מיר ווי פֿון אַ געשפּענסט.

## דאָס קאַפּיטל סקאַטשילאָס

מיט די לעצטע כוחות האָב איך זיך געראַנגלט נישט אַריינצופֿאַלן אין יאוש. נישט ווייט פֿון דאָרף איז געווען אַ קאָלאָניע, ווו איך האָב געהאַט אַ באַקאַנטן

פויער, וועלכער האָט אין מיר תמיד געזען אַ פריינט. דאָס איז געווען סקאָטשילאָס און איך האָב באַשלאָסן אַריינצוגיין צו אים. איך בין אָנגעקומען צו אים שפעט ביינאַכט און איך האָב אים דערציילט אין וואָס פאַראַ לאַגע איך געפין זיך און אַז ער איז מיין איינציקע האָפענונג. ער איז געווען דער ערשטער פויער, וואָס האָט נישט אַרויסגעוויזן אַזאַ שרעק און האָט מיר צוגעזאָגט צו העלפן, געזאָגט, אַז ער האָט אַ גרוב אויף קאַרטאָפל און דאָרט האָט ער מיר אויסגעבעט מיט שטרוי און איך בין דאָרט אָפּגעלעגן עטלעכע חדשים.

סקאָטשילאָס איז געווען אַן אָרעמער פויער און איך האָב אים כסדר געגעבן אַביסל געלט, פאַר וועלכן ער האָט געקויפט אַביסל עסן. מילך האָט ער געהאַט פון אַן אייגענער קו, אַזוי אַז מיר האָבן נישט געליטן קיין הונגער. אין די נעכט פלעג איך מיט אים גיין אין וואַלד, אָפּהאַקן אַביסל האָלץ און עס געטראָגן ביז אין שטוב אַריין.

ביי סקאָטשילאָסן בין איך געווען אַ יאָר צייט. ער האָט געוווּסט, אַז איך האָב ביז צו דער מלחמה געהאַט באַציאונגען מיט אַ פאַרמעגלעכן פויער פון זעלבן דאָרף, מראָזשעק, וועלכן איך האָב אפילו אַריינגעשטעלט אַ קו, וואָס ער האָט געהאַט די גאַנצע צייט און סקאָטשילאָס האָט זיך פאַר אים פאַרטרויט, אַז איך געפין זיך ביי אים.

איינמאָל האָב איך באַמערקט, ווי דער מראָזשעק קריכט אַרויף אויף דער לייטער צום בוידעם, אויף וועלכן איך האָב זיך אין יענעם טאָג באַהאַלטן. ער האָט האָט געגעבן אַ קוק אויף מיר, איז גלייך אַראָפּ און אַנטלאָפן.

אַ מינוט איז מיך באַפאַלן אַ שרעק, אָבער כ'האָב נישט געוואָלט גלייבן, אַז מראָזשעק וועט מיר טון שלעכטס.

עס זענען פאַרביי עטלעכע טעג און איך האָב שוין נישט געהאַט קיין געלט. עס איז נישט געווען פאַרוואָס צו קויפן עפעס עסן און איך בין געגאַנגען אין די נעכט אויסגראָבן קאַרטאָפל.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מיר סקאָטשילאָס געזאָגט, אַז מראָזשעק וויל, איך זאָל קומען צו אים, ער וויל מיר העלפן. מראָזשעק האָט מיךווירקלעך פריינטלעך אויפגענומען. עס איז געווען אַ האַרבסט טאָג 1943 און ער האָט מיך אַרויפּ־געפירט אויפן בוידעם, געגעבן מיר צו עסן.

אויף זיין בוידעם בין איך געזעסן פיר וואָכן, ביז די א.ק. האָט אָנגעהויבן וועררן אַקטיוו אין דער געגנט און געמאָרדעט אַ סך אויסבאַהאַלטענע יידן. דעמאָלט איז אויך אויפן מראָזשעקן אָנגעפאַלן אַ פּחד און ער האָט מיך אָנגעהויבן צורעדן, כ'זאָל אַוועקגיין.

איך בין דאַן אַוועק קיין מאָנקאָוויטש, צו אַ פּאַסטוך, אַן עלטערער גוי, וועלכער

האָט געווײנט אין אַ קליין שטיבעלע, הינטער אַ באַרג. ער איז געווען אַן אוקראַינער. איך בין צו אים אָנגעקומען ביינאַכט און געבעטן, אַז ער זאָל מיך לאָזן איבער־נעכטיקן. ער האָט מיך אויסגעפרעגט פון וואַנען איך בין. כ׳האָב אים אָנגעגעבן אַ נאָמען פון אַ דאָרף און מיר איז געלונגען אים איינצורעדן, אַז איך בין אַנטלאָפן פון די דייטשן, ווייל איך האָב נישט אָפּגעגעבן מיין קאָנטיגענט. ער האָט מיר דערפאַר דערלויבט צו זיין ביי זיך.

אין דאָזיקן שטיבל איז געווען שרעקלעך שמוציק. כ׳בין געוואָרן שטאַרק פאַרלייזיקט, נישט איבערצוהאַלטן. עס איז שוין געווען ממש באו מים עד נפש. דער שמוץ האָט געפייניקט און געמאַטערט ביז אויסגיין. עס איז שוין געווען ביים סוף 1943. כ׳האָב דערפאַר באַשלאָסן צוריקצוגיין צו מראָזשעקן, אָבער ער איז נאָך געווען דורכגעדרונגען מיטן פחד פאַר דער א.ק. און האָט מיר קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, נישט געוואָלט מיך האַלטן, דאַקעגן האָט ער מיר צוגעזאָגט צו געבן עסן וויפל איך וועל וועלן, אָבער אַ באַהעלטעניש זאָל איך זיך זוכן ערגעץ אַנדערש.

## דער פחד פאַר דער א.ק.

די לאַגע אין דאָרף איז ווירקלעך פון טאָג צו טאָג געוואָרן שווערער צוליב דער אַקטיווקייט פון א.ק. דער פויער, ביי וועלכע איך האָב זיך באַהאַלטן, האָט אָנגעהויבן מורא צו האָבן און איך האָב באַמערקט ביי אים סימנים, אַז ער וויל פון מיר פטור ווערן און איז גרייט מיך אָבערצוגעבן דער א.ק. אָדער אַליין דערמאָרדן.

כ׳האָב גענומען טראַכטן פון אַנטלויפן, אָבער דאָ האָב איך באַמערקט, אַז דער פויער היט מיינע טריט און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז כדי צו אַנטלויפן וועל איך פריער אים מוזן אָפּנאַרן, ער זאָל מיך פאַרלירן פון אויג.

כ׳האָב געקענט זיינע גוטע זייטן און אויך זיין כיטרע גיריקייט און כ׳האָב באַשלאָסן דאָס אויסצונוצן. כ׳האָב אים געזאָגט, אַז כ׳האָב אין גראַבאָוויץ באַהאַלטן אַן אוצר, סחורות און געלט און ער זאָל מיט מיר מיטגיין, וועל איך אים ווייזן ווו דאָס ליגט, ווייל כ׳האָב באַשלאָסן, אַז איידער דאָס זאָל אַריינפאַלן צו אַנדערע, זאָל עס בעסער זיין ביי אים.

ער האָט גלייך באַשטאַנען צו גיין מיט מיר. איך האָב אים געלאָזט גיין פאָרויס און פאַרן אַריינגאַנג אין שטעטל, האָב איך אים געזאָגט, אַז ער זאָל פריער אויס־שפירן, צי עס דרייען זיך נישט אַרום קיין פאַטרולן פון א.ק.

ער איז אַוועק און איך האָב זיך גיך אויסגעדרייט אין אַן אַנדער ריכטונג און אַריין אין גראַבאָוויצער וואַלד.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג האָב איך דערהערט אַ פאַרדעכטיק גערויש. איך

האָב זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד און אַ געשפּאַנטער צוגעהערט זיך. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איך האָב פּאַר זיך דערזען צוויי מונדירטע דייטשן. מיך איז באַפאַלן אַ פּחד און כ׳האָב גענומען אַנטלויפן אין גרויס פּאַניק. די קוילן זענען געפלויגן איבער מיין קאָפּ און אַלע ווילע האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז אָט־אָט און איך פאַל פון אַ קויל, אָבער פאַרבאָרגענע כוחות האָבן מיר צוגעגעבן מוט, געטריבן אַלץ ווייטער, ביז איך בין אָנגעקומען אין פּשעדניער וואַלד, הינטער גראַבאָוויץ.

דעם וואַלד האָב איך גוט געקענט. בעת די ערשטע אַקציעס האָבן זיך דאָ אויסבאַהאַלטן גראַבאָוויצער יידן. אויך איך האָב זיך דאָ אַרומגעדרייט אַ געוויסע צייט. איצט איז דאָ קיינער נישט געווען. איך בין געווען אַליין.

זיצנדיק אונטער אַ בוים, אַ פאַרסאַפּעטער און מידער, האָב איך באַטראַכט מיין לאַגע און דאָס האַרץ איז מיר געוואָרן נאָך שווערער, נאָך שרעקעוודיקער און פול מיט שלעכטע פאָרגעפילן. עס האָט מיר געשווינדלט פאַר די אויגן, מוראדיקע געשטאַלטן פון דייטשן און אקאָווצעס רינגלען מיך אַרום. אין געדאַנק האָבן ווידער אויפגעלעבט די שוידערלעכע מעשים, וואָס זיי האָבן אָפּגעטון מיט יידן, די ווילדע רציחות, פּייניקונגען און שיסערייען.

אַ מוראדיקע אייזיקע קעלט האָט מיך פאַרגליווערט. כ׳האָב געוואָלט פאַר־שטעלן די אויגן מיט די הענט און האָב עס נישט געקענט. די בילדער האָבן מיך נישט אָפּגעלאָזט און דער וואַלד האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו זיין פול מיט זיי. נישטאָ וווהין צו אַנטלויפן. אומעטום האָב איך געזען זייערע בלוטיקע פויסטן און אויסגעשטרעקטע ביקסן. עס איז מיר געוואָרן אַזוי שלעכט, אַזוי שווער, ווי נאָך קיינמאָל נישט. פריער צי שפּעטער וועל איך דאָך אַריינפאַלן אין זייערע שפּאָנעס — האָט דען אַ זין דאָס מאַטערן? ווערט מיר דען געלונגען אָפּצוראַטעווען זיך? דער טויט האָט געלויערט אויף טריט און שריט און האָט מיך ממש אָנגערירט מיט זיינע אייזיקע לאַפּעס און עס האָט זיך מיר אין יענעם מאָמענט אויסגעוויזן ווי אַ נאַרישע איינרעדעניש צו קענען אַנטלויפן פון טויט.

כ׳ווייס נישט ווי לאַנג כ׳בין אַזוי געווען פאַרזונקען אינעם שוידערלעכן קאָשמאַר, אָבער אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער וואַלד זיך צערוישט. אַ שטאַרקער ווינט האָט צעבלאָזן די שפּיצן־ביימער ווי טויזנטער בייזע רוחות וואָלטן זיך צעלאָזט איבערן וואַלד און, מאָדנע, פאַרן געדאַנק פון שדים און רוחות האָב איך זיך ווייניקער געשראָקן ווי פאַר די דייטשן און א.ק.־רוצחים. פאַרקערט, מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַלע ערגסטע מזיקים אין דער וועלט טראַכטן נישט צו טון מיר שלעכטס. אפשר וועלן זיי מיך אפילו שיצן קעגן די מענטשן, וואָס יאָגן זיך נאָך מיר, פאַרפאָלגן מיך.

מיטאַמאָל האָב איך דערפילט ווי עס ווערט מיר גרינגער אַרויסצופּלאָנטערן זיך פון מיינע פּאַרפאָלגער, די דייטשן און פּאָליאַקן. די טרייב־קראַפט, וועלכע כ'האָב זיך אַליין געשאַפן, איז געווען שטאַרקער פונעם לויערנדיקן טויט.

כ'האָב גענומען ניכטערער, מיט אַ קלאָרערן געדאַנק דורכטראַכטן מיין לאַגע, וואָס ווייטער צו טון. כ'האָב זיך דערמאָנט, אַז איך האָב דאָ אַ באַקאַנטן גאַיאווע, טרוס. דאָס האָט מיר צוגעגעבן פרישע כוחות און כ'בין גלייך אַוועק צו אים.

דער גאַיאָווע האָט זיך מיט מיר דערפרייט, האָט מיר געגעבן עסן. איך האָב אים געפרעגט צי איך קען זיך אויסבאַהאַלטן אין זיין וואַלד, אָבער ער האָט געזאָגט, אַז ביי אים איז זייער געפערלעך. דאַקעגן אין האליזנער וואַלד, ווייסט ער, באַהאַלטן זיך אויס יידן. ער האָט מיר אפילו אָנגעוויזן אַ פּויער שלעבאַדי, צו וועלכן עס קומען אַריין יידן.

איך בין גלייך אַהינגעגאַנגען, אָבער דער פּויער האָט געלייקנט, אַז צו אים קומט ניט אַריין קיין שום ייד. עס האָט געדויערט ביז מיר איז געלונגען אים איבערצוצייגן, אַז ער דאַרף נישט קיין מורא האָבן פאַר מיר.

ביי יענעם פּויער האָב איך געטראָפן חיים־לייבן, שרה ראָזענפעלדס פעטער. עס איז געווען ווינטער.

מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי געבראָטענע קאַרטאָפל און זיך אויסדערציילט אונדזערע צרות. ער איז געווען צעבראָכן, אָבער איך האָב אים געמוטיקט. ער האָט מיר דערציילט, אַז עס באַהאַלטן זיך דאָ אויס שייע פּיטשיוקער און צוויי וואָיסלאָוויצער יידן און מיר זענען אַהינגעגאַנגען צו זיי אין וואַלד.

ער האָט אָבער נישט געפונען דעם וועג און שוין געוואָלט רעזיגנירן, אָבער איך האָב, ווי אַ געניטער וואַלד־מענטש, גענומען שמעקן די שפּורן, וואָס האָבן געפירט ביז צו דער דעבריע און זיי דאָרט געפונען.

איך בין מיט זיי געבליבן עטלעכע חדשים.



זעלדע מילער־דאבשינסקי

# די מלחמה

עס איז אויסגעבראָכן די וויסטע מלחמה, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צום יידישן לעבן אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון פוילן. אין אָנהויב איז אַריינגעקומען צו אונדז די רוסישע אַרמיי און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיר זענען געהאָלפן געוואָרן, אָבער זיי זענען לאַנג נישט געווען. גיך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז די רוסן ציִען זיך צוריק צום טייך בוג, וואָס דאַרף זיין די נייע גרענעץ צווישן דייטשלאַנד און דעם ראַטנ־פאַרבאַנד.

אין שטעטל איז אויסגעבראָכן אַ בהלה. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף אַנטלויפן קיין לודמיר. אויף יענער זייט בוג. עס זענען אָבער געווען אַ סך, וואָס האָבן זיך נישט געוואָלט רירן פון די ערטער, זיי האָבן זיך נישט פאָרגעשטעלט צו וואָס עס וועלן פעאיק זיין די דייטשע און פוילישע רוצחים.

אין יענע טעג בין איך געווען צוזאַמען מיט מיינע עלטערן אין אנטיוויץ, ווו מיר האָבן געהאַלטן אַ סאָד. ווען מען האָט אָנגעהויבן צו אַנטלויפן האָט מיין פאָטער געזאָגט:

„ווו וועל איך זיך אַהינטון אין דער פרעמד? איך בין שוין צו אַלט דערצו. איר זייט יונגע קינדער, פאָרט אַוועק און ראַטעוועט זיך!"

אַזוי בין איך צוזאַמען מיט מיין שוועסטער רחל און איר מאַן עזריאל מיט זייער קינד פייגעלע אַוועק אויף יענער זייט בוג.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין ניסטילע האָבן מיר באַקומען די טרויעריקע בשורה, אַז מיין מוטער, צייטל איז פלוצים געשטאָרבן. גלייך ווי זי איז אַהיימ־געקומען פונעם סאָד, וואָס זיי האָבן פאַרלאָזט, איז די אַוועקגעפאַלן און מער נישט אויפגעשטאַנען.

מיין טאַטע איז געבליבן אַליין. מיין ברודער יוסף איז שוין דעמאָלט געווען אין לודמיר צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד.

שפּעטער האָט מיר שיע מנשה דערציילט, אַז מיין פאָטער מענדל האָט שוין

געהאַט געשפּאַנט פערד און וואָגן צום אַוועקפאָרן, האָט ער אָנגעהויבן וויינען:
"וווהין פאָר איך? ווו וועל איך זיך אַהינטון מיט מיינע קינדער?"
מענדל האָט געהאַט ניין קינדער און קיינער פון זיי איז נישט געבליבן לעבן.
מיט אונדז, אין לודמיר, איז געווען אויך מיין קוזין משה מילער, וועלכער האָט נישט אויסגעהאַלטן די שוועריקייטן, וואָס מען האָט געדאַרפט דורכמאַכן און ער האָט באַשלאָסן אַריבערצוגיין די גרענעץ צוריק קיין גראַבאָוויץ. ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיך אויסבאַהאַלטן אין דאָרף אויף די יאַניוווקעס.
ווינטער 1940 האָט מען אונדז אַרויסגעפירט מיטן עשאַלאָן טיפער אין רוסלאַנד. מיט אונדז איז אויך געפאָרן יאַנקל פערגאַמענט מיט זיין פרוי חנה און קינדער. זיי האָבן אָבער באַשלאָסן אַרויסצוקריגן זיך פון דאָרט, זענען צוריקגעפאָרן און אומגעקומען.
מיט אונדז איז אויך געפאָרן דבורה לאזער און פריידע לאזער מיט איר זון פיניעלע. זיי זענען אויך צוריקגעפאָרן קיין לודמיר, ווו זיי זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע יידן.
איך האָב געוווינט אין סויקעל אין איין הויז מיט שמואל רייז (שמואל וואַסער־טרעגער) מיט זיין ווייב מאַליע און קינדער. אין אַ קורצער צייט אַרום זענען זיי פון דאָרטן אַרויסגעפאָרן קיין קרים, אָבער אויך דאָרט האָט זיי דערגרייכט די מערדערישע האַנט פון די דייטשטע היטלעריסטן. ביז היינט ווייס איך נישט וואָס עס איז מיט זיי געשען.
אין די ערשטע טעג אין רוסלאַנד האָב איך געשריבן בריוו צום טאַטן, געבעטן אים, ער זאָל מיר צושיקן זיינס אַ פאָטאָגראַפיע. ערגעץ טיף פאַרבאָרגן האָט שוין גענאָגט דאָס געפיל, אַז מיר וועלן זיך שוין מער נישט זען. איך האָב טאַקע באַקומען פון אים אַ בריוו מיט זיינס אַ בילד, וואָס ער האָט ספּעציעל געמאַכט ביי סאָקאָלאָווסקין. דאָס איז געווען אין יאָר 1941.
קוקנדיק אויפן טאַטנס בילד לייען איך אַרויס פון דאָרט דעם גאַנצן גרויזאַמען חורבן פון דער יידישער קהילה אין גראַבאָוויץ.



# דאקומענט פון יידישן היסטארישן אינסטיטוט אין ווארשע

וואַרשע, דעם 1.4.1966

**לכ׳ ה׳**

**לייב גלאַמב**

**ישראל — רמת־גן**

אין ענטפער אויף אייער בריוו געערטער הער פון 20.3 ד. י. שיקן מיר אייך איבער אַ קאָפּיע פון דער עדות־דערקלערונג פון סאלא זילבערשטיין (נר. 1297) און אַן אויסצוג פון "פּרעסע־סערוויס" פון אונטערערדישן אַרכיוום פון וואַרשעווער געטאָ (רינג 1, נר. 471), וואָס האָבן אַ שייכות צו די געשעענישן פון דער שטאָט גראַבאָוויץ אין די צייטן פון דער היטלער אָקופּאַציע.

מנהל פון ארכיווום

**(מגר. ט. בערענשטיין)**



## אויסצוג

**פון פּרעסע־סערוויס — רינגענבלום אַרכיוו 1, נר. 471**

גראַבאָוויעץ — הרוביעשאָווער קרייז. דעם 8־טן יוני האָט מען אַנגעיאָגט קיין מיאנטשין (באַן־סטאַציע) אויפן פּלאַץ 2.000 יידן פון גראַבאָוויץ. 800 מענטשן האָט מען באַפרייט, אַלס פעאיקע צו פיזישער אַרבעט, די רעשט אָבער, אין דער ערשטער ריי קינדער און עלטערע, אויך פרויען, האָט מען אַריינגעשטופּט אין וואַגאָנען, פאַרפלאָמבירט און אַרויסגעפירט, וואַרשיינלעך אין טויטן־לאַגער סאביבאר, 36 ק"מ פון כעלם.



## אויסצוג

**פון עדות־דערקלערונגען נר. 1297**

**סאלא זילבערבאום, געבוירן 1931 אין זאַמאָשטש**

**אַדרעס אין יאָר 1946 לובלין, ווישינסקיעגאָ 3**

יידן פון אַלע דערפער האָבן געמוזט אין באַשטימטן טאָג, 28־טער יוני 1942, שטעלן זיך אויפן פּלאַץ אין גראַבאָוויץ, פון דאָרט האָט מען אַלע איבערטראַנספּאָרטירט אויף דער באַן־סטאַציע; קינדער און קראַנקע זענען

געפאָרן אויף פירלעך, פרויען און מענער זענען געגאַנגען צופיס. אויפן פּלאַץ — ווו מען איז געווען אַ גאַנצן מעת־לעת, האָט מען געשלאָגן, געשאָסן, רעווידירט און צוגענומען געלט און צירונג. דאָרט איז געווען שרעקלעך. אויף דער באַן־סטאַציע איז פאָרגעקומען די סעלעקציע. מיין פאָטער האָט מען אַרויסגענומען אויף דער לינקער זייט, אונדז קינדער מיט דער מאַמען אויף דער רעכטער זייט. דעמאָלט בין איך צוגעגאַנגען צו אַן ס.ס.־מאַן אויף אַ פערד, וועלכער האָט אויסגעקליבן די מענטשן און אים געבעטן, ער זאָל איבערלאָזן מיין טאַטן מיט אונדז; ער האָט געשמייכלט און גאָרנישט געזאָגט. דעמאָלט האב איך אַ זאָג געגעבן צו מיין מאַמע, אַז איך וועל נישט איבערלאָזן אַליין דעם טאַטן און דורך די דראָטן אַדורכגעגאַנגען צו אים. אן ס.ס.־מאַן האָט מיר אין דעם מאָמענט געגעבן אַזאַ זעץ מיט אַ נאַהייקע איבער די פּלייצעס, אַז דאָס קליידל איז געפּלאַצט. עס האָט זיך דאָרט געפונען אַן ס.ס.־מאַן, וועלכער האָט מיך געקענט פון דאָרף, ווייל ער האָט דאָרט געהאַט אַ פאָלוואַרק. ער איז געקומען, כדי אָפּצונעמען די יידן, וועלכע האָבן ביי אים געאַרבעט. איך האָב זיך צו אים געוואָנדן מיט אַ ביטע, ער זאָל אונדז איבערלאָזן מיטן טאַטן. ער האָט גאָרנישט געענטפערט, אָבער שפּעטער האָט ער גערעדט מיט דעם ס.ס.־מאַן אויפן פערד און געהייסן אונדז אַלע איבערגיין אויף דער זייט פון טאַטן.

מיר זענען צוריקגעקומען אין דאָרף אַריין, די אַלע איבערגעבליבענע יידן האָט מען אַרויסגעפירט קיין בעלזשעץ און טרעבלינקי. ווען מיר זענען צוריקגעקומען האָט מען אונדז נישט אַריינגעלאָזט אין אונדזער וווינונג, ווייל אינצווישנצייט האָט עמיץ אַנדערש שוין דאָרט געוווינט. מיר האָבן געוווינט אויפן פאָלוואַרק פון ס.ס.־מאַן, ביי וועלכן דער פאָטער, מוטער און שוועסטער האָבן געאַרבעט. די עלטערן האָבן געאַרבעט אין פעלד און די שוועסטער אין ביוראָ. מיר האָבן באַקומען אַ קליין צימערל, אין וועלכן עס איז נישט געווען קיין פאָדלאָגע נאָר ערד. געלעבט האָט מען פון דעם וואָס מען האט פאַרקויפט. אַזוי האָבן מיר געלעבט ביז אָקטאָבער 1942־טן יאָר. דעמאָלט זענען געקומען צו פאָרן אויפן פאָלווארק ס.ס.־מענער און געהייסן צושטעלן אַלע דאָרט פאַרנומענע יידן קיין גראַבאָוויץ.

מיינע עלטערן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז זיי גייען אויף טויט. איבעריקנס, זיי זענען געווען אויף דעם גרייט, ווייל מען האָט כסדר געהערט וועגן אויסזידלונגען פון די אַרומיקע דערפער.



# נע־ונד

דעם 16טן אָקטאָבער 1939 ווען עס איז פּונקט אויסגעפֿאַלן דער טאָג פֿון שמחת תּורה, אין אַ פֿרייטיק, 2 אַזייגער, האָב איך פֿאַרלאָזט אונדזער שטעטעלע גראַבאָוויץ ביי זייער טרויעריקע אומשטענדן. יענער שמחת תּורה טאָג איז פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ טאָג פֿון טרויער און שרעק. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען צעטומלטע, מיט פּחד אין די אויגן, נישט געוווּסט וואָס צו טון.

די פֿראַגע, וואָס האָט געעגבערט אַלעמענס מוחות איז געווען: בלייבן אין שטעטל אָדער אַוועקפֿאָרן ערגעץ אַנדערש, קיין וואַלין, ווו די דייטשן זענען נאָך נישט געווען.

אַ סך יידן, באַזונדערס יונגוואַרג האָבן טאַקע אַזוי געטון, זענען גלייך אַוועק פֿון שטעטל, אָבער די מערהייט איז געבליבן.

מיינע ברידער, יאַנקעלע און משה זענען אויך געווען צווישן די, וואָס זענען אַוועקגעגאַנגען. מיר האָט שטאַרק באַנג געטון צו שיידן זיך מיט מיינע עלטערן. איך האָב זיי נישט געוואָלט איבערלאָזן אַליין, אָבער זיי האָבן שטאַרק געוואָלט, אַז איך זאָל זיך אַרויסראַטעווען פֿון שטעטל און נישט אַריינפֿאַלן אין די הענט פֿון די דייטשע רוצחים, וועלכע זענען שוין אין יענעם פֿרייטיק געווען אין סקערביעשאָוו, אינגאַנצן איין קילאָמעטער פֿון גראַבאָוויץ.

אַזוי האָט אויסגעזען די שטימונג אין שטעטל יענעם טאָג, ענלעך צו אַ סך אַנדערע יידישע שטעטלעך אין פּוילן, וועלכע האָבן שוין דערפֿילט דעם אָטעם פֿון די דייטשע רוצחים. די וואָס זענען געבליבן האָבן זיך נישט געקענט פֿאָרשטעלן אַז עס קען קומען לעבעדיקע מענטשן אויפֿן געדאַנק צו פֿאַרטיליקן אַלע יידן. ווער־מען האָט געקענט איינפֿאַלן, אַז די דייטשן וועלן אויסאַרבעטן אַזאַ גרויזאַמען פּלאַן פֿון פֿאַרניכטונג און אַלע פֿעלקער וועלן גלייכגילטיק צוקוקן זיך, ווי מען פֿירט דורך אַ שחיטה איבער אַ גאַנץ פֿאָלק?

אָנקומענדיק קיין לודמיר האָב איך געטראָפֿן אַ סך גראַבאָוויצער און אויך יידן פֿון פֿאַרשידענע אַנדערע שטעט און שטעטלעך, וועלכע זענען אַנטלאָפֿן אין גרויס בהלה. אין שטעטל איז נישט געווען ווו איינצוואָרדענען זיך, ס'איז נישט

געווען ווו צו וווינען, די ענגשאַפט איז געווען אין לשער און קיין אויסזיכט אויף צו באַקומען וועלכע עס איז באַשעפטיקונג איז נישט געווען.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער זענען מיינע עלטערן געקומען צו אונדז, אָבער אַזוי ווי זיי האָבן געזען וואָס עס טוט זיך דאָרט, זענען זיי גלייך געלאָפן צוריק אַהיים, אין דער היים, אין וועלכער זיי האָבן געלעבט אַזויפיל צענדליקער יאָרן און דאָרט זענען זיי אומגעקומען.

נישטאָ מיין טאַטע מאָטל און מיין מאַמע מרים, גוטע טרייע עלטערן און האַרציקע מענטשן.

איך בין געבליבן אין לודמיר צוזאַמען מיט מיין ברודער און אַ סך אַנדערע און דאָס איז נישט געווען דערפאַר, ווייל מיר זענען געווען קלוגער, ניכטערער און אויסגערעכנטער פון די, וואָס זענען צוריקגעפאָרן, ווייל אויך מיר האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע געדאַנקען, אָבער געפּרוווט אַלע כוחות און מיט דער גרעסטער עקשנות קלאַמערן זיך אין געדאַנק, אַז אונדז וועט געלונגען איינצו־אָרדענען זיך און נישט דאַרפן אַריינפאַלן צו די דייטשן.

אַזוי האָט געוואָלט דער גורל.

איינמאָל האָבן מיר אַרומדרייענדיק זיך אין דער גאַס און נישט האָבנדיק ווו צו שלאָפן, געפּרוווט זיך איינאָרדענען אין אַ גרויס שויפענצטער פון באַטאַס שיך פאַבריק, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער פאַרנע־גאַס אין לודמיר. דאָס איז געווען די הויפּטגאַס. צוזאַמען מיט אונדז איז אויך געווען שלום שטאַרך, ביי וועלכן איך האָב געלערנט אין שטעטל און ער איז אויך געווען דער מלמד פון מיין טאַטן.

אַלע זענען מיר געלעגן מיט די פיס צו דער גאַס, וואָס איז געווען פולשטענדיק ליידיק און קיינער האָט אונדז נישט געטשעפּעט.

אַזוי זענען אַדורך טעג און נעכט, ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט. נאָך עטלעכע חדשים האָבן די רוסן אונדז געצווינגען אַוועקצופאָרן ווייטער פון דער גרענעץ. טיפער אין רוסלאַנד, ווו מיר האָבן דורכגעמאַכט נויט, קעלט און הונגער. אַ סך האָבן אין די סיבירער טייגעס געפונען זייער טויט.

אין דעם זעלבן וואַגאָן, אין וועלכן מען האָט אונדז געפירט, זענען געווען אויך אַנדערע גראַבאָוויצער. געווען דאָרט אויך ברוך־מרדכי איינעס מיט זיין משפחה, טוביהלע צוקער מיט זיין זון. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין סווערדלאָווסק און מיר זענען דאָרט אַראָפּ אין שטאָט אַריין, געווען דאָרט עטלעכע חדשים און נישט געקענט זיך איינאָרדענען. נאָך אַ געוויסער צייט איז אונדז געלונגען צוריק אַרויסצופאָרן פון דאָרט אין דער ריכטונג פון די געביטן, וואָס האָבן פריער געהערט צו פוילן. עס איז שוין געווען עטוואָס גרינגער

אַפּצוגעפּינען זיך אַן אָרט, אָבער דערנאָך איז געקומען דער אָנפאַל פון דייטשלאַנד אויפן ראַטנפאַרבאַנד און מיר האָבן ווידער געמוזט אַוועק אין גרויס בהלה, ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין קאַווקאַז.

אויך דאָרט האָבן אונדז דעריאָגט די דייטשע עראָפּלאַנען, באָמבאַרדירט און געשאָסן און מיר זענען פון דאָרט אַוועק קיין טאַשקענט. אַ סך יידן זענען געבליבן אין פרונדזע און אין אַנדערע שטעטלעך, נישט ווייט פון דער כינעזישער גרענעץ.

עס איז געווען אַ גרויסע וואַנדערונג. די יידישע פּליטים פון די פּוילישע שטעטלעך האָבן זיך געזוכט אַן אָרט אין ווייטן קאַזאַכסטאַן, אוזבעקיסטאַן, טאַדזשיקיסטאַן, אין אַלמאַ־אַטאַ, אין דזשאַמבול, אַשכאַבאַד, ערטער ווו אַ גאַנץ יאָר איז געווען וואַרעם און עס האָט נישט געדראָט די שרעק פון געפרוירן ווערן אין גאַס, אַזוי ווי עס האָבן עס דורכגעמאַכט די, וועלכע זענען אַוועק אין די סיבירער שטעט און דערפער, אין טשעלאַבינסק, אָמסק, צי אפילו אין קויבישאָוו, קאַזאַן א. א. מיר זענען דורכגעפאָרן די אַלע שטעט, געווען אין מאָסקווע, געפאָרן איבער דער וואָלגע, איבער צענדליקער שטעט און שטעטלעך און אומעטום געזוכט גוט צו פאַראַנקערן זיך אויף איבערצולעבן די מלחמה.

נאָך אַ געוויסער צייט האָב איך פאַרלוירן מיינע ברידער. ערשט ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט זענען מיר צוריקגעקומען קיין פּוילן, ווו די ערד איז דורכגעזאַפּט מיט יידישע בלוט, וואָס האָט געשריגן צו אונדז, גערופן נקמה און דערמאָנט אין די מוראדיקע רציחות, וואָס די דייטשן האָבן דורכגעפירט ביי דער מיטהילף פון די פּאַליאַקן.

איצט האָבן די פּאַליאַקן געשריגן צו אונדז:

"זשידעס, די זשידעס זענען ווידער דאָ... ווידער זענען זיי געקומען פאַר־אומרייניקן אונדזער לאַנד". עס איז געווען שנאה מיט פּחד צוזאַמען. זיי האָבן מורא געהאַט, אַז מיר זענען געקומען אויפמאָנען דעם רויב, וואָס זיי האָבן אָנגעראַבעוועט ביי אונדזערע דערמאָרדעטע עלטערן און ברידער.

די שנאה האָט געשמיסן און געטריבן ווי מיט בייטשן. פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ נישט וואָס צו טון, אַז מיר מוזן אַוועק וואָס ווייטער פון דער בלוטיקער פּוילישער ערד.



# אין סאוויעטישן לאגער

דער גרעסטער יום־טוב אין לאַגער איז געווען ווען מען האָט אונדז געפירט אין באָד אַריין. אין די ערשטע צייטן האָט דער בריגאַדיר געפלעגט אונדז פירן, אָבער דערנאָך זענען מיר שוין געוואָרן זעלב־שטענדיקער און אַליין געגאַנגען אַהין. צופיל וואַשן זיך האָט אַרויס־גערופן דעם פאַרדאַכט פון נאַטשעלסטוואָ און מען האָט דעריבער געדאַרפט פירן אַ חשבון מיטן גיין אין באָד אַריין, נישט איבערצוכאַפּן די מאָס.

יעדעסמאָל גיין אין דער באַניע אַריין איז געווען באַגלייט מיט פאַרשידענע צרות. גאַנץ אָפט האָט מען געדאַרפט אויסשטיין קאַלטס און וואַרעמס, מער קאַלט ווי וואַרעם, ווייל פשוט דערפאַר, וואָס וואַרעם וואַסער האָט שטענדיק אויסגעפעלט. אין סאַמע מיטן באָדן זיך האָבן די פאַרזשאַווערטע קראַנען אויפ־געהערט צו אַרבעטן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן געשרייען און דעמאָלט איז אַריינ־געקומען די אויפּרוימערין וואָס האָט זיך גאַנץ ווייניק געמאַכט פון דער אָנוועזנהייט פון די נאַקעטע מענער און אָנגעזאָגט די בשורה:

"טוט זיך אָן און גייט אַהיים, נישטאָ קיין וואַסער, דער קעסל אַרבעט נישט".

די באַניע, צו וועלכער אונדזער אַרבעטס־לאַגער איז געווען צוגעטיילט, האָט פאַרנומען אַ הילצערן הייזל, וואָס האָט זיך געפונען בערך אַ מייל פון אונדזער אַרבעטס־פּלאַץ. דער קאָמין פון דער באַניע האָט אַרויסגעשטאַרט ווי אַ טורעם און האָט זיך אָנגעזען פון גאָר ווייט. ווען עס האָט פון אים געשלאָגן אַ געדיכטער שוואַרצער רויך, האָבן אַלע געוווּסט, אַז דער קעסל איז אונטערגעהייצט און עס איז דאָ הייס וואַסער. עס איז דאַן געוואָרן פריילעכער אויפן האַרצן.

די באַניע האָט פאַר יעדן פון אונדז געהאַט אַ צוציאונגס־קראַפט. קודם־כּל איז מען עטלעכע שעה געווען באַפרייט פון דער אַרבעט, אָבער דער עיקר טאַקע איז געווען דאָס אָפּוואַשן זיך.

די פּראָצעדור פון באָדן זיך איז געווען גענוג קאָמפּליצירט. צום ערשט האָט מען געדאַרפט וואַרטן אין דער ריי עטלעכע שעה ביז מען איז אַריינגעקומען אין

דער באַניע. ווען מען איז שוין געווען אינעווייניק האָט מען ווידער, שוין נאַקעטער־הייט געדאַרפט וואַרטן אין דער ריי אויף די הילצערנע שעפּעלעך, וואָס האָבן געניצט צום שעפּן וואַסער. לויט די פאָרשריפטן האָט יעדער געהאַט דאָס רעכט צו האָבן פאַר זיך אַליין אַ שעפּל, אָבער עס איז קיינמאָל נישט דערגאַנגען דערצו און עס איז קוים געווען איין שעפּל אויף צוויי מענטשן. מיט יעדן טאָג איז די צאָל שעפּלעך געוואָרן קלענער און מען האָט דערפאַר געדאַרפט לענגער וואַרטן.

גייענדיק אין באָד אַריין האָט מען געמוזט מיטנעמען מיט זיך דאָס שטיקל ברויט, כדי מען זאָל עס נישט צוגנבענען, אָבער אויך אין באָד איז מען נישט געווען פאַרזיכערט קעגן גנבות. וויפל מען האָט עס נישט איינגעוויקלט אין העמד און אין די הויזן, וואָס מען האָט אויסגעטון צום באָדן זיך, האָט עס נישט געהאָלפן און דערפאַר האָט מען בעתן וואַשן זיך געמוזט כסדר האַלטן אַן אויג אויפן אָנטועכץ.

דאָס באָד האָט גלייכצייטיק געניצט ווי אַ בערזע פאַרן האַנדל מיט טאַבאַק און מאַכאָרקע, וואָס איז געווען מיט גאָלד צו גלייך. טייל זענען גרייט געווען אַוועקצוגעבן דעם לעצטן ביסן ברויט פאַר אַביסל טאַבאַק, מאַכאָרקע, וואָס מען האָט געוויקלט אין צייטונגס־פּאַפּיר. אַזוי ווי עס איז געווען אַ מאַנגל אין פּאַפּיר האָט מען געהאַנדלט אויך מיט פּאַפּיר. פאַר אַ שטיקל "פּראַוודאַ" האָט מען געצאָלט מיט ברויט.

אין באַניע האָט מען אויך געכאַפּט אַ שמועס איבער פאַרשידענע ענינים, אָבער תמיד האָט מען געמוזט זיין פאָרזיכטיק מיט יעדן וואָרט.

די גרעסטע אַטראַקציע אינעם באָד איז געווען דער באַק־אויוון, אין וועלכן מען האָט אַריינגעוואָרפן די מלבושים אויסצופאַרעוועון זיי. דערנאָך האָט די הייצערין זיי אַרויסגעוואָרפן אויף דער ערד און יעדער האָט זיך אויסגעקליבן פון דער קופּע זיינע מלבושים. ווען איך בין אַמאָל צוגעגאַנגען צום אויוון אָפּצונעמען מיינע אויסגעפאַרעוועטע מלבושים, האָב איך געפונען בלויז מיין פופייקע, די הויזן זענען נישט געווען. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ זוכעניש, אָבער אומזיסט, די הויזן זענען פאַרפאַלן געוואָרן ווי אין וואַסער אַריין.

וואָס טוט מען אין אַזאַ מצב? מעלדן וועגן דעם דעם נאַטשאַלניק פון דער באַניע האָט נישט געהאַט קיין צוועק, עס וועט זיך בלויז אָנהייבן אַ געשיכטע מיט פּראָטאָקאָלן, רופן, פאָרשן און עס קען נאָך דערגיין צו אַ פּראָצעס, כ'וועל דאַרפן צושטעלן עדות, אַז איך בין געקומען אין דער באַניע אָנגעטון אין הויזן...

פון מיין קאַטאַסטראָפאַלער לאַגע האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט איינער פון די, וואָס האָבן זיך צוזאַמען מיט מיר געבאָדן. ער האָט מיר געבאָרגט זיינע הויזן, אַז איך זאָל קענען גיין אַהיים. אין מיין זיעמיאַנקע. פאַרן דאָזיקן גמילות חסד,

האָב איך באַצאָלט מיט אַ שטיקל זייף, וואָס כ׳האָב געקריגן אין באַניע און האָב עס נישט גענוצט, ווייל עס האָט אויסגעפעלט וואַסער...

פאַר מיר איז געבליבן אַ רעטעניש, ווי אַזוי יענער איז אַהיימגעגאַנגען. ערשט שפּעטער האָב איך זיך געכאַפּט, אַז ער איז מסתמא אַהיימגעגאַנגען אין מיינע הויזן.

בכלל האָב איך צו די באַניעס אין סיביר נישט געהאַט קיין גרויס מזל, אויב מען האָט ביי מיר נישט צוגעגנבעט דאָס אָנטועכץ, האָט מען ביי מיר צוגעגנבעט דאָס שטיקל זייף. ווען איך האָב זיך אויסגעקליבן אַ שותף צום שעפּל, בין איך שטענדיק אַריינגעפאַלן, קיינמאָל נישט געטראָפן קיין ערלעכן שותף. אַן אַנדער מאָל האָב איך אָנגעטון אַ פּאָר פרעמדע וואַלענקעס, וואָס זענען געווען אין אַ פיל ערגערן מצב ווי מיינע, אָבער צוליבן דאָזיקן טעות זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיך באַשולדיקט אויך אין אַנדערע גנבות, וואָס זענען פאָרגעקומען אין באָד.

איינמאָל בין איך אין באַניע געווען אַ קרבן פון אַ סקאַנדאַל, וואָס ס׳האָט אַרויסגערופן מיין שותף צום שעפּל. מיר האָבן געאַרבעט צוזאַמען אויף דער באַן־ליניע און איך האָב געוווסט, אַז ער איז אַן אַנטיסעמיט, אַ סקאַנדאַליסט. ער האָט עטלעכע מאָל אָפן גערופן מיך: ״זשיד״. איצט האָט ער אויסגענוצט אין דער באַניע די געלעגנהייט, פאַרכאַפּט דאָס שעפּל און געהאַלטן אַזוי לאַנג ביז עס האָט אויסגעפעלט וואַסער. זינט דעמאָלט בין איך געוואָרן זייער פאָרזיכטיק ביים צוקלויבן זיך אַ שותף צום שעפּל. דאָס האָט לאַנג נישט געדויערט, ווייל נאָך עטלעכע חדשים איז שוין אין באָד נישט געווען קיין איין שעפּל. זיי זענען אַלע געוואָרן צעגנבעט און פאַרקויפט אויפן אָמסקער באַזאַר.

ענדלעך האָט דער שווערער סיבירער ווינטער גענומען גיין צום סוף, די געדיכט־אָנגעשאָטענע שנייען האָבן אָנגעהויבן צעגיין און פאַרוואַנדלט זיי אין בלאָטיקע וואַסערן, אין וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו טאַפּטשען מיט מיינע וואַלענקעס. זיי זענען געוואָרן דורכגעזאַפּט מיט דער בלאָטע און באַלד פאַרטרינקט און פאַרשטיינערט. די פיס האָבן אַלץ מער גענומען פילן די שווערע משא, וואָס איז געווען איבער מיינע כוחות צו שלעפּן. גיין יעדן טאָג צו דער אַרבעט, אַהין און צוריק.

אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר ביים אַריינגאַנג אין דער גאָרקיך, געלייענט אַ מעלדונג וואָס איז געווען געשריבן מיט ווייסן קרייד, אַז פון היינט אָן מוז מען ביים אַריינקומען אין גאָרקיך אויסזען לייטיש, אויפפירן זיך ״קולטורנא״, אָפּהיטן שיינע מאַניערן.

די דאָזיקע מעלדונג האָט זיך נישט געקלעפּט נישט צו אונדזער אויסזען און נישט צום אויסזען פון דער קיך גופא, ווו דער עס־זאַל איז שטענדיק געווען אָנגערויכערט מיט מאַכאָרקע און עס האָט געשלאָגן אַ ריח פון פוילעניש. די

טישלעך זענען שטענדיק געווען נאַקעט. דאָס געפּעס איז באַשטאַנען פון בלעכענע שיסלעך און הילצערנע לעפל. אויף דער פּאָדלאָגע זענען שטענדיק געווען אָנגעוואָרפן נישט דערדוויכערטע שטיקלעך מאַכאָרקע פּאַפּיראָסן די מענטשן ביי די טישלעך זענען געווען אָפּגעריסן און שמוציק. יענע מעלדונג האָט דערפּאַר אויסגעזען ווי אַ חוזק ווי מיט אַ כוונה אָפּצוחוזקן פון די מענטשן.

אין דער לאַגער גאָרקיך איז נישט געווען קיין באַדינונג און מען האָט געדאַרפט שטיין אין אַ לאַנגער ריי ביים פענצטערל פון דער קיך, ווו מען האָט באַקומען דאָס שיסעלע מיט זופּ. מיר האָט אָבער אָפּגעגליקט, אַז איך בין צוגעטיילט געוואָרן צייטווייליק צו אַ בעסערער גאָרקיך, מיט באַדינונג. די דאָזיקע פּריווילעגיע האָב איך באַקומען נאָכן אָפּפירן זיך די הענט און בין געווען פאַרעכנט אַלס קראַנקער. שפּעטער האָט מען פאַרגעסן צוצונעמען ביי מיר די דאָזיקע פּריווילעגיע. זיצנדיק ביים טיש האָב איך געוואָרט די באַדינערין זאָל צוקומען צו מיר, אָבער ווען דאָס האָט אַביסל צו לאַנג געדויערט, איז פאַר מיר געווען קלאָר, אַז זי זעט מיך און דאָך קומט זי נישט צו דערלאַנגען דאָס עסן, האָב איך גענומען טראַכטן, אַז דאָס איז אפשר אַ רעזולטאַט פון דער נייער מעלדונג, כאָטש מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיינע מלבושים זענען נאָך אין אַ "קולטורעלן" צושטאַנד. דורך דער וואַטעווער פופייקע האָט דאָך קיינער נישט געקענט זען, אַז איך האָב נישט קיין העמד אויפן לייב.

ענדלעך האָב איך דעצידירט צו ווענדן זיך צו איר און העפלעך געפרעגט, ווען עס וועט קומען מיין ריי צו באַקומען די זופּ. זי האָט מיר גאַנץ אָפיציעל געענטפערט :

"איר וועט נישט באַקומען, ווייל איר פירט זיך נישט אויף קולטורעל, ווי עס פאָדערט דער נייער פּריקאַז... איר טאָרט נישט זיצן ביים טיש מיטן רעקל. עס איז נישט "קולטורנאַ".

כ'האָב זיך געפּרוווט פאַרטיידיקן דערמיט, וואָס איך האָב נישט קיין רעקל הינטער דער פופייקע. זי איז געווען איינגעשפּאַרט און נישט געוואָלט אָפּטרעטן פונעם פּריקאַז.

איך האָב גענומען אַפּעלירן צו איר, זי זאָל דאָסמאָל מאַכן פאַר מיר אַן אויסנאַם, ווייל אויב איך וועל אויסטון די פופייקע, וועל איך נאָך אויסזען ווייניקער קולטורנאַ.

זעענדיק אָבער, אַז מיינע רייד וועלן גאָרנישט העלפן, האָב איך האַסטיק אַראָפּגעוואָרפן פון מיר די פופייקע און בין געבליבן זיצן אָן אַ העמד, האַלב באַקעט. דאָס האָט געהאָלפן און איך האָב באַקומען מיין פּאָרציע זופּ.

## אזוי האָבן מיר געדאַוונט

דאָס קליינע שטעטל, וווהין איך בין פאַרוואָגלט געוואָרן אויף מיינע וואַנדער־וועגן אין ראַטנפאַרבאַנד, ליגט צווישן בראשיתדיקע געדיכטע טונדרעס, וואָס ציען זיך אויף הונדערטער קילאָמעטער. אין דאָזיקן וואַלד בין איך אַמאָל אַוועק אין אַ נאָענטן קאָלכאָז אויסטוישן אַן אַנצוג אויף אַ ביסל מעל. פאַרן דאָזיקן פאַרברעך האָט מען מיך געשטעלט פאַר אַ געריכט. עס האָט מיר געדראָט אַ שווערע שטראָף, נאָר אַדאַנק דעם וואָס איך בין געווען אַ סטאַכאַנאָוויעץ האָט מען מיך באַפרייט.

מיין אַרבעט אין יענעם געדיכטן וואַלד איז באַשטאַנען פון פאָרן מיט אַ פאָר פערד און אַרויספירן די שווערע קלעצער. כ'האָב געפלעגט אַרבעטן אין די שווערסטע פרעסט און די גרויסע היצן, ביי אוממענטשלעכע באַדינגונגען און דערצו אויך אין גרויס איינזאַמקייט.

עס איז געווען סוף אויגוסט. אין וואַלד איז שוין געווען טיפער האַרבסט. דער רעגן האָט אומברחמנותדיק געפלייצט, די בלאָטעס זענען געווען טיפע און עס איז געווען שווער אַרויסצוקריגן זיך פונעם שטעטל אין וואַלד אַריין. געוווינט האָב איך אין אַ פערד־שטאַל, ווו עס איז געווען אַן אָפּגעצוימטס קעמערל פאַר די פערדישע מכשירים. דאָרט האָט מען אַוועקגעשטעלט אַ הילצערן בעטל, אויף וועלכן איך בין געשלאָפן.

אין יענער צייט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז עס רוקן אָן די ימים־נוראים, אָבער ווען עס פאַלט אויס ראש השנה האָב איך נישט געוווּסט, קיין לוח האָב איך נישט געהאַט און קיין ייד האָב איך נישט געזען פאַר די אויגן.

איך האָב אָבער געוווּסט, אַז אין שטעטל זענען פאַראַן עטלעכע צענדליק פּליטים פון אוקראַינע און ווייסרוסלאַנד, אָבער איך האָב נישט געוווּסט ווו מען קען זיי געפינען. צוצוגיין אין דער גאַס צו אַ פאַרבייגייער, מיט אַ יידיש אויסזען און רעדן מיט אים וועגן ראש השנה, איז געווען אַ גרויסע ריזיקע. דאָס האָט געקענט באַטראַכט ווערן ווי אַ פּראָוואָקאַציע.

דאָך בין איך אַוועק אויפן מאַרק, ווו עס איז אָנגעגאַנגען דער האַנדל־וואַנדל אין אַ נעבעכדיקן מאַסשטאַב, מען האָט פאַרקויפט ברויט, ציבעלעס, קאַרטאָפל, פאַפּיראָסן, אַ שטיקל זייף, פאַר גאָר הויכע פרייזן. איך האָב זיך אַרומגעשלייכט איבערן מאַרק, איינגעקוקט זיך אין די פּנימער און פלוצים איז פאַר מיר אויס־געוואַקסן אַ זקן, הויכגעוויקסיק, אַן איידל פּנים, אָנגעטון אין ריינע מלבושים. ער האָט זיך באַוועגט פּאַוואָליע, אָנגעשפּאַרט אויף אַ שטעקן. פאַר מיר איז געווען קלאָר, אַז דאָס איז אַ ייד, אַ פּליט און בין דערפאַר צוגעגאַנגען צו אים, באַגריסט אים אין רוסיש. ער איז אַ מינוט געבליבן שטיין, באַטראַכט מיך און גלייך

געענטפערט מיר אין אַ לעבעדיקן יידיש: ״שלום עליכם, ר׳ ייד. פון וואַנען קומט אַ ייד?״

אַ וואַרעם געפיל האָט מיך אַרומגענומען. פון יענעם ייד האָט געאָטעמט מיט ליבהאַרציקייט און נאָענטקייט. אין געציילטע מינוטן זענען מיר געוואָרן גוטע פריינט. איך האָב אים בקיצור דערציילט פון וואַנען איך קום און ער האָט מיר איבערגעגעבן אַז ער איז אַ ביזשעניעץ פון אָדעס, וווינט דאָ מיט זיין פרוי און זיין גאַנצער משפחה. ער האָט מיר פאַרגעשלאָגן איך זאָל אַריינקומען צו אים, ווייל אויפן מאַרק איז נישט באַקוועם צו שמועסן. ער האָט צוגעגעבן:

״איר האָט אפשר אַ באַזונדערן ענין צו מיר?״

״יאָ, איך האָב — האָב איך שטילערהייט געענטפערט.

ער האָט פון אָנהויב געמיינט, אַז עס האַנדלט זיך וועגן עפּעס קויפן אָדער פאַרקויפן, אָבער ווען איך האָב אים געזאָגט, אַז מיר גייט אין געפינען אַ מנין צו דאַווענען ראש השנה, האָט זיין פּנים אויפגעלאכטן און ער האָט קאַטעגאָריש געבעטן מיך איך זאָל אַהיימקומען צו אים און טאַקע גלייך געגאַנגען מיט מיר. עס איז געווען נישט ווייט, אַ נידעריק הייזל מיט צוויי קליינע האַלב־פינצטערע צימערלעך.

אַריינקומענדיק אין שטוב האָט ער זיך גלייך געוואָנדן צו זיין פרוי:

״דבורה, קיין סחורה האָב איך היינט אויפן מאַרק נישט איינגעהאַנדלט, דערפאַר האָב איך אָבער געפונען אַן אמתן ייד פון פּוילן״.

דבורה, אַ זקנה מיט גוטע מילדע אויגן אין איר געאַקערט פּנים, האָט אויס־געדופן מיט גרויס שמחה:

״אַ אַזאַ גאַסט! קומט, זעצט זיך צום טיש, מיר וועלן עפּעס אָפּעסן״.

זי האָט דערלאַנגט ברויט, אַביסל קאַרטאָפל געפּרעגלט אין פעטס, אַ שטיקל הערינג. איך האָב שוין לאַנג נישט געגעסן אַזאַ רייכע סעודה.

ביים עסן האָבן מיר גערעדט וועגן תכלית. די מענטשן האָבן זיך אַרויסגעוויזן פאַר פרומע און אָפּגעהיטענע יידן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן טאַקע ביי אים אין שטוב דעם מנין. אין שטעטל זענען געווען אַרום דרייסיק יידישע משפחות. מיין גאַסטגעבער האָט געגלויבט, אַז עס וועלן נישט זיין קיין שטערונגען, ווייל זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה איז די אַנטי־רעליגיעזע ליניע געווען נישט אַזוי שטרענג. ער האָט געגלויבט, אַז עס וועט געלונגען צונויפצונאַמלען אַן אָנדערטהאַלבן מנין יידן, וואָס וועלן זיכער קומען צום ראש־השנהדיקן דאַווענען.

דער אַלטער אָדעסער ייד האָט געהאַט ביי זיך אַ געשריבענעם לוח און מיר האָבן שוין געוווּסט ווען עס פאַלן אויס ביידע טעג ראש השנה. ער האָט גענומען אויף זיך צוצוגיין צו די יידן און דורכשמועסן זיך מיט זיי. מיר האָבן

אָפּגעשטימט צו טרעפֿן זיך אין עטלעכע טעג אַרום, אָבער ווען מיר האָבן זיך באַגעגנט, האָב איך גלייך באַמערקט ווי זיין פּנים אין פֿאַרצויגן מיט אַן אומעטיקן וואָלקן. ער האָט מיר טאַקע באַלד געזאָגט:

״ניין, מיר וועלן נישט האָבן קיין מנין. יידן האָבן מורא״.

ער האָט מיר דערציילט, אַז די יידן, וואָס האָבן זיך דאָ איינגעאָרדנט אויף אַרבעט, האָבן פּשוט מורא צו פֿאַרלירן די פּרנסה. עס זענען אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אים ממש אַרויסגעטריבן ער זאָל זיי נישט פֿאַרדרייען קיין קאָפּ מיט יידישקייט און יידישע יום־טובים.

אַ צעבראָכענער האָט ער מיר פֿאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן דאַווענען אין דרייען צוזאַמען מיט זיין פֿרוי. ער האָט אין שטוב אַ מחזור, אַ סידור, אַ טלית.

אין יענע ראש־השנהדיקע טעג איז אין שטעטל געגאַנגען אַ שלאַקס־רעגן. אין אָוונט האָט עס אָן אויפהער געקלאַפּט איבערן דאַך, אין די פֿענצטער. ביי די זקנים אין שטוב האָבן אויפֿן טיש געברענט צוויי ליכט און אַלע דריי האָבן מיר געדאַווענט פֿון איין מחזור מיט גרויס דביקות און התלהבות:

״ובכן תן פּחדך...״

די אַלטע פֿרוי פֿון אדעס איז געשטאַנען איבערגעבויגן איבערן מחזור און טרערן האָבן געשטראָמט פֿון אירע אויגן.

אַ טיפֿער ווייטיק האָט געקלעמט מיין האַרץ.

אַזוי האָבן מיר געדאַווענט די ימים־נוראימדיקע תּפֿילות אין יענעם ווייטן סיבירער שטעטל.

## מיט מיין גראַבאָוויצער מלבוש אין ווייטן רוסלאַנד

ווען כ׳בין אַוועק פֿון גראַבאָוויץ, אַנטלויפֿנדיק פֿאַר די נאַציס, האָב איך אין איילעניש געכאַפּט אויף זיך מיין צייגן כאַלאַטל, וואָס האָט מיך באַגלייט די גאַנצע צייט פֿון מיין וואַנדערן איבערן ווייטן סיביר. דאָס כאַלאַטל האָט מיר געדינט אין אַ סך נויטן, אין רעגנס און שניי־זאַווערוכעס. אין די גרויסע פֿרעסט האָט עס מיר געדינט ווי אַ פֿוטער. ביים שלאָפֿן אויף דער הוילער ערד, איז עס געווען מיין צודעק. נישט איינמאָל האָט געטראָפֿן ביים וואַנדערן פֿון איין אָרט צום אַנדערן, אַז איך האָב געמוזט אַראָפּנעמען פֿון זיך דאָס כאַלאַטל און איינוויקלען אין אים מיין ביסל האָב און גוטס, געטראָגן עס ווי אַ פּעקל אויף מיינע פּלייצעס.

אין סיבירער אַרבעט־לאַגער הינטער אָמסק איז פֿאָרגעקומען די דראַמאַטישע צעשיידונג מיט מיין אויסגעדינטן מלבוש, דאָס גראַבאָוויצער כאַלאַטל, וועלכן עס איז באַשערט געווען צו טיילן מיט מיר מיין שטורעמדיקע פֿאַרגאַנגענהייט.

עס איז שוין דורך אַ האַלב יאָר זינט איך האָב זיך געפונען אין סיביר, געווען שוין כמעט אַ תושב, דורגעמאַכט אַ שווערן ווינטער ביים בויען די נייע סיבירער באַן־ליניע, געשטאַנען גאַנצע טעג הינטערן פרייעם הימל און געגראָבן מיט דער לאָפּאַטע די פאַרפרוירענע ערד, אויסגעלייגט די רעלסן.

איך מוז מודה זיין, אַז קיין גרויסער סטאַכאַנאָוויעץ בין איך נישט געווען, עפּעס איז מיר נישט געראָטן דער זיווג מיט דער לאָפּאַטע, כאָטש כ׳האָב זיך מיט איר נישט צעשיידט אפילו אין די גרעסטע פרעסט, צו וועלכע עס איז מיר נישט געווען גרינג צוגעוווינען זיך. כ׳בין לגמרי נישט געווען זיכער, צי די רעלסן, וועלכע איך האָב פאַרלייגט זענען פון אויסגעצייכנטער קוואַליטעט, כ׳וואָלט אפילו מורא געהאַט צו פאָרן מיט דער ערשטער באַן אויף יענע רעלסן, וואָס איך האָב געלייגט.

מען האָט אונדז כסדר איבערגעוואָרפן פון איין לאַגער צו אַן אַנדערן, פון איין דירה אין דער אַנדערער. אַלע זענען זיי באַשטאַנען פון באַראַקן, אין וועלכע מען האָט געוווינט אין גרויס ענגשאַפט. דער ערשטער באַראַק אין אָמסק האָט מיר שפּעטער אויסגעזען ווי אַ פּאַלאַץ. שפּעטער איז מיין ״דירה״, געווען אין אַ טיפן קעלער, צו וועלכן עס איז קיינמאָל נישט דערגאַנגען קיין טאָג־ליכט. אמת, דאָס האָט אונדז ווייניק געאַרט, ווארום סיי־ווי־סיי זענען מיר קיינמאָל בייטאָג נישט געווען אין דער היים. צו דער אַרבעט זענען מיר אַרויס אין פריען באַגין, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער. צוריקגעקומען זענען מיר שפּעט אין אָוונט, אַריינגעקומען אין פינצטערן אייז־קאַלטן קעלער, ווו אויף די ווענט זענען געהאַנגען שטיקער אייז. דאַן האָט מען זיך גענומען איינצוהייצן דאָס ליימענע אייוועלע און די ווענט האָבן אָנגעהויבן אויפטייען, גענומען וויינען מיט אייזיקע טרערן.

קיין טיר איז אין קעלער נישט געווען. דורך דער עפענונג האָט די זאַווערוכע אַריינגעיאָגט דעם געדיכטן שניי, וואָס איז געפאַלן אינדרויסן. דערפאַר האָט יעדער פון די 10 קוואַרטיראַנטן אין יענעם קעלער געדאַרפט האָבן דיזשור. יעדע נאַכט אַן אַנדערער. די פליכטן זענען געווען: צו זיין וואַך אַ גאַנצע נאַכט, אָפּהיטן, אַז דאָס פייער אין אייוועלע זאָל נישט אויסגיין און אויסקערן דעם שניי, וואָס דער ווינט האָט אַריינגעיאָגט אַ גאַנצע נאַכט.

עטלעכע מאָל האָבן מיר געמאַכט פּרוּוון צו פאַרשטעלן די עפענונג מיט ברעטער, אָבער אַזאַ מין באַריקאַדע האָט לאַנג נישט אויסגעהאַלטן, ווייל באַלד האָט אויסגעפעלט האָלץ צום הייצן און מיר האָבן געמוזט צעהאַקן די ברעטער און זיי וואַרפן אין פייער אַריין.

איידער עס האָט נאָך אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג האָט מען שוין געמוזט

שטיין אויף די פיס, פֿאַרלאָזן דעם קעלער און לויפֿן צו דער גאַרקיך, כּדי צו באַווייזן פֿאַרכאַפּן די פֿאַרטאָגיקע זופּ.

פֿון דער גאַרקיך איז מען גיך געלאָפֿן צו דער אַרבעט ביים פֿאַרלייגן די נייע באַן־ליניע. דער פֿראָסט האָט געבריט און געשניטן און איך האָב זיך איינגעטוליעט אין מיין צייגן כאַלאַטל, וואָס האָב באַוויזן צו פֿאַרכאַפּן אין גראַבאַוויץ.

אין איינעם אַ טאָג איז געשען דאָס גרויסע גליק און עס איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מיט מלבושים, וואַרעמע אוניפֿאָרמען פֿאַר די אַרבעטער פֿונעם לאַגער. די אָנגעקומענע מלבושים האָבן נישט געקלעקט פֿאַר אַלע אַרבעטער און איך האָב געהערט צו די גליקלעכע, ועמען דאָס מזל האָט צוגעשפּילט צו באַקומען די באַקליידונג, וואָס איז באַשטאַנען פֿון אַ פֿופֿייקע, אַזאַ רעקל אויסגעבעט מיט וואַטע; וואַטענע הויזן, וואָס האָבן מיר דערגרייכט ביז צו די קני און אַ פֿאָר וואַלענקעס, וואַרעמע פֿילצענע שטיוול.

אָנגעטון אין די מלבושים האָב איך דערפֿילט ווי עס נעמט מיך אַרום אַ ליבע וואַרעמקייט, אָבער אָט האָב איך זיך אָנגעקוקט. אַלע זענען זיי געווען שניי ווייס און איך האָב זיך דערשראָקן פֿאַרן געפֿיל ווי כ׳וואָלט אָנגעטאָן תּכריכים. דאָס האָט געדויערט נישט מער ווי געציילטע מינוטן. טויטערהייט האָב איך זיך דערפֿילט לעבעדיקער, דער עיקר, ס׳איז מיר געווען וואַרעם. מיינע געפֿרוירענע גלידער. פֿון גרויס פֿרייד האָב איך נישט געלייגט קיין אַכט, אַז דער אויסשטייער איז נישט אויף מיין מאָס, די פֿופֿייקע איז געווען צו ברייט, די הויזן — צו קורץ און ענג און די וואַלענקעס צו גרויס. דאָס אַלץ האָט אָבער נישט געשטערט, אַז איך זאָל זיך פֿילן ווי אַן איבערגעטוענער אין יום־טובדיקע מלבושים. דאָס יום־טובדיקע געפֿיל האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. פֿון דער שווערער אַרבעט, אין שניי־זאַווערוכעס און פֿרעסט, זענען די מלבושים גיך אָפּגעטאָגן געוואָרן און פֿאַרלוירן זייער ווייסע קאָליר. ערטערווייז זענען אַריינגעפֿאַלן לעכער, וואָס זענען אויסגעבערענט געוואָרן פֿון די מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן.



## בדם ואש

— — — מעט מאוד מבני גרבוביץ זכו להשתתף במלאכת הקודש של הנקם והשילם על רוצחי עמנו, אולם תיאורי הפרטיזאנים ארליך, שיסלר והוסטיק מהווים נדבך חשוב לקורות המאבק היהודי נגד הגרמנים הנאצים בהסתערותם על המוני בית ישראל להשמידם ולכלותם. קשה ומר היה המאבק הפארטיזאני בכללותו, רבו קרבנותיו, ביחוד בין הלוחמים היהודיים וביניהם גם אנשי גרבוביץ, שאין בידינו כל ידיעות עליהם, מלבד שעמדו בכבוד ובגאון במאבקם ביער ובחזיתות, בעלי דרגות צבאיות שונות. ועלינו להדגיש, כי צעירים רבים מגרבוביץ חיפשו מגע עם הפארטיזאנים, ואמנם מעטים היו אלה שזומן להם מבוקשם, רבים מצאו את מותם בדרכם ליער, וחבל שכה דל הוא החומר עליהם. אך עם עיון ברשימותיהם של דוד ארליך ושל איטה שיסלר מתברר התפקיד החשוב, שמילאו הלוחמים היהודים במאבק הפארטיזאני הנרחב. לא היה אף תחום אחד במסכת מעלליו של המחנה הפארטיזאני הלוחם, שלא ניכר בו מעשה־העזתו של הפארטיזאן היהודי, צעיר וצעירה, שהיו מסורים כל כולם למלחמה באויב הנאצי — הן כלוחם ממש והן בשירותים אחרים למען הלוחמים ביערות.

— — — זאת היא פרשה מליאת הוד ותפארת־גבורה, שהוסיפה כבוד ועוז לא רק ללוחמים, אלא גם לקיבוץ היהודי כולו — נוכח השואה, שאין כמותה בדברי ימי העם.

— — — הלוחמים הגרבוביצאים — ארליך, שיסלר הוסטיק — רק בקווים תמציתיים הם כותבים קורות פעלם המבורך במלחמתם ביער ובחזית, ולא מעט ממעשי־גבורתם לא נרשמו עדיין כלל, אך המעט הזה מעיד עליהם ועל אחרים, שלא הלכו כצאן לטבח. ברשימותיהם מצטיירת הגבורה לא רק בדמות כוח גופני על־אנושי, כי אם גם הכוח הרוחני כתנאי לרמת לחימה מעולה. וכן ראוי ללמד מהם על סגולות־הנפש ועולם־הערכים של בני גרבוביץ, המעיינות מהם שאבו את הגבורה והעזוז.

העורך

דוד ערליך

# אין געראַנגל מיטן שונא




י לעצטע טעג ערב דעם אַנפֿאַל פֿון היטלער־דייטשלאַנד אויף פּוילן, סעפּטעמבער 1939, זענען געווען אַ קאַשמאַר. יידן אין גראַבאָוויץ האָבן גוט געוווּסט, אַז מער פֿון אַנדערע וועלן אין אַ מלחמה ליידן די יידן. מען האָט שוין געוווּסט, וואָס די היטלעריסטן האָבן באַוויזן צו טון מיט די יידן אין דייטשלאַנד און וואָס זיי האָבן פֿאַרויסגעזאָגט צו טון מיט אַלע יידן און דאָס איז גענוג געווען, כדי אַנצוּוואַרפֿן אַ פּחד, וועלכער איז געשטיגן פֿון טאָג צו טאָג.

דער טאָג, פֿאַר וועלכן מען האָט זיך אַזוי געשראָקן, איז אָנגעקומען. פֿרייטיק פֿאַרטאָג, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939 איז דייטשלאַנד באַפֿאַלן פּוילן. דייטשע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט שטעט און שטעטלעך. אין גרויס פּחד האָבן די יידן אין גראַבאָוויץ אויפֿגענומען די ידיעות וועגן די נצחונות פֿון די דייטשן. די פּוילישע מאַכט האָט באַוויזן צו מאָביליזירן בלויז געציילטע מענטשן אין שטעטל. אין שטעטל גופֿא האָט מען נאָך נישט אַזוי שטאַרק געפֿילט דעם אויסברוך פֿון דער מלחמה. אין די ערשטע טעג האָט מען נישט געזען קיין דייטשן זעלנער. מען האָט זיך נישט גערעכנט, אַז די פּוילישע מאַכט זאָל זיך אַזוי שנעל איינברעכן, אָבער שוין ערב יום־כּיפּור זענען דערגאַנגען ידיעות וועגן שלאַכטן, וואָס גייען אָן ביי זאַמאָשטש און מען האָט געברענגט אין דער פֿאָלקס־שול אַ סך פֿאַרוווּנדעטע פּוילישע זעלנער. עס האָט זיך שטאַרק געפֿילט דער מאַנגל אין דאָקטוירים.

צווישן דער יידישער יוגנט איז געווען אַ דראַנג צו מאָביליזירן זיך אין דער פּוילישער אַרמיי, אָבער עס איז נישט געווען קיין אַדרעס צו ווענדן זיך.

דאָס יום־כּיפּורדיקע דאַוונען אין שיל איז געווען טרויעריקער ווי אַלעמאָל. אַן אומבאַהאָלפֿנקייט איז אַלעמען באַפֿאַלן. מען האָט נישט געוווּסט וואָס צו טון און וווּהין צו לויפֿן. ערשט נאָך יום־כּיפּור איז באַקאַנט געוואָרן, אַז די רוסן זענען אַריבער די גרענעץ און אַריין קיין פּוילן. מען האָט געזאָגט, אַז זיי וועלן גיין ביז לובלין און גראַבאָוויץ וועט געהערן צו די רוסן. דאָס האָט אַביסל געהויבן

די שטימונג, אָבער יידן בעלי נסיון האָבן געטענהט, אַז אין אַ מלחמה קען מען קיינמאָל נישט וויסן דעם אויסגאַנג, היינט איז אַזוי און מאָרגן אַנדערש. די יידישע יוגנט פון די לינקע קרייזן האָבן זיך גענומען גרייטן צו העלפן די רוסן באַהערשן דאָס שטעטל. די עלטערע האָבן זיי געוואָרנט, אַז זיי זאָלן זיך נישט אַזוי אַקטיוו אַנגאַזשירן, ווייל דאָס קען זיך אַמאָל נוקם זיין.

וכך הוה, די רוסן האָבן, לויט אַן אָפּמאַך מיט די דייטשן, נאָך עטלעכע וואָכן צוריקגעצויגן זיך ביזן טייך בוג און האָבן דערביי געהאָלפן עוואַקואירן זיך ווער עס האָט נאָר געוואָלט אַרויספאָרן פון שטעטל. טייל יידישע סוחרים האָבן אויפגעלאָדן זייערע סחורות אויף פורן און געפאָרן קיין לודמיר. עס זענען דאַן אַוועק פון גראַבאָוויץ אַן ערך 500 יידן. אויך איך מיט מיין ברודער און שוועסטער זענען דעמאָלט אַוועק פון גראַבאָוויץ.

ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין לודמיר איז די שטאָט שוין געווען פול מיט פליטים און דער גרעסטער טייל האָט געזוכט פרנסה און דאָס האָט לודמיר נישט געקענט געבן. קיין פאַבריקן זענען נישט געווען. די איינציקע אַרבעט איז געווען ביי די באַן־ליניעס און שרייבן טראַנספּאַרענטן לכבוד דער אָקטאָבער רעוואָלוציע. די יידישע פליטים פון גראַבאָוויץ, נישט זעענדיק קיין תכלית פאַר זיך, האָבן באַשלאָסן צו פאָרן אַביסל טיפער אין אוקראַינע, אין רוסלאַנד. אויך איך בין צוזאַמען מיט מיין שוועסטער הענע (היינט אין טאָראָנטאָ) און מיין קוזין דוד גלאמב, זענען מיר מיט די ערשטע עשאַלאָנען אַוועק קיין ראַדזיווילאָוו, אַ וואַרעם יידיש שטעטל מיט האַרציקע יידן, וואָס האָבן געהאָלפן די פליטים מיט דירות און געטרייסט, אַז עס וועט נאָך אַמאָל זיין גוט.

אין ראַדזיווילאָוו האָבן מיר געטראָפן שיינדל ברוכס (גלאמב, היינט אין אַמעריקע) מיט איר משפחה, בעריש רייכמאַן מיט זיין משפחה (די קינדער זייערע לעבן אין ישראל). מיר איז דאַן געוואָרן עטוואָס לייכטער אויפן האַרצן, אָבער דאָך האָב איך זיך אַרומגעקוקט און געזען, אַז עס איז פאַר מיר נישטאָ קיין צוקונפט, בין איך דאַן געפאָרן קיין דובנע, געמיינט דאָרט צו באַקומען אַרבעט, אָבער גלייך איינגעזען, אַז מיין פאָרן איז געווען אומזיסט און כ'בין צוריקגעפאָרן קיין ראַדזיווילאָוו.

גייענדיק אין גאַס איז פאַרביי מיר דורכגעגאַנגען אַ מאַן, וועלכער האָט מיר אויסגעזען צו זיין קענטלעך. באַלד האָב איך זיך דערמאָנט, אַז דאָס איז אַ געוועזענער עסקן פון "אחדות ישראל", אַ רעליגיעזער פליגל פון דער רעוויזיאָ־ניסטישער אָרגאַניזאַציע אין פוילן. כ'האָב אים אָנגעיאָגט און געפרווט מיט אים פאַרפירן אַ שמועס. ער האָט אין אָנהויב מורא געהאַט צו רעדן, אָבער דאָך האָט ער מיך איינגעלאַדן צו קומען צו אים אין שטוב אין אָוונט.

מיר האָבן זיך דורכגעשמועסט און ער האָט מיר פאַרטרויט, אַז ווילנע איז אַריבער צו ליטע און דאָרטן קאָנצענטרירן זיך פּליטים, וואָס האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ ציל עולה צו זיין קיין ארץ ישראל. כדי אָנצוקומען קיין ווילנע האָט מען געדאַרפט אַריבערגיין די רוסיש־ליטווישע גרענעץ. ער האָט מיר געראַטן צו פאָרן קיין לידע, ווו איך וועל זיך קענען דערוויסן מער פּרטים.

קומענדיק מיט דער ידיעה צו מיין קוזין דוד גלאַמב, האָט ער נישט אַרויס־געוויזן קיין גרויס חשק צו פאָרן. ער האָט זיך געשראָקן פאַר די רוסן צו שוואַרצן די גרענעץ און האָט געגלייבט, אַז מען וועט זיך קענען איינאָרדענען אויפן אָרט און איבערלעבן די מלחמה. איך האָב געגומען זוכן אַ פּאַרטנער, וואָס זאָל וועלן מיט מיר פאָרן קיין לידע און מען האָט מיר רעקאָמענדירט אַ ראַדזיווילאָווער בחור, וועמענס פאָטער לעבט אין אַמעריקע. ביידע האָבן מיר זיך גענומען גרייטן צו דער רייזע. מיין ביסל אָרעמקייט האָב איך געלאָזט ביי מיין שוועסטער. איר איז שווער געווען צו געזעגענען זיך מיט מיר, האָט שטיל געוויינט איבער מיין אַוועקפאָרן. אויך מיין קוזין דוד האָט מיך באַגלייט צו דער באַן מיט אַ פּאַר־קלעמט האַרץ.

קיין לידע זענען מיר אָנגעקומען פרייטיק נאָכמיטאָג. די בתי מדרשים זענען פול געפּאַקט מיט פּליטים און מיר האָבן נישט געפינען קיין פּלאַץ ווו אַוועק־צולייגן אונדזערע רוקזעק. כ'האָב געוווּסט, אַז אין לידע לעבט אונדזערס אַ ווייטער קרוב, שמואל בלעכמאַן, אַן אייניקל פון ר' נטעלע, וועלכן מען האָט גערופן דער וואַרשעווער בלעכער. איך האָב זיך קוים דערפרעגט צו אים. ער האָט געוווינט אויף שקאָלנע 10, אָבער אָנקומענדיק אַהין האָבן מיר אים נישט געטראָפן אין שטוב און די באַלעבאָסטע האָט אונדז נישט אַריינגעלאָזט און אויך נישט דערלויבט אַוועקצולייגן די רוקזעק.

ווידער זענען מיר אַוועק אין גרויסן בית המדרש, ווו עס איז אונדז געלונגען צו שאַפן אַ פאַרבינדונג מיט אַ גרופּע, וועלכע איז נאָך דעם זעלבן אָוונט געגאַנגען קיין אײשישאָק, וואָס איז שוין געווען אויף דער ליטווישער זייט.

גייענדיק איבער די גאַסן האָט זיך דאָרט געפילט דער שבת אין יידישן שטעטל. דורך די פענצטער האָבן אַרויסגעלויכטן די שבת־ליכט. יידן זענען געגאַנגען פון דאַוונען אָנגעטון אין שבתדיקע מלבושים, געקוקט מיט רחמנות אויף אונדזער גרופּע, וועלכע האָט געציילט ביי אַ 60 מאַן. ווען מיר האָבן זיך צערעדט מיט די לידער יידן זיי אונדז באַדויערט, וואָס מיר גייען אויף "קרומע וועגן". יידענעס האָבן אונדז אָפּגעהאַלטן: "האָט רחמנות אויף זיך, וווהין גייט איר? מען הרגעט אויף די וועגן, מען שיסט, מען פאַלט אַריין אין די הענט פון נ.ק.וו.ד."...

מיר זענען געווען איינגעקשנט און ווייטער געגאַנגען. מיר זענען אַריין אין אַ וועלדל, אָבער נאָכן אַפּגיין אַ צען קילאָמעטער איז אָנגעלאָפן אַ בחור אין אַ לעדערנע קורטקע און אונדז געהייסן צוריקגיין אין שטאָט אַריין, ווייל אַ גרופּע. וואָס איז אַוועק פאַר אונדז איז פאַרהאַלטן געוואָרן און מיר קענען אויך אַריינפאַלן אין די הענט פון נ.ק.וו.ד.

אָנקומענדיק צוריק אין שטאָט איז דער זייגער שוין געווען נאָך צען. מיר האָבן נישט געהאַט וווּ צו גיין און מיר זענען אַריין אין אַ קליין חסידים־שטיבל, מידע אוועקגעלייגט זיך אויף די בענק. דער שמש האָט געשריגן, נישט געלאָזט בלייבן, אָבער נישט געקענט זיך קיין עצה געבן און רעזיגנירט.

מיר זענען געלעגן מידע פאַרמאַטערטע, אָבער נישט געקענט איינשלאָפן, האָב איך געזאָגט צו מיין חבר, אַז איך וועל פּרוּוון נאָך אַמאָל גיין אויף שקאָלנע 10, צום דערמאָנטן בלעכמאַן. אויב ער וויל, קען ער מיט מיר מיטגיין. ער האָט מורא געהאַט און געפּרוּווט מיך אָפּרעדן, אָבער איך האָב איינגעזען, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו פאַרלירן און בין אַוועק. דאָס מאָל איז מיר געלונגען אים צו טרעפן. דערזייגער איז שוין געווען שפּעט, אָבער שמואל בלעכמאַן איז נאָך געווען וואַך, איז געזעסן מיט זיינע צוויי גראַבאָוויצער קוזינען, די ברידער אברהם און זכריה זאַק. דערזעענדיק מיך, זענען זיי געבליבן אָן לשון, האָבן נישט געקענט פאַרשטיין פון וואַנען איך נעם זיך דאָ אַהער. איך האָב זיי אַלץ דערציילט און זיי האָבן מיך אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס. אברהם זאַק (טשאַרנע נטעלי׳ס זון) האָט מיר געראַטן, איך זאָל בלייבן ביי זיי, אָבער איך בין געווען איינגעעקשנט און געווען דעצידירט צו גיין ווייטער. זכריה האָט זיך אָנגערופן: ״אויב שוין גיין איבער דער גרענעץ טאָ קום מיט מיר. כ׳האָב חברים אין סוּוועניאַן און איך בין אַ בראַקער אין די לינטאָפּער וועלדער, נאָענט צו דער גרענעץ״.

דערויף בין איך איינגעגאַנגען און אַזייגער פינף פאַרטאָגס זענען מיר מיט דער באַן אָפּגעפאָרן קיין סוּוועניאַן, וווּ מיר זענען אַריין צו זכריהס אַ חבר, די משפחה כץ, נישט ווייט פון שיל־הויף.

נאָך צוויי וואָכן בין איך מיט אַ שליטן צוזאַמען מיטן לוקאַטשער רב און נאָך צוויי יידן אַריינגעפאָרן קיין ניי־סוּוועניאַן, וואָס האָט שוין געהערט צו ליטע. מען האָט אונדז אַריינגעפירט צום אָרטיקן רב און נאָך אייניקע טעג בין איך מיט דער הילף פון רבס זון אָנגעקומען קיין ווילנע, וווּ איך האָב געטראָפן חברים פון וואָיסלאָוויץ, שמואל קאָרנפעלד און נחמן שטיין און אויך צוויי חברטעס פון גראַבאָוויץ: חנה זילבערצווייג און לאה שרויט פון קיבוץ ״שחריה״. עס איז געוואָרן אַביסל היימלעכער אויפן געמיט.

פסח צייט בין איך אַוועק פון ווילנע קיין שאוול, וווּ איך האָב באַקומען אַרבעט

און נישט שלעכט געלעבט, אפילו געשיקט פּעקלעך עסנוואַרג קיין גראַבאָוויץ.

אין יענער צייט האָב איך אָפּט באַקומען בריוו פון גראַבאָוויץ, אָבער מען האָט זיך פון זיי נישט געקענט קיין סך דערוויסן. דאָס זעלבע אויך פון די בריוו, וואָס איך האָב באַקומען פון מיין ברודער און שוועסטער. מען האָט נאָר געקענט דרינגען פון זיי, אַז זיי זענען שוין אויסגעניכטערט פון זייער טרוים און זענען צופרידן, וואָס מיר כאָטש לעבט זיך גוט.

די אידיליע האָט אָבער נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. אין יוני האָבן די רוסן אָקופּירט ליטע, לעטלאַנד און עסטאָניע. אייראָפּע איז געווען פאַרנומען פון די דייטשן. פון ווילנע זענען אַ סך אַוועק קיין יאַפּאַן, קיין ארץ־ישראל, קיין אינדיע, אָבער נישט יעדן איז עס געלונגען. טראָץ אַלע באַמיאונגען האָב איך נישט באַוויזן זיך אַרויסצורייסן און בין דערפאַר אַריבער קיין קאָוונע, ווו עס האָט מיך נאָך אַלץ נישט פאַרלאָזט די האָפענונג עולה צו זיין קיין ארץ ישראל.

ווען די דייטשן זענען אָנגעפאַלן אויף סאָוויעט־רוסלאַנד און גענומען גיין פאָרויס אויף אַלע פראָנטן, בין איך צוזאַמען מיט נאָך פיר חברים אַוועק פון קאָוונע. דריי פון זיי זענען געווען פון לאָדזש. דער פערטער ליפּע אייזן איז געווען פון הוסטינע־הרוביעשאָוו. איך האָב אים געקענט פון זיינע באַזוכן אין גראַבאָוויץ. מיר זענען אַביסל געפאָרן מיט רוסישע מיליטערישע אויטאָס, אָבער מערסטנס געגאַנגען צופוס און די דייטשן זענען אונדז פאַרלאָפן דעם וועג. מיר האָבן ווייטער נישט געקענט גיין און צוריק אַוועק קיין ווילנע, יעדער אויף זיין אַלטן אַדרעס. ליפּע אייזן האָט קיינעם נישט געקענט אין ווילנע און איך האָב אים דערפאַר מיטגענומען מיט זיך צו דער משפחה דאַווידאָוויטש, וועלכע האָט אונדז דערלויבט צו זיין ביי זיי, ביז עס איז אַרויס די פאַראָרדענונג, אַז פאַר האַלטן נישט געמאָלדענע דראָט טויט־שטראָף.

קיין געטאָ איז נאָך נישט געווען, אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין האַרץ, אַז אונדזערע באַלעבאַטים זאָלן ריזיקירן מיט זייער לעבן און מיר זענען אַוועק אויף שפּיטאַלנע 9 ווו עס איז געווען אַ קליין בית המדרש. ווען מיר זענען אָנגעקומען אַהין האָבן די יידן געדאַווענט מעריב, אָבער דערנאָך האָט אונדז דער שמש ממש אַרויסגעוואָרפן. מיר האָבן נישט געהאַט וווהין צו גיין האָבן מיר זיך אַוועקגעזעצט הינטער די טרעפּ מיט דער כוונה איבערצוזיצן דאָרט די גאַנצע נאַכט.

אַ מיידל, וואָס האָט געוווינט אין דער פּאַרטער־שטוב אין זעלבן הויז האָט פאַרבייגייענדיק מיך דערקענט און באַלד האָט זיך צעטראָגן איבערן גאַנצן הויז. עס איז געוואָרן אַ גערעדעריי: ווי לאָזט מען דאָס יידן נישט אַריין איבער־נעכטיקן אַ נאַכט? מען האָט אונדז אַריינגעבעטן אין דער שטוב פון דער פרוי שולה שפּירא, אַ האַרציקער מענטש. זי האָט געמאַכט פאַר אונדז אָוונט־ברויט

און מיר זענען דאָרט געבליבן עטלעכע טעג ביז מיר האָבן זיך איינגעמאָלדן און אַריבער צוריק ווילנע אין אונדזער אַלטער וווינונג.

עס זענען פאַרביי עטלעכע חדשים, ביז עס איז געקומען דער טאָג פון דער אויסזידלונג און דאָס פאַרמאַכן די יידן אין געטאָ.

## דער וועג צו די פארטיזאַנער

עס זענען אָנגעקומען קאַשמאַרפולע טעג. איך בין געווען נאָענט צו דער יוגנט, וואָס האָט זיך געגרייט אַרויסצורייסן פון געטאָ אין וואַלד אַריין צו די פאַרטיזאַנער. דער רוב פון דער פ.פ.א. איז אַוועק אין די נאַראָטשער וועלדער, געפירט דורך סווענציאַנער בחורים, וועלכע האָבן זיך גענומען די אויפגאַבע אַרויסצופירן וואָס מער יידן פון די געטאָס און געברענגט זיי אין וואַלד אַריין, אָבער די רעשטלעך מיטן שטאַב פון פ.פ.א. האָבן פלאַנירט צו גיין אין דער רודניצקער פושטשע, לויט דער אָנווייזונג פונעם פאַרטיזאַנישן הויפּט־שטאַב. מען האָט אָבער פון געטאָ נישט געקענט אַרויס, די דייטשן האָבן שטאַרק באַוואַכט די בריקן פון שטאָט. יעדן אָוונט האָט מען זיך געגרייט צום גיין, אָבער אין דער לעצטער מינוט איז געקומען אַ ידיעה, אַז מען מוז אָפּלייגן. דאָס האָט אַלעמען שטאַרק דערשלאָגן.

צו די שווערסטע מאָמענטן אין לעבן געהער דאָס געזעגענען זיך מיט מיין פרויס עלטערן, וועמענס טרערן און פאַרטרויערטע פּנימער האָבן מיך באַגלייט אויף אַלע־מיינע וועגן.

די געשעענישן אין געטאָ זענען געקומען איינע נאָך די אַנדערע, ווי שווערע קלעפּ. אָט איז געקומען דער טאָג ווען דאָס געטאָ איז געוואָרן אַרומגערינגלט און עס האָט זיך אָנגעהויבן די ליקווידאַציע. דאַן זענען מיר אַרויס דורך דעם צוגעגרייטן אַרויסגאַנג פונעם געטאָ, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אויף אויסנאַם־פאַלן דורך די מיטגלידער פון פ.פ.א. און געפירט צו די קאַנאַליזאַציע־רערן, זיי דורכגעקראָכן און אָנגעקומען אויף דער טאַטאַרסקע־גאַס, אין אַ באָמבאַרדירטע הויז, דורך וועלכן מיר זענען אַרויס אין גאַס, ווו עס האָבן שוין געוואַרט אויף אונדז צוויי ליטווישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט דער אונטערערדישער באַוועגונג. זיי האָבן אונדז געוויזן די ריכטונג וווהין צו גיין און דורך וועלכע גאַסן דער וועג איז פריי. אונדזער ציל איז געווען די שטאָטישע שטאַלן, ווו מיר האָבן געדאַרפט איבערוואַרטן ביז די דייטשן וועלן אַראָפּנעמען דעם אויסנאַם־צושטאַנד, וועלכן זיי האָבן דערקלערט צוליב דער ליקווידאַציע פון געטאָ.

פון בערך אַכציק מאַן זענען מיר אָנגעקומען נאָר עטלעכע זעכציק. די איבעריקע זענען געכאַפּט געוואָרן אויף די גאַסן. עס האָבן זיי פאַראַטן די

ריחות פון די קאַנאַליזאַציע־רערן, דורך וועלכער מיר האָבן געמוזט דורכגיין אין משך פון טאָג.

אין דער שטאָטישער שטאַל זענען מיר געזעסן דריי מעת־לעת, ביז עס איז געקומען די ידיעה, אַז די בריקן זענען פריי און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

## דורך בלוטיקע שלאַכטן

עס איז געווען חודש אלול, אינדרויסן האָט געפלייצט אַ גאָס רעגן. געגאַנגען זענען מיר גרופּנווייז, פינף מאַן אין אַ גרופּע, אָפּגערוקט פון זיך אויף עטלעכע מעטער. אַ גאַנצע נאַכט האָבן מיר געשפּאַנט אין די בלאָטעס. צומאָרגנס זענען מיר אָנגעקומען אין דער רודניצקער פּושטשע, ווו מיר האָבן געטראָפן יידישע פּאַרטיזאַנער, שלמה בראַנד, לעאָ בערנשטיין און זייער גרופּע, וואָס האָט געציילט בערך 60 מאַן. אין אָוונט איז אויך געקומען חיים לאַזאַר, וועלכער איז געווען אין צווייטן אָטריאַד. מען האָט זיך אַליין אָפּגעקאָכט עפּעס עסן און עס איז געוואָרן הייטערער. מען האָט זיך דערפילט פריי.

צומאָרגנס האָבן מיר אָנגעהויבן זיך אויפשטעלן ביידלעך פון צוויי און גענומען זיך גרייטן צו דער פּאַרטיזאַנישער טעטיקייט. איך האָב געהערט צו דער אויסשפּיר־גרופּע, כ׳האָב געקענט אַלע וועגן און שטעגן און שוין געהאַט אין



דוד ערליך צוזאַמען מיט זיין פרוי אסתר ערב דער באַפרייאונג.



די אייניקלעך פון מרדכי אהרן דודס ערליך: דוד און חנה שיסלער און מלכה זיסמאַן. צווישן זיי יבל״א: העניע, יוסל און דוד ערליך.

יעדן דאָרף מיינס אַ פּויער, וועלכער האָט מיר איבערגעגעבן די נויטיקע ידיעות. עטלעכע מאָל איז מיר אויסגעקומען צו גיין אויף לויערונגען, וועלכע אונדזער אָטריאַד האָט דורכגעפירט אויף די דייטשע מיליטער־פּאָסטנס. אין איינער אַ שלאַכט איז אונדז געלונגען צו דערהרגענען 12 דייטשן און צו דעראָבערן צוויי מאַשינגעווער און אַ סך ביקסן.

מיר זענען געווען איבער 350 יידן, צעטיילט אין פיר אָטריאַדן. אונדזער אָטריאַד האָט געהייסן "נקמה". עס זענען ביי אונדז געווען דרייסטע בחורים, גוט באַוואָפנט, אָרגאַניזירט אין אַ שטרענגער דיסציפּלין. קיין עסן האָט נישט געפעלט. מיר האָבן געהאַט אפילו אַן אייגענע בעקעריי.

איינמאָל איז געשען, אַז צוויי פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען אַריינגעקומען צו אַ פּויער און געבעטן עסן, האָט מען זיי געגרייט צום טיש און אינמיטן עסן האָט מען זיי דורכן פענצטער דערשאָסן אויף טויט. דער פאַל האָט שווער געווירקט אויף די פּאַרטיזאַנער. דערצו זענען אָנגעקומען ידיעות פון אַנדערע דערפער, אַז די פּויערים באַוואָפענען זיך מיט דער הילף פון די דייטשן. עס איז דאַן געקומען דער באַפעל פונעם שטאַב צו ליקווידירן דאָס דאָרף. מען האָט אַהין אַריינגעשיקט אַ פּאַרטיזאַנער, אַן געוועזענער, אַ קריסט, פאַרשטעלט פאַר אַ פּויער, וואָס זוכט אַרבעט. ער האָט דאָרט געלעבט עטלעכע וואָכן, אויסגעשפּירט ווען עס טוישט זיך די וואַך, וואָס פאַראַ וואָפן זיי האָבן און אַלע זייערע געוווינהייטן. ער האָט




דוד ערליך צווישן אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, ביים אויפנעמען דעם יידיש־רוסישן שרייבער איליא ערנבורג, וועלכער איז געקומען אויף אַ באַזוך אין וואַלד צו זייער קאַמפּס־איינהייט.

אונדז דאָס אַלץ איבערגעגעבן און עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אין אַ זונטיק, ווען אין דאָרף וועט פּאַרקומען אַ חתונה און די פּויערים וועלן זיך אָנשיכורן, וועט דורכגעפירט ווערן די ליקווידאַציע. פון יעדן אָטריאַד זענען צו דער אַקציע צוגעטיילט געוואָרן פּאַרטיזאַנער־גרופּן, צוזאַמען ביי 140 מאַן. פּאַרטאַגס זענען שוין אַלע געווען אויף זייערע פּלעצער, אַרומגערינגלט דאָס דאָרף פון אַלע זייטן, אָפּגעשניטן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג און באַזעצט אַלע וועגן, דורך וועלכע עס וואָלט געקענט קומען הילף פאַרן דאָרף.

דאָס אַלץ איז געטון געוואָרן מיט אויסערגעוויינלעכער פלינקייט. באַלד איז אויסגעשאָסן געוואָרן אַ רויטע ראַקעטע, וואָס איז געווען דער אָנזאָג פאַר די גרופּן, וואָס האָבן געדאַרפט אונטערצינדן דאָס דאָרף. זייער וויניק פּויערים איז געלונגען צו אַנטלויפן פונעם פייער, אָבער אויך זיי זענען דערשאָסן געוואָרן. נאָך צוויי שעה איז די אַקציע געווען פאַרענדיקט. דאָס דאָרף איז אָפּגעווישט געוואָרן פון דער ערד. אַלע פּאַרטיזאַנער האָבן זיך אומגעקערט בשלום אין וואַלד.

די ידיעה וועגן דער דורכגעפירטער אַקציע איבערן פאַרעטערישן דאָרף האָט זיך פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער געגנט. פון פּאַרטיזאַנער־שטאַב איז אַרויס אַ מעלדונג צו אַלע אַרומיקע דערפער, אַז אויב זיי וועלן ביז אַ וואָך נישט אָפּגעבן די פּאַרטיזאַנער דאָס געווער, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די דייטשן, וועלן זיי האָבן דאָס זעלבן סוף ווי דאָס דאָרף קאַניוכי.

די מעלדונג האָט אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף אַלע פאַרעטערישע דערפער און זיי האָבן אַרויסגעשיקט דעלעגאַציעס צום וואַלד, צוגעזאָגט אָפּצוגעבן דאָס גאַנצע געווער און פאַרזיכערט צוצושטעלן דעם געפאָדערטן קאָנטינגענט עסן. זיי האָבן איבערגעלאָזט ביי די פּאַרטיזאַנער 10 ערובניקעס, אַז עס וועט גאַרנישט פּאַסירן די פּאַרטיזאַנער, וואָס וועלן קומען אָפּנעמען דאָס געווער.

זייט דאַן האָט זיך די שטימונג אין וואַלד געהויבן. מען האָט זיך געקענט פריי באַוועגן אין די דערפער, ווו די פּויערים האָבן אונדז אויפגענומען פריינטלעך און צוגעשטעלט דאָס עסן וויפל מען האָט געוואָלט.

די ידיעות פון די פראָנטן זענען אויך געווען פריידיקע. די דייטשע אַרמייען האָבן געליטן איין מפּלה נאָך דער אַנדערער. נאָך סטאַלינגראַד האָט זיך אָנגעהויבן דער צוריקמאַרש און די רויטע אַרמיי האָט באַפרייט איין שטאָט נאָך דער

ענדלעך איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די רויטע אַרמיי מאַרשירט אין דער ריכטונג פון ווילנע.

דעם 10־טן יולי 1944 זענען מיר אַרויס פון וואַלד אין דער ריכטונג פון שטאָט און מיר האָבן זיך צונויפגעטראָפן מיט דער רויטער אַרמיי, מיט יידישע

זעלנער און אָפיצירן, וועלכע האָבן צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן מיט פּאַרטיזאַנער די שמחה איז געווען אין לשער.

אין יענעם טאָג איז צו אונדז געקומען דער באַרימטער יידיש־רוסישער שרייבער איליא ערענבורג, וועלכער האָט מיט געוואַלטיקן אינטערעס זיך צו־געהערט צו אונדזערע שמועסן און אַליין אויך דערציילט פּאַרשידענע עפּיזאָדן פון די גרויסע שלאַכטן.

ווילנע איז שוין דאַן געווען אַרומגערינגלט, אָבער די דייטשן האָבן נאָך אַלץ געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. די רויט־אַרמייער האָבן אונדז אָפּגעהאַלטן אויף דעם פּלאַץ און ערשט דעם 12־טן יולי זענען מיר אַריין אין שטאָט, ווו מען האָט נאָך געשאָסן פון די דעכער. אויף וועלכע עס האָבן זיך נאָך געהאַלטן רעשטלעך דייטשע זעלנער. ביי אונדז זענען פאַרוואונדעט געוואָרן פיר פּאַרטיזאַנער, אָבער דער גייסט איז געווען אַ קעמפערישער און מיר האָבן זיך אַריינגעריסן אין שטאָט, ליקווידירנדיק די דייטשע זעלנער, וועלכע האָבן נאָך געפּרווּוט קעמפן. צענדליקער דייטשן זענען דאַן געפאַלן פון די פּאַרטיזאַנישע קוילן. מיר האָבן באַהערשט די שטאָט, באַזעצט די אַמטן און אַרום אונדז האָבן זיך געגומען זאַמלען די רעשטליך יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין פאַרשידענע פּלעצער און דערזעענדיק אונדז האָבן זיי זיך אַזש צעוויינט פון פרייד.

מיר האָבן זיי אויפגענומען מיט דער גרעסטער האַרציקייט, געגעבן זיי עסן צוזאַמען מיט אונדז און באַמיט זיך צו העלפן זיי מיט אַלעם, וואָס מיר האָבן געקאָנט.

פאַר אונדז, ציוניסטישע יוגנטלעכע אין דער פּאַרטיזאַנער באַוועגונג, האָט די באַפרייאונג באַדייט אויך די ווידעראויפלעבונג פון געדאַנק ממשיך צו זיין אין דער ריכטונג פון עליה קיין ארץ ישראל. אין מערץ 1945 בין איך שוין געווען אין לובלין, ווו עס איז געווען דאָס זיץ־אָרט פון דער נייער פוילישער רעגירונג.

נאָך צוויי חדשים, סוף מאַי בין איך שוין געווען אין רומעניע און ווייטער געשפּאַנט דורך אונגאַרן און עסטרייך. ביז מיר זענען, מיט דער הילף פון דער יידישער בריגאַדע, אָנגעקומען קיין איטאַליע, ווו מיר זענען אַרויף אויף דער שיף קיין ארץ ישראל.

אונדזער שיף איז אַריינגעפאַלן צו די ענגלענדער, וועלכע האָבן אונדז פאַר־טריבן קיין ציפּערן, אַזוי אַז ערשט אין יאָר 1947 זענען מיר אָנגעקומען קיין ארץ ישראל, ווו איך בין גלייך אַריינגעטראָטן אין די רייען פון אצ״ל, פון וואַנען עס האָט מיך געפירט דער וועג צו צה״ל און אָנטיילגענומען אין דער באַפרייאונגס־מלחמה צוזאַמען מיט אַ סך פון מיינע וואַלד־חברים.

## שפרה פישמאַן־שיסלער

# מיט געווער אין האַנט



סך איז פֿאַראַן צו דערציילן וועגן די בלוטיקע טעג אין גראַבאָוויץ זינט די דייטשן זענען אַריין ביזן ליק־ווידירן די לעצטע יידן אין אונדזער שטעטל. יעדער פֿון די, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט, דאַרף עס דער־ציילן, עס זאָל בלייבן איינגעקריצט אין די הערצער פֿון אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער, אויף אייביקע דורות. איך, צוזאַמען מיט מיין שוועסטער איטע זענען מיר פֿון די זייער ווייניק־געבליבענע גראַבאָוויצער יידישע טעכטער פֿון יענער גרויזאַמער צייט פֿון אומקום. וויפֿל און וואָס כ׳זאָל נישט אָנשרייבן איז עס דאָך אַזוי נישטיק און בלאָס אין פֿאַרגלייך מיט דעם וואָס איך האָב איבערגעלעבט. כ׳וויל דערפֿאַר דאָ אַרויסברענגען בלויז קורצע פֿראַגמענטן פֿון מיין אָנטייל אין יידישן ווידערשטאַנד, אינעם העלדישן קאַמף פֿון יידישע פּאַרטיזאַנער קעגן די שונאים פֿון יידישן פֿאָלק.

די מלחמה־געשעענישן זענען געלאָפֿן איינע נאָך די אַנדערע, יידיש בלוט האָט זיך געגאָסן אין שטעטל. ווער עס האָט געקענט, האָט געפּרוּווט זיך ראַטעווען אין די דערפֿער, אָבער יידיש לעבן איז אומעטום געווען הפקר. יעדער טאָג איז געווען פֿול מיט סכנות. די יוגנט אָבער האָט זיך נישט געוואָלט אַזוי גרינג אונטערגעגעבן און געפּרוּווט זיך פֿאַרבינדן מיטן וואַלד, אָבער זייער ווייניק האָבן באַוויזן דאָס צו דערגרייכן.

ווען מיר איז געלונגען אַריינצוקריכן זיך אין האַרשעווער וואַלד, האָב איך דאָרט געטראָפֿן דעם גראַבאָוויצער ירמיה, מיט אַ זון און צוויי טעכטער. זיי זענען שפּעטער געהרגעט געוואָרן אין זעלבן וואַלד.

די טעג אין וואַלד האָבן זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט. מיר האָבן זיך עס גאָרנישט געקענט פֿאָרשטעלן וואָס פֿון אַ מענטש קאָן ווערן אין אַזאַ קורצער צייט. מ׳האָט זיך אַליין נישט דערקענט. די ווילדסטע פֿאַנטאַזיע האָט נישט געקענט צוטראַכטן אַזעלכע געשעענישן, וואָס אונדז איז אויסגעקומען דורכצומאַכן, אין באַהעלטענישן צווישןביימער און אין סכראָנען, אין צוזאַמענשטויסן מיט ווילדע

פּוילישע און רוסישע באַנדעס און מיט דייטשן. עס זענען געווען טעג און נעכט פון שרעק, ווען אין מוח האָט געעקבערט דער צווייפל, צי מיר וועלן דאָס אַלץ קאָנען איבערהאַלטן. ערשט ווען מיר זענען אַריין אין קאַמף און אונדז איז געלונגען דורכצופירן אַקציעס קעגן דייטשן מיליטער, האָבן מיר זיך דערפילט דערמוטיקט, אָבער נישט איינמאָל איז מיר און מיין שוועסטער איטע אויסגעקומען צו קוקן דעם טויט אין די אויגן און נאָר אַ נס האָט אונדז אָפּגעראַטעוועט פון זיכערן טויט. מיר האָבן געזען דעם וואַלד אָן אָנגעזאַפּטן מיט יידיש בלוט, אָבער אויך מיט דער נקמה, וואָס יידישע בחורים האָבן גענומען אין די דייטשע מערדער.

מען דאַרף געדענקען, אַז מיר האָבן זיך די גאַנצע צייט געפונען צווישן צוויי שונאים: דייטשן און פּאַליאַקן, ביידע האָבן זיך גענומען די מיסיע צו הרגענען יעדן אָנגעטראָפענעם ייד. גאָר קליין איז געווען די צאָל פּאָליאַקן, וואָס האָבן געוואָלט אונדז העלפן. פון אַלע זייטן האָבן באַנדעס געלויערט אויף אונדז ווי שאַקאַלן אויפן פלייש פון פאַרווונדעטע.

דאָס לעבן אין וואַלד האָט אונדז פאַרשאַרפט די חושים און אונדז באַשאָנקען מיט אַזעלכע פעאיקייטן, וואָס נאָר די סכנה אַליין האָט זיי פאַר אונדז געשאַפן. מיר האָבן זיך אויסגעלערנט די אַלע צייכנס, מיט וואָס איינער מיטן צווייטן האָבן זיך פאַרשטענדיקט. ווי זאָגט דאָס ווערטל: נויט ברעכט אייזן. דער דראַנג צום לעבן האָט באַזיגט די שרעק און פחד און אויף זייער אָרט איז געקומען דער גלויבן, אַז מיר וועלן פאָרט דערלעבן דעם נצחון איבער די דייטשן.

אין דער געדיכטעניש פון וואַלד האָט זיך געקאָכט אַ לעבן, וואָס איז נישט איינמאָל געווען פיינלעכער ווי דער טויט אַליין. עס זענען געווען צייטן, ווען מיר זענען געווען ווי פאַרבלאָנדזשעטע שאָף, אָן אַ פּאַסטעך, אָן אַ ועגווייזער, אָן אַ גואל, אויסגעשטעלט אויפן גורל, וואָס האָט אונדז געקענט יעדע רגע פאַר־שניידן, פאַרטיליקן. נישט איינמאָל זענען מיר אין די גרויסע פרעסט געבליבן באָרועס, אָפּגעריסן־אָפּגעשליסן, אין הוילע טראַנטעס און אַזוי געזוכט אַ באַהעל־טעניש אין וואַלדיקן שניי און אין די קלעפּיקע בלאָטעס. די ווינטן האָבן זיך טיף איינגעשניטן אין דער הויט און די פיס זענען געוואָרן געשוואָלן און פאַר־ווונדעט. עס זענען געווען מאָמענטן, ווען באַהערשטע פון יאוש האָבן מיר זיך אָנגעהויבן האַלטן ווי פאַרמשפטע צום טויט, נישט וויכטיק ווען ער וועט קומען, פריער צי שפעטער. אין אַזעלכע שווערע צייטן איז אומסגעריכט געקומען עפּעס אַ ווונדערלעכע פּאַסירונג און אונדז אָפּגעראַטעוועט, געמוטיקט צום ווייטערדיקן אויסהאַלטן די צרות און יסורים.

כ׳זע פאַר זיך די פנימער פון די טרייע בחורים: משה, דודטשע, העניך,

שמואליק סמאָליאַר, יורעק. כ׳קען נישט פאַרגעסן מיט וואָס פאַר אַ התלהבות זיי האָבן זיך געריסן צום קאַמף קעגן די דייטשע רוצחים. פון פאַרטיידיקונג האָט מען אָנגעהויבן איבערגיין צו נקמה־אַקטן. סיי די רוסישע און סיי די פוילישע פאַרטיזאַנער האָבן דערזען, אַז יידן קענען קעמפן מיט געווער אין האַנט. זיי האָבן געזען אונדזער אויסערגעוויינלעכן דראַנג צו מעשים, ווען אפילו די מעגלעכ־קייטן זענען געווען ביז גאָר באַשיידענע. דערפאַר אָבער זענען אונדזערע הערצער געווען צעפלאַמט און מיר האָבן נישט געוואָלט זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. כדי מיין אָנטייל אין די פאַרטיזאַנער־אַקציעס זאָלן זיין וואָס נוצלעכער האָב איך אין וואַלד דורכגעמאַכט אַ קורס פון קראַנקנשוועסטער, צו קענען געבן גיכע הילף פאַרוואונדעטע פאַרטיזאַנער. כ׳האָב זיך אויך געלערנט אומגיין מיט געווער. יעדן טאָג האָבן פּאַסירט פאַרשידנערליי פארפאלן און צוזאַמענשטויסן. דער גורל איז ווייט נישט געווען בארעמהארציק צו אונדז. מיר זענען געפרווט געוואָרן אין אַלערליי פייערן. אַ סך יונגע העלדישע לעבנס זענען פאַרשניטן געוואָרן אין די אַקציעס און שלאַכטן מיט דייטשע זעלנער. דער טויט פון יעדן איינציקן קעמפער איז פאַר אונדז געווען אַ שווערער קלאַפּ אין די סכנות האָבן נישט אויפגעהערט צו לויערן. דער וואַלד האָט אָן אויפהער געקאָכט און געברענט און מיר האָבן כסדר געמוזט שטיין אויף דער וואַך. מיר האָבן כסדר געדענקט, אַז נאָענט פונעם וואַלד ליגט אויסגעשפרייט די דייטשע פעסט, וואָס געוועלטיקט איבער האַלב אייראָפּע און מיר זענען געצייילטע, וועלכע האָבן באַוויזן צו דער־גרייכן צום וואַלד און ער שיצט אונדז קעגן לויערנדיקן שונא, וועמענס מאָרד־מאַשין האָט געאַרבעט אָן איבערייס. אונטער דער שוץ פונעם וואַלד האָבן די פאַרטיזאַנער געגרייט די אַקציעס, אויף וועלכע מיר פלעגן אַרויסגיין אין די נעכט און די צייט האָט געטון דאָס איריקע און מיט יעדן טאָג איז אונדזער ווילן געוואָרן שטאַרקער און דעצידירטער און אונדזערע קאַמפּס־פלענער דרייסטער און געוואַגטער.

אין אונדזער טאָג־טעגלעכער פאַרטיזאַנער־אַרבעט איז אונדז אויסגעקומען אויך צו פירן אַ קאַמף קעגן אוקראַינישע און פוילישע פאַרעטער, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. אונדזער איינהייט האָט ליקווידירט אַ שיינע צאָל אַזעלכע אַגענטן, וואָס זענען געשטאַנען אין וועג און אַקטיוו מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן. אַ געוויס מאָל איז געוואָרן באַשלאָסן אָפּצורעכענען זיך מיט פויערים, וואָס האָבן אויסגעגעבן אַ באַהעלטעניש מיט יידן. אין אַן אַנדער דאָרף האָבן די פויערים זיך אַריינגעריסן אין וואַלד, ווו יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און מיט העק און מעסערס זיי אויסגעמאָרדעט. אַ לענגערע צייט האָבן מיר זיך צו יענעם דאָרף נישט געקענט צוקריגן, ווייל עס זענען דאָרט געווען אַ סך

דייטשן און אונדזער כוח איז געווען צו קליין. שפּעטער, ווען אונדזער אָטריאַד האָט זיך געשטאַרקט און דער רינג אַרום אונדז איז געוואָרן שוואַכער, האָבן מיר זיך מיט די באַנדיטן אָפּגערעכנט פֿאַרן בלוט פֿון יענע יידן.

די באַנדיטן האָבן אָנגעטאָן צרות נישט נאָר יידן, נאָר אויך רוסישע און פּוילישע פּאַרטיזאַנער. זיי האָבן שפּיאָנירט פֿאַר די דייטשן און זיי אויסגעגעבן די ערטער, ווו די פּאַרטיזאַנער געפֿינען זיך.

געווען אָבער אויך דערפֿער, ווו די פּויערים זענען געווען מיט אונדז אין גוטע באַציאונגען, געשטאַנען אין שטענדיקער פֿאַרבינדונג מיט אונדזערע קאָמאַנדירן, געמאָלדן, אַז די דייטשן האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן שפּיאָנען אין וואַלד אַריין. זיי זענען געווען איבערגעטון ווי פּאַרטיזאַנער אָדער ווי בעטלערס און פּאַסטוכער.

כ׳נעם זיך נישט אונטער צו באַשרייבן אַלע שלאַכטן, וועלכע אונדזער פּאַרטיזאַנער־איינהייט איז אויסגעקומען צו פֿירן. עס זענען געווען צייטן, ווען די לאַגע איז געווען נישט קיין פֿריילעכע. מיר האָבן אָבער נישט איינגעבראָכן זיך. אַזוי האָבן מיר געלעבט און געקעמפֿט, ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט. די קרבנות, וואָס זענען געפֿאַלן, האָבן אונדז נישט אנטמוטיקט, נאָר געשטאַרקט אונדזער ווילן צו נעמען נקמה.

דאָס האָט זיך געצויגן ביז עס האָט זיך דערנעענטערט די רויטע אַרמיי און באַפֿרייט די געגנט. אַ סך פֿון אונדזערע פּאַרטיזאַנער זענען איינגעגלידערט געוואָרן אין די איינהייטן פֿון סאָוויעטישן מיליטער. מיר איז נאָך אויסגעקומען צו וואַנדערן איבער די רוסישע שטעט און שטעטלעך און מיינע אויגן האָבן זיך אָנגעזען די חורבות פֿון אַן אונטערגעגאַנגענער יידישער וועלט, אָבער אין האַרצן האָב איך געטראָגן די דערינערונגען פֿון די יידישע גבורים, די גבורה און קרבנות־גרייטקייט, וואָס זיי האָבן אַרויסגעוויזן אין די שלאַכטן מיט די היטלעריסטישע רוצחים.

דאָס איז נאָר אַ קליינער טייל פֿון מיין לעבן אין וואַלד. איך האָב נאָך אַזויפֿיל אויף מיין האַרצן, אָבער נישט אַלץ לאָזט זיך אויסדערציילן. פֿאַראַן אַזויפֿיל פּאַסירונגען און איבערלעבענישן, וואָס מען קען נישט אָנקליידן אין ווערטער און עס איז איבער מיינע כוחות אַלץ אַרויסצוגעבן אויפֿן פּאַפּיר. זאָלן מיינע קורצע פֿאַרצייכנונגען זיין אַן אָנדענק פֿאַר די יידישע גבורים, וועלכע האָבן נקמה גענומען פֿאַרן פֿאַרגאָסענעם אומשולדיקן בלוט פֿון זייערע פֿאַרשניטענע משפּחות און זענען געפֿאַלן אין העלדישן קאַמף.



